ישראל וו. מאַרקוס

# געקליבענע פּערל
## פון אונזער קולטור-אוצר



באַנד I

בראשית • שמות • ויקרא

פאַרלאַג מ. צעשינסקי, שיקאַגאָ

עס איז שוין אַרויין אין דרוק:
צווייטער באַנד „געקליבענע פּערל“
אויף „במדבר“, „דברים“, „שיר
השירים“, „קהלת“, „רות“, און
עסייען און מעדיטאַציעס איבער
אַלע ימים טובים . . . .

ג ר י י ט צ ו ם ד ר ו ק :
דריטער באַנד „געקליבענע פּערל“—
„וואָס ז׳ער נביא זאָגט“ . . . .



2720 W. Division St.
Chicago, Ill.

566

צו מיין ליבן ברודער —

**הרב הגאון ר׳ ברוך מארקוס שליט״א**

רב הראשי פון חיפה, ארץ ישראל

**און אנדענק**

**פון אונזערע עלטערן נ״ע**

# פאָרוואָרט פון דרי שלמה גאָלדמאַן

דער אידישער ליטעראַרישער געניוס צייגט זיך אַרויס אַמשאַרפסטן און טיפסטן אין דעם לאַקאָנישן מאמר, אין דעם באַגרעניצטן וואָרט — אין דעם אַפאָריזם. כמעט די גאַנצע ביבלישע ליטעראַטור באַשטייט פון אַזעלכע געלונגענע, געשליפענע און פאַרשפיצטע פראַזן און עס קען זיין, אַז די גרויסע פּאָ־פולאַריטעט און אוניווערסאַלע פאַרשפרייטונג פון דעם תנ״ך איז פונקט אַזוי פיל דער רעזולטאַט פון אָט דער געלונגענער שפּראַך־פּאָרמע, ווי פון דער רייכקייט און טיפקייט פונם געדאַנק. דער איד קען זאָגן אַ סך, אויסגיסן אַ ים טיפקייט, אויס־דריקן אַ שלל פון געדאַנקענרייכקייט אין אַ וואָסערע דריי־פיר ווערטער.

די פּאָעטישע סטרוקטור פון אונזער ליטעראַטור איז, צום גרעסטן טייל, באַגרעניצט אויף דעם קורצן פּאַראַלעליזם. אָט זאָגט זיך אַ איד:

„השמים מספרים כבוד אל

ומעשה ידיו מגיד הרקיע״.

אָט אַזאַ פּאָעטישן פּאַראַלעליזם קען מען ניט פאַרגעסן, ניט צוליב דעם געדאַנק און ניט צוליב דער קורצער, קאָנדענסירטער און קאָנצענטרירטער פאָרמע.

די תלמוד׳ישע און מדרש׳ישע ליטעראַטור, ווען זי באַשעפטיקט זיך ניט מיט הלכה, ווען זי איז ליטעראַריש אָדער פילאָזאָפיש, איז אויך קאָנדענסירט אין איר סטיל און צמצומדיק אין איר וואָרט. אַלס אַזעלכע זייבען אירע אגדות און מאמרים פּערלען פון ווערט און פון שענקייט פאַר זיך אַליין. זייער ווערט פאַרמערט זיך, אָבער, און זייער שענקייט ווערט מער רייצנד, ווען דו ווייסט ווי אַזוי זיי צוזאַ־מענצושטעלן און זיי צו באַלייכטן מיט דעם מאָדערנעם געדאַנק.

און דאָ האָט אונזער פריינט, דר׳ ישראל וו. מאַרקוס, באַוויזן זיין גרויסן כח און געניאַלן טאַלאַנט אין זיינע „געקליבענע פּערל פון אונזער אַלטן קולטור־אוצר״, וועלכע ער האָט צוזאַמענגעשטעלט, אין פאַרבינדונג מיט דער סדרה פון דער וואָך, אַרויסברענגענדיק, דורך מייסטערהאַפטע עסייען, אונזערע אייביקע נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע קולטור־ווערטן, לויט דער פילאָזאָפיע פון אונזערע גרויסע חכמים, וועלכע האָבן אויסגעפורעמט דעם נוסח און אינהאַלט פון רעליגיעזן אידנטום.

אָנגעזאַפּט מיט דער אַלטער ליטעראַטור, באַקאַנט אין כמעט אַלע ווינקעלעך וואו אָט די פּערלען גליהען און גלאַנצן, גוט באַהאַוונט אין דעם מאָדערנעם דענקען,

און באַזיצנדיק אַן אָריגינעלע שעפערישע קראַפט, האָט דער מחבר ניט בלויז „צו־נויפגעקליבן" די פּערל, נאָר ער האָט אין זיינע עסייען זיי קינסטלעריש איבערגע־שליפן, און די פּערל פינקלען מיט זיין אייגענער געדאַנקענרייכקייט.

די „געקליבענע פּערל" פון דר' מארקוס זיינען, אייגנטליך, עסייען איבער אַלגעמיינע און נאַציאָנאַלע קולטור־פּראָבלעמען, געבויט אויף מאמרי חז"ל, און דאָס האָט ער געטאָן אויף אַ גאָר קינסטלערישן אופן.

איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז די עסייען פאַר זיך אַליין זיינען אין אַלגעמיין באַזירט אויף לעבנס־נסיונות, טיפן דענקען און גרויסער בקיאות פון מאָדערנער ליטעראַטור. יעדע עסיי איז אַ גרויסע שטיק אַרבעט, וואָס איז באַזירט אויף מענש־לעכן דענקען און פילן, און עס וואָלט זיי געמעגט שאַפן אַ כינעזער, אָדער אַן ענג־לענדער, אָדער אירגנד וועלכער דענקענדיקער געלערנטער מענש, וואָס האָט ניט קיין שום ידיעה אין אונזערע ספרים. אָבער דר' מארקוס האָט באַוויזן אַזוי צו־צופּאַסן און אַריינצופּאַסן די אַלטע פּערל אין זיין נייער אַרבעט, אַז עס איז געוואָרן איין אָרגאַניש שטיק. און דאָס מאַכט זיין ספר אַזוי בולט און אַזוי אנציִענדיק. עס איז ניט קיין געוויינלעכער פירוש, אָדער פאַרטייטשונג פון מאמרי חז"ל. דאָס זיינען אויך ניט קיין מאָדערנע דרשות, אין דעם אָנגענומענעם זין פון וואָרט (הגם רבנים און דרשנים וועלן אין זיי געפינען אַ פּאַרטיקן מאַטעריאַל פאַר גייסטרייכע דרשות). די „געקליבענע פּערל" זיינען, אָבער, מער ווי דאָס. זיי זיינען ליטעראַרישע אָפּ־האַנדלונגען איבער דעם רעליגיעזן אידנטום אין פאַרבינדונג מיט אַלגעמיינע קול־טור־פּראָבלעמען. דאָס האָט אַן אָריגינעלער מענש, אַ זעלבסטשטענדיקער דענקער, מיט געשמאַק און טאַלאַנט, צוזאַמענגעשמאָלצן דאָס זייניקע, דאָס אייגענע, וואָס איז גליהענדיק און בליצנדיק, מיט דעם אַלטן פון אַמאָל.

ש ל מ ה  ג אָ ל ד מ אַ ן.

# פון דעם מחבר

אונזער רייכע תורה־ליטעראַטור האָט זיך, דורך די דורות, אַנטוויקלט אויף די צוויי שפּעריש ליניעס פון היסטאָריש־אידישן געדאַנק, הלכה און אגדה, וועלכע בילדן דעם קאָפּ און די האַרץ פון רעליגיעזן אידנטום.

די הלכה איז יענער ריזיג־מח׳דיקער טייל פון דער תורה שבעל פה, וואָס גיט זיך אָפּ מיט האָר־שפּאַלטנדיקע פראַגעס און חריפות־דיקע דיסקוסיעס בנוגע די פּראַקטישע דינים, יורידישע געזעצן און מצוות מעשיות, וועלכע דאַרפן דורכגעפירט ווערן אין לעבן פון יחיד, ווי פון כלל, לויט דעם גע־שריבענעם געזעץ, אָדער תורה שבכתב.

די אגדה אַנטהאַלט די פילאָזאָפיע, עטיק און וועלט־באַנעם פון כמעט דיזעלביקע גייסטיקע ריזן אונזערע, וועלכע האָבן באַשאַפן די הלכה, וואָרום זיי, אונ־זערע גרויסע חכמים פון תלמוד און מדרש, זיינען אויך געווען געניאַלע דענקער, פילאָזאָפן, דיכטער און טרוימער, מיט ליכטיקע העלזעהערישע אויגן, וואָס האָבן מיט זייער בליק, גאַנץ אָפט, אַנגעשפּאַרט צו קאָסמישע הויכן.

אין דער אגדה שפּיגלט זיך אָפּ אַמבולטסטן דער אייגנאַרטיקער אידישער קוק אויפן לעבן. איר געפינט דאָרט טיפע לעבנס־חכמה, פי־לאָזאָפישע מעדיטאַציעס איבער ג—ט און וועלט, ליטעראַרישע און פּאָעטישע פּערל אין קורצע, צמצומדיקע מימרא׳ס, בילדערישע משלים און אַלעגאָרישע מעשה׳לעך, און אַלץ איז דורכגעזאַפּט מיט דעם פרום־רעליגיעזן אידישן וועלט־באַנעם.

און פּאַראַפראַזירנדיק אַ מאמר חז״ל וועגן דעם גרויסן באַדייט פון אגדה, וואָלט מען געקענט זאָגן: „אויב דו ווילסט דערקענען דעם אידישן פאָלקס־געניוס, זאָלסטו לערנען אגדה, וואָרום דורך דעם וועסטו דערקענען דיין פאָלקס־נשמה און דו וועסט זיך באַהעפטן אין אירע וועגן״ . . .

וואָרום מער ווי אַלץ האָט די אגדה באַווירקט און אויסגעפורעמט די גייסטיק־אידישע קאָלעקטיווע פּערזענלעכקייט. עס איז טאַקע אמת, אַז דער תנ״ך איז דער אורקוואַל, וואָס האָט באַפרוכפּערט דאָס פעלד פון דער גרויסער רבנישער ליטעראַטור. אָבער, פאַר איבער צוויי טויזנט יאָר (מ׳קען זאָגן, זינט דער תקופת אנשי כנסת הגדולה), איז דאָס אידיש פאָלק געשטאַנען אונטער דער דירעקטער השפעה פון די שאַפער פון דער תורה שבעל פה, וואָס האָט אַנגעפילט מיט אינהאַלט און אויסגעפורעמט דעם לעבנס־נוסח פון דעם אידנטום פאַר אַלע צייטן.

עס איז אַזוי, ווי איינער באָדט זיך אין אַ טייך, נישט ווייסנדיק און נישט פילנדיק, אַז זיינע שטראָמען פליסן דורך פעלזן און שפּאַלטן, פון אַ ווייטן, אומהער־שעפּלעכן רעזערוואואַר. אַזוי האָט זיך דאָס אידנטום געטובלט, פאַר די לעצטע פּאָר טויזנט יאָר, אין די וואַסערן פון רבנישן אידנטום, נישט פילנדיק, אַז זיי שטראָמען פון דעם אורקוואַל פון תנ״ך . . .

איז דאָך די א ג ד ה די גייסטיקע שפּייז, מיט וועלכער אונזערע פרומע פאָלקס־מענטשן האָבן זיך געקוויקט, זיצנדיק אין די בתי מדרשים אין אַ שבת, אַ יום טוב, אָדער אין די וואָכעדיקע פאַרנאַכטן, ביים „עין יעקב״, „מנורת המאור״, „נופת צופים״, אָדער גאָר הערנדיק אַ מגיד, וואָס פלעגט נאָך צולייגן אַ נופך משלו, אין דער שילדערונג פון דער א ג ד ה מיט אַ מתיקות׳דיקן ניגון. דאָס זיינען דאָך געווען זייערע איינציקע „וועלטלעכע״ תענוגים אין זייער אָרימען געדריקטן לעבן, ווי דער קהלת רבה טייטשט עס גאַנץ ריכטיק: „ותענוגות בני אדם״ — אלו אגדות . . .

און אויב די ה ל כ ה איז געגליכן צו אַ דיקן פאַרוואַקסענעם און פאַר־פּלאָנטערטן וואַלד, וואו בלויז אַ געניטער און דערפאַרענער גייער קען געפינען אַ וועג, איז די א ג ד ה , ווי היינריך היינע האָט עס באַצייכנט, אַ ליכטיקער, שמעקנדיקער און דערפרישנדיקער בלומענגאָרטן.

צום באַדויערן, האָט די דרש׳נישע אויסטייטשונג פון דער א ג ד ה אָנגענומען אַ פאַלשע ריכטונג און איז געשלאָגן געוואָרן מיט דערזעלביקער מכה פון „פאַלשן פּלפּול״, ווי די ה ל כ ה . זייענדיק דער איינציקער קוואַל פון דרשות פאַרן פאָלק, האָבן מאַנכע רבנים, מגידים און דרשנים אויך אין אָט־דעם שטילן, רואיקן, פּאָעטישן און מעדיטאַטיוון געביט פון רעליגיעזן פאָלקלאָר אַריינגעשלעפּט די פּלפּולדיקע קונסט פון צונויפפּירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. מ׳האָט געזוכט אַרויסצו־ברענגען אין דער ד ר ש ה אַ פּשט׳ל, אַ מח׳דיקע בריהשקייט, און דער אמת׳ער, לעבעדיקער אַפילו, דער פילאָזאָפישער אָדער ליטעראַרישער זין פון דעם מאמר חז״ל איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

אויך אונזערע מאָדערנע קולטור־שאַפער האָבן שטאַרק געזינדיקט קעגן אָט דעם אַלטן קוואַל אונזערן פון פּאָעטישער שענקייט און געדאַנקענרייכקייט, אין וועלכע עס לויכטן אַזעלכע אייביקע קולטור־ווערטן פון נאַציאָנאַלן און אוניווער־סאַלן באַדייט און וועלכע וואָלטן געדאַרפט, דורך ליטעראַרישע און קינסטלערישע פאָרמען, געבראַכט ווערן צום פאָלק.

באַזונדערס איז דאָס וויכטיק אין דער איצטיקער טראַגישער צייט פון מלחמה און חורבן, ווען די עמודי התבל טרייסלען זיך, די גאַנצע מענשהייט איז צעטיילט אין אַ לעבן־ און טויט־קאַמף, און אונזער פאָלק גייט דורך אַזאַ מוראדיקע קאַטאַס־טראָפע — איצט, זאָג איך, אין דער קריטישסטער צייט פון אונזער געשיכטע, ווען אידן ווערן באַדראָט מיט אינערלעכער פאַרצווייפלונג און גייסטיקן פּאַראַליז; ווען גלויביקע אידן ווערן געמאַטערט פון ביטערע ספקות, וואָס גראָבן אונטער זייער אמונה, און ניט־גלויביקע אידן לויפן אַרום, זוכנדיק ג—ט און ווייסן ניט וואו אים צו געפינען — איצט, נאָך מער ווי תמיד, דאַרפן מיר זיך פאַרטיפן אין אונזערע אַלטע ליכטיקע, אומבאַזיגבאַרע פעסטונגען, וואו מיר קענען שעפּן מאָראַלישע גבורה, גלויבן

און בטחון אין דעם ענדלעכן נצחון פון ליכט איבער פינסטערניש, פון מענש איבער דער חיה . . .

און דאָס איז געווען מיין כוונה, ווען איך האָב אַריינגעטראָטן אין דעם הייליקן היכל פון אונזער רעליגיעזן פאָלקלאָר, אָפּצוקלייבן די פּערלדיקע אגדות און מאמרי חז״ל פון תלמוד און מדרשים, אין פאַרבינדונג מיט דער סדרה פון דער וואָך,* און זיי אַרויסברענגען פאַר דעם אידישן לייענער אונטער דעם ליכט פון מאָדערנעם געדאַנק, כדי מיר און, באַזונדערס, אונזערע „היינט־וועלטיקע״ אידן, זאָלן קענען באַגרייפן און לערנען אונזערע קינדער צו באַגרייפן דעם גרויסן וועלט־ און מענש־דערלייזנדיקן זין פון תורה־ און נבואה־אידנטום, וועמעס אוניווערסאַל ליכט שטראָמט אַזוי גבורהדיק און גיסט זיך אַריבער זייַנע באַציאָנאַלע ברעגעס . . .

ווי ווייט דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן, לאָז איך איבער פאַר דעם לייענער צו אורטיילן.

דער פאָרליגנדיקער ספר אַנטהאַלט „די געקליבענע פּערל״ אויף יעדער סדרה פון „בראשית״, „שמות״ און „ויקרא״. אויף אייניקע סדרה׳ס וועט דער לייענער געפינען צוויי באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען, צוליב זייער באַזונדערן אינהאַלט אָדער צוגאַנג אין דער דיסקוסיע פון די מאמרי חז״ל.

צום שלוס וויל איך קודם כל אויסדריקן אַ ברכת תורה צו דעם וואָס גיט לעבן, שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה. און מיין טיפסטן דאַנק צו מיינע חשובע און ליבע פריינט, וועלכע האָבן זיך פאַרמירט אין אַ קאָמיטעט אַרויסצוגעבן מיינע געקליבענע שריפטן, באַזונדערס צו דר׳ שלמה גאָלדמאַן, רבי שמואל סיגעל, הרב מנחם ב. זאַקס, דר׳ מרדכי דאָלניק, דר׳ אַלבערט ק. עפּשטיין, ז. ב. קאַמייקא און די אַנדערע מיטגלידער פונם קאָמיטעט. ואחרון אחרון חביב, מיין טיפסטן דאַנק צו מיין האַרציקן חבר און קאָלעגע ב. קראַוויץ, וועלכער האָט מיר פיל געהאָלפן אין דער קאָרעקטור. זאָלן זיי אַלע געבענטשט זיין פון ג—ט.

י. וו. מ.

* א גרויסער טייל פון די עסייען זיינען געזאַמלט און אויסגעבעסערט געוואָרן פאַר דעם ספר פון דער סעריע „געקליבענע פּערל״ איבער דער סדרה פון דער וואָך, וואָס זיינען געווען געדרוקט, אין אַ משך פון יאָרן, אין דעם „אידישן קוריער״ פון שיקאַגאָ. —י. וו. מ.

# בראשית

## שבת בראשית ברענגט אונז צום אור־קוואל פון אידישן אָפּטימיזם. — דער „כי טוב" פון דער יצירה.

שבת בראשית — דער ערשטער שבת פון נייעם יאָר, וואָס די פרומע פאָלקס־טראַדיציע אונזערע האָט געווידמעט צו דער ערשטער סדרה פון דער תורה, צו „בראשית".

מיט דעם „שבת בראשית" הויבן מיר אָן דעם יערלעכן לוח פון די סדרה׳ס, וועלכע לויכטן מיט גייסטיקייט און קדושה אין דער קאָנסטעלאַציע פון אונזערע הייליגע שבתים . . .

וואָלט אָט דער שבת געדאַרפט זיין אַ פריילעכער, אַ פייערלעכער און אַ יום טוב׳דיקער לכבוד התחלת התורה. האָט, אָבער, די טראַדיציע, וואָס האָט אויסגעשמידט אונזער לעבנס־נוסח, געוואָלט, אַז די התחלה אויף דער תורה זאָל געפייערט ווערן גראָדע אין דעם מאָמענט, ווען אידן זיינען מסיים די תורה, דעמאָנסטרירנדיק דערמיט, אַז די תורה האָט קיין סוף ניט . . . אַז עס איז ניטאָ ביי אידן קיין אַבסאָלוטער סיום אויף דער תורה . . .

איז, דעריבער, די אמת׳ע יום־טוב׳דיקע התחלה אויף דער תורה געפייערט געוואָרן אין דעם טאָג פון שמחת תורה, ווען „טאַנצנדיקע, זינגענדיקע און יום טובדיקע אידן", מיט צעשטראַלטע פּנימ׳ער און צעגליטע אויגן, האָבן אָפּגעלייענט די לעצטע פרשה ביז „לעיני כל ישראל" און גלייך ווידער אָנגעהויבן פון „בראשית", אָפּציילנדיק בקול רם די זעקס „ויהי ערב ויהי בוקר׳ס" פון דער יצירה . . .

די פאַרבינדונג פון סיום און התחלת התורה ענטהאַלט נאָך אַ טיפערן מיסטישן סימבאָל:

מיר הויבן אָן די לעצטע סדרה פון דער תורה מיט „וזאת הברכה", וואָס מיינט, לויט דעם טייטש פון אונזערע חכמים, „וזאת התורה", ווייל די תורה איז כולה ברכה. מיר לייענען ביז „לעיני כל ישראל" און פאַרפלעכטן דעם „ישראל" מיט דעם „בראשית", מיט דעם אין־סוף פון דער יצירה — אַ סימבאָל אויף דעם חוט המשולש פון „אוריתא וישראל וקודשא בריך הוא" . . .

און דער „כל ישראל" קומט אויס אין מיטן . . . דעריבער איז דער איד שמחת תורה אַ „חתן תורה" פון איין זייט און אַ „חתן בראשית" פון דער צווייטער זייט . . .

קיין וואונדער ניט, וואָס די אָרימע, תמיד פאַריאָגטע אידן האָבן זיך געפילט אַזוי האָפערדיק אין דער גרעזעלשאַפט פון אַזעלכע צוויי אונטערפירער . . .

קיין וואונדער ניט, וואָס אַזאַ טיפע פרומע פרייד, אַזאַ געהויבענע גייסטיקע חדוה, האָט זיך צעגאָסן אין דער אידישער פאָלקס־נשמה אין דעם טאָג פון שמחת תורה.

שטייענדיק צווישן אוריתא וקודשא ברוך הוא, האָט דער איד דערשפירט זיין אייביקע גבורה און ער האָט געפילט, אויף להכעיס אַלע זיינע שונאים, אַז ער איז דאָך דער גליקלעכסטער און אויסדערוויילטסטער אויף דער וועלט . . .

איז דעריבער דער „בראשית״ פון שמחת תורה באַגלייט געוואָרן מיט ג—ט־פאַרבענקטע לידער, גאולה־געזאַנגען, תורה־ראָמאַנסן, מוסר־שירים, און פרומע פאָלקס־מאָטיוון וועגן ג—ט, וועלט, מענש און תכלית פון לעבן . . .

בעת דער „שבת בראשית״ קומט צו אידן אן אויסגעניכטערטער פון דעם פאַראַנגעגענעם יום טוב׳דיקן טומל און אין אַ האַרבסטיקער, נאָגנדיקער קהלת־שטי־מונג . . .

ווי אַ שאָטן פון אַ פליהענדיקן פויגל, זיינען אוועק די פרומע ג—טפאַרכ־טיקע ימים טובים. פאַרגעסן זיינען שוין די לעצטע חזנ׳ישע תפלות און פיוטים. אוועק איז דער ליבער, פריילעכער סכות מיט זיינע וואַלד־גרינע סכך און שמעקנ־דיקן גאָלדענעם אתרוג, מיט דעם שיינעם, שטאָלצן לולב. פאַרקלונגען זיינען די גע־זאַנגען און הוליאַנקעס פון שמחת בית השואבה. אָפּגעטאַנצט זיינען די הקפות פון שמחת תורה. עס זשומען נאָך בלויז אין דעם אידישן געמיט די לעצטע אומעטיק־זיסע טענער פון דעם טראַדיציאָנעלן „אַף ברי״, וואָס פאַרטאַיעט זיך אין דער פאָלקס־פאַראָדיע:

„אַף ברי —
„אויף מאָרגן נאָך סכות אינדערפרי . . .
„אותת (אוטאָס) —
„אין שטוב איז קאַלט און נאַס,
„ווי אויפ׳ן גאַס . . .״

יאָ, עס איז קאַלט און נאַס אויף דער נשמה . . . דער הימל איז פאַר־כמאַרעט און גרוי. עס בלאָזן רעגנדיקע און פרעסטלדיקע ווינטן. דער אָנקומענ־דיקער ווינטער שיקט זיינע בייזע שלוחים, וואָס יאָגן אָן אַ מורא אויף אידן, וואָס האָבן ניט קיין שייטל האָלץ אין שטוב, קיין וואַרימע קאַפּאָטע, קיין גאַנצע שיך, און מ׳ווייסט ניט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען פאַר חיונה . . .

אָבער גראָדע אין אַזאַ צייט, ווען דער איד איז אין דער סכנה אַריינצופאַלן אין אַ פינסטערן פעסימיזם, טראָגט אים דער „שבת בראשית״ אונטער די וואונדער־געשיכטע פון דעם וועלט־באַשאַף מיט דעם ליכטיקן „כי טוב״ פון דער יצירה . . .

און כדי נאָך מער צו פאַרשטאַרקן דעם אידישן אָפּטימיזם, האָט די טראַ־דיציע מתקן געווען, אַז אָנהויבנדיק מיט שבת בראשית זאָל מען, דורך אַלע ווינטער־דיקע שבתים, זאָגן „ברכי נפשי״ — די ג—טלעכע הימנע צום באַשעפער און זיין באַשאַף .

אַזוי האָט די טראַדיציע אונזערע, ווי אַ געטרייע מוטער, געוואַכט איבער דעם נשמה־צושטאַנד פון דעם אידן, ער זאָל זיך ניט אָפּנייגן אין אַ זייט . . .

זומער, ווען די נאַטור לעבט, שפּראַצט און בליט, ווען דער מענש איז עלול צו ווערן פאַר׳שיכור׳ט פון לעבן און פון דער לוסט צום לעבן, האָט די טראַדיציע, אין איר פּעדאַגאָגישער חכמה, געזאָגט דעם אידן, אַז איצט איז די צייט צו מאָראַליזירן און זיך פאַרטיפן אין דעם תכלית פון לעבן, און אים אונטערגעטראָגן די „פּרקי אבות״ — ער זאָל לערנען די פילאָזאָפיע, די לעבנס־חכמה און די עטיק פון אונזערע חכמים .

סכות, ווען עס איז אַ מצוה צו זיין פריילעך, ווען אידן נעמען אַ שנעפּסל, זינגען, טאַנצן און הוליען, האָט מען זיי אין מיטן דעם פריידיקן יום טוב אָפּגעשטעלט, זיי זאָלן זיך פאַרטראַכטן מיט דעם פעסימיזם פון קהלת . . .

אָבער ווען דער סכות מיט זיינע פריילעכקייטן גייט אַוועק, דער איד בלייבט שטיין אין מיטן דער גוסס׳ער נאַטור מיט אַ נאַגנדיקן אומעט אין זיין האַרצן, מיט שרעק פאַר דעם היינט און מיט זאָרג פאַר דעם מאָרגן — גראַדע ווען דער מענש בכלל געפינט זיך אין אַ קהלת שטימונג — גראַדע דאַן האָט אים די טראַדיציע אונטערגעטראָגן די וואונדער־מעשה פון דעם וועלט־באַשאַף, ער זאָל דערזען דעם „כי טוב פון דער יצירה און ערשט דאַן זאָל ער זינגען אַן עקזאַלטירטע הימנע צו דער נאַטור און איר באַשעפער.

און אויב איר ווילט וויסן דעם אור־קוואַל פונ׳ם ליכטיקן אידישן גלויבן אין אַ בעסערער וועלט, אין דער עקשנות׳דיקער אידישער ליבע צום לעבן, וואָס שטראָמט אַזוי גבורה׳דיק דורכ׳ן אידישן פאָלק און לאָזט אים ניט פאַראַליזירט ווערן פון יאוש און פאַרצווייפלונג, אין זיינע טרויעריקסטע און טראַגישסטע מאָמענטן פון זיין מאַרטירער־געשיכטע — דאַן מוזט איר גיין צום „בראשית״, פון וועלכן אונזערע גרויסע חכמים האָבן אַרויסגעלייענט און אַריינגעלייענט דעם כאַראַקטעריסטיש־אידישן אָפּטימיזם . . .

ווארום שוין אין דעם „בראשית״ פון דער יצירה האָט אונזער תורה, אין דעם ליכט פון אונזערע נביאים און חכמים, אַריינגעפלאָכטן יענעם גאָלדענעם פאָדעם, פון וועלכן אונזערע עלטערן האָבן אויסגעוועבט דעם שטאַרקן, אומצושטערבאַרן גלויבן אין דעם מין מענש און אין זיין פּראָגרעס צו אַלץ העכערער השתלמות, וואָס איז געוואָרן דער יסוד פון דעם אוניווערסאַלן מהות פון נאַציאָנאַלן אידנטום און פון זיינע חלומות און שטרעבונגען צו גאולה און וועלט־משיח׳יזם . . .

אַזוי אַרום האָט שוין דער „בראשית״ פון דער תורה געליכטיקט מיט דעם „אחרית הימים״ פון די נביאים — — — — — — — — — — — —

# בראשית

## די גרויסע אוניווערסאַלע מנורה, וואָס אונזער אגדה האָט אנגעצונדן אין דעם היכל פון אידנטום ארום דעם באשאַף, לעבן און גורל פון אדם הראשון. — ווי אונזערע חכמים האָבן אנגעלאדן דעם „בראשית" פון דער תורה מיט דעם „אחרית הימים" פון דער נבואה . . .

„בראשית ברא אלקים" — למה נברא העולם בב' שהוא לשון ברכה — אמר הקב"ה: הרי אני בורא אותו בלשון ברכה, והלואי יעמוד! . . .

(בראשית רבה פ' א')

„וייצר ד' אלקים את האדם" — דרש ר' נחמן בר' חסדא: מאי דכתיב: „וייצר ד' אלקים את האדם בשני יוד'ן? שני יצרים ברא הקב"ה: אחד יצר טוב ואחד יצר רע . . . מתקיף ליה ר' נחמן בר' יצחק: אלא מעתה, בהמה דלא כתוב בה „וייצר", לית לה יצרא? . . . אלא כר"ש בן פזי, דאמר: „אוי לי מ י ו צ ר י, אוי לי מ י צ ר י . . ."

(ברכות ס"א).

אמר ר' יהודה אמר רב: בשעה שבקש הקב"ה לבראות את האדם, ברא כת אחת של מלאכי השרת ואמר להם: רצונכם נעשה אדם בצלמנו? אמרו לפניו: רבונו של עולם, מה מעשיו? וכ"ו . . . כיון שהגיע לאנשי דור־המבול ואנשי דור־הפלגה, שמעשיהן מקולקלין, אמרו לפניו: רבונו של עולם: לא יפה אמרו ראשונים לפניך? אמר להם (ישעיה מ"ו): ועד זקנה אני הוא ועד שיבה אני אסבול וכ"ו . . .

(סנהדרין ל"ח:).

תניא, היה רבא מאיר אומר: אדם הראשון מכל העולם הוצבר עפרו . . .

(שם ל"ז).

„זה ספר תולדות אדם" — תניא, רבי עקיבא אומר: „ואהבת לרעך כמוך" — כלל גדול בתורה. בן־עזאי אומר: „זה ספר תולדות אדם" — כלל גדול מזה . . .

(ירושלמי נדרים פ"ט, ילקוט שמעוני).

„ויצא קין מלפני ד' " — יצא שמח. פגש בו אדם הראשון. אמר לו: מה נעשה בדינך? אמר לו: עשיתי תשובה ונתפשרתי. התחיל אדם הראשון מטפח על פניו ואמר: כך הוא כחה של תשובה, ואני לא הייתי יודע! מיד עמד אדם הראשון ואמר: „מזמור שיר ליום השבת טוב להודות לד' " . . .

(בראשית רבה פ' כ"ב).

די „מעשה בראשית״, די וואונדער־געשיכטע פון דעם וועלט־באַשאַף, וואָס ווערט מיט אַזאַ אַנטציקנדיקער פשטות דערציילט אין חומש, איז אָנגעלאָדן מיט גאַנצע וועלטן פון חכמה און מיסטיק . . .

יעדעס וואָרט ליכטיקט, אָדער, בעסער געזאָגט טונקלט מיט די טיפסטע סודות פון דער בריאה, און איטלעכער אות גליט מיט געהיימער חכמה, וואָס איז באַהאַלטן אונטער נײַן און פערציק שלייערן . . .

און בעת פאַר קינדער איז די „מעשה בראשית״ אַ שיין, אָטעם־פאַרכאַפּנדיק מעשה׳לע און פאַר פרומע פאָלקס־מענטשן — אַ פשוט׳ע געשיכטע פון דעם וועלט־באַשאַף, האָבן אונזערע חכמים און מקובלים אַרויסגעלייענט פון איר די טיפסטע סודי־סודות פון וועלט און לעבן.

גאַנצע ראַפינירטע, פאַנטאַסטישע און פיינסטע קאָסמאָגאָנישע סיסטעמעס וועגן ג—ט, מענש און נאַטור זיינען אַריינגעלייענט געוואָרן אין דער מעשה־בראשית.

דער יסוד פון דער קאַבאַליסטישער פילאָזאָפיע, פון דער „קבלה עיונית״, איז געגרונטפעסטיקט געוואָרן אין דער היינטיקער סדרה „בראשית״.

און ניט נאָר אונזערע מקובלים, נאָר אויך אונזערע גרויסע חכמים פון „נגלה״ — יענע גייסטיק ריזן, די אויסטייטשער און דערקלערער פון דער תורה, וועלכע האָבן אויסגעפורעמט און אויסגעפילט דעם אידנטום לדורות — האָבן אין דער „מעשה בראשית״ געזען די גאַנצע פילאָזאָפיע פון דעם אידנטום און זיין וועלט־דערלייזנדיקן אינהאַלט . . .

ווארום דער מענש איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון דער יצירה. ארום אים דרייט זיך די גאַנצע בריאה. ער איז די קרוין פון דעם וועלט־באַשאַף און דער תכלית פון דעם „בראשית״ . . . ער טראָגט דעם גורל פון דעם „כי טוב״ אין דער יצירה . . . און ער וועט דאָך, ניט קוקנדיק אויף זיינע זיגזאַג־טריט און מורא׳דיקע ירידה׳ס און רעאַקציעס אויף זיין וועג צו השתלמות, זיך ענדלעך דערשלעפּן צו דעם זוניקן „אחרית הימים״ . . .

אָט מיט אַזאַ שטאַרקן גלויבן אין דעם מין מענש, מיט אַזאַ גליהענדיקער ליבשאַפט צו אים און מיט אַזוי פיל מיטלייד צו זיין גורל איז אָנגעלאָדן געוואָרן דער „בראשית״ פון דער תורה.

„בראשית ברא אלקים״ — למה נברא העולם בב׳ שהוא לשון ברכה? — אמר הקדוש ברוך הוא: הרי אני בורא אותו בלשון ברכה, והלואי יעמוד! . . . (בראשית רבה פ׳ א׳) — פאַרוואָס איז עפּעס די וועלט באַשאַפן געוואָרן מיט דעם אות ב׳, וואָס מיינט ברכה? דער הייליקער, געבענטשט איז ער, האָט געזאָגט: זעט, איך באַשאַף די וועלט מיט אַ לשון ברכה, און הלואי זאָל זי זיך האַלטן . . .

דער מדרש דריקט דאָ אויס דעם געדאַנק, אַז ג—ט׳ס וועלט איז פול מיט ברכה, נאָר זי איז אָפּהענגיק פון דעם מענשן אַליין, צי די ברכה זאָל זיך האַלטן מיט דער וועלט . . .

ווארום ג—ט האָט, באַשאַפנדיק דעם מענשן, אים געגעבן אַ פרייען ווילן און אים געמאַכט פאַר דעם בעל־הבית איבער דער וועלט און איר ברכה הענגט אָפּ פון אים, פון דעם „חביב אדם״ מיט דעם פרייען ווילן: וועט ער ו ו ע ל ן, וועט ער די ברכה פון וועלט־באַשאַף דערגאַנצן און ווערן אַ שותף צו הקדוש ברוך־הוא; טאָמער ניט — קען ער ווערן אַ טייוול און מאַכן פון דער וועלט אַ גיהנום.

און דער בורא אַליין, כביכול, קען דערביי גאָר ניט העלפן, ווארום דער מענש האָט די בחירה . . . אַלץ וואָס דער בורא קען זאָגן, איז: „והלואי יעמוד!...

וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע אחריות עס ווערט אַרויפגעלייגט אויף דעם מענשן, און וואָס פאַר אַ טיפן גלויבן דער באַשעפער האָט געהאַט אין זיין וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן.

„אל אמונה ואין עול״ (האזינו) — שהאמין בעולם ובראו — ער האָט גע־גלויבט אין דער וועלט און ער האָט זי באַשאַפן (ילקוט שמעוני).

ג—ט האָט געגלויבט אין דעם מענשן, דעריבער האָט ער באַשאַפן די וועלט...

דאָ האָט איר דעם אידישן אָפּטימיזם. אויך ער, דער אידישער גלויבן אין מענשן, איז אַן אַרויסשטראַלונג פון דעם א ח ד . . .

נאַטירלעך, האָבן אונזערע חכמים געוואוסט, אַז עס איז אַ שווערער, לאַנגער, זייער לאַנגער וועג פאַר דעם אָרימען, שוואַכן מענשן, ביז ער וועט דערגרייכן די ב ר כ ה פון דער וועלט.

איז דאָך דער מענש די טיפסטע און טונקלסטע מיסטעריע פון גאַנצן וועלט־באַשאַף.

איז דאָך זיין נשמה איין קנויל פון פאַרפלאָנטערטע ווידערשפּרוכן און ווילדע פּאַראַדאָקסן.

ניטאָ קיין בריאה אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי זיגזאַגיש אין איר אַנט־וויקלונגס־גאַנג, ווי דער „בחיר־היצירה״.

ניטאָ קיין באַשעפעניש אונטער דער זון, וואָס איז אַזוי צעטיילט א י ן זיך און ק ע ג ן זיך, ווי דער מענש.

אָט איז ער שוואַכער פון אַ פליג, וואָס אַ מאָסקיטאָ, אָדער אַ מיקראָב קען אים אַוועקלייגן, און אָט איז ער „שטאַרקער פון אייזן״, קענענדיק איבערטראָגן די גרעסטע קלעפּ פון זיין גורל.

אָט איז ער, דאַכט זיך, ריין ווי אַ מלאך און באַרמהאַרציק ווי ג—ט, און אָט ווערט ער דער ברוטאַלסטער רוצח.

אָט קען ער איינשטעלן זיין לעבן צו ראַטעווען אַ פייגעלע, אַ הינטל, אָדער אַן אַנדער שטומע באַשעפעניש, און אָט איז ער עלול אויסצומאָרדן גאַנצע פעלקער, צוליב אַן איינגערעדטער אַמביציע . . .

זיין פּערזענלעכקייט איז אַ דואַלע, באַשטייענדיק צווישן צוויי עקסטרעמען, פון וועלכע איינער ציט אים אויבנצו, צו די הימלען, צו ג—ט, און דער אַנדערער ציט

אים אונטנצו, צום טייול, און זיין הארץ געפינט זיך תמיד אין דעם קלעם פון אקעגנ־געזעצטע דראנגען, ווי עס ווערט אזוי טיפזיניק און בילדלעך אויסגעדריקט אין דעם מאמר פון דער גמרא:

„וייצר ד׳ אלקים את האדם״ — דרש ר׳ נחמן בר חסדא: וואס עס שטייט „וייצר״ מיט צוויי יוד׳ן — באוויזט, אז צוויי דראנגען (יצרים) האט דער היילעקער, געבענטשט איז ער, באשאפן אין דעם מענשן: איינעם א גוטן דראנג, א יצר טוב, הייסט עס, און איינעם א יצר הרע, וועלכע קעמפןביידע אין דעם מענשנ׳ס הארצן.

פרעגט אויף דעם ר׳ נחמן בר יצחק: אלא מעתה, וויבאלד אז דו דרינגסט פון דעם ווארט „וייצר״, אז דאס באציט זיך אויף די נאטירלעכע דראנגען, טא ווי קומט עס, וואס ביים באשאף פון דער בהמה שטייט ניט קיין „ויצר״, אפילו ניט מיט איין יוד? האט דאך די בהמה אויך געוויסע נאטירלעכע דראנגען, אדער אינסטינקטן, דעען מיר דאך, ווי זי דריקט אויס איר כעס דורך בריקען מיט די פיס, אדער דורך שטויסן מיט די הערנער — אלא, מוז איך זאגן אזוי ווי ר׳ שמעון בן פזי האט גע־טייטשט דעם „וייצר״ מיט די צוויי יוד׳ן — „דאמר: אוי לי מיוצרי אוי לי מיצרי״ — דער „וייצר״ באציט זיך אויף דעם טראגישן קלעם אין וועלכן בלויז דער מענש געפינט זיך, און עס איז אים „ווי פון זיין באשעפער און ווי פון זיין נאטירלעכן ערדישן דראנג״, וואס ברויזט אין דעם ילוד־אשה און גיט אים ניט קיין רו דעם גאנצן טאג . . . (ברכות ס״א)

דער מענש איז, אלזא, פון זיין באשאף אן פאראורטיילט געווארן זיך צו געפינען אין א שטענדיקן גערא‍נגל צווישן דראנגען, וואס ציהען אים צו זיין באשעפער, צום הימל, און חיה׳שע אינסטינקטן, וואס רייסן אים צו דער ערד, צום טייוול . . .

און דאס איז די הויפט־סיבה, ווארום דער מענש איז אזוי לאנגזאם און זיג־זאגיש אין זיין מארש צו ליכט און קולטור: ווארום יעדע עליה אין דעם מענש־לעכן אנטוויקלונגס־פראצעס ווערט באגלייט פון מורא׳דיקע ירידה׳ס . . .

אבער, נישקשה, מיר מעגן האבן צוטרוי צו דעם מין־מענש און האבן געדולד מיט זיינע שוואכקייטן, וואס האלטן אים צוריק פון זיין גאנג צו אויסלייזונג. . .

אויך ג—ט אליין האט מיט דעם מענשן געדולד, ווארטנדיק מיט גלויבן, אז ער וועט, ענדלעך, דאך זיך דערשלעפן צו דעם ליכטיקן „יום ההוא״ . . .

אט דער געדאנק פון גלויבן אין דעם מענשן און האבן איינזעהעניש מיט זיינע שוואכקייטן, ווארטנדיק מיט געדולד אויף זיין השתלמות, ווערט אויסגעדריקט אין דער פאלגנדיקער בילדערישער אגדה:

אמר ר׳ יהודה אמר רב: בשעה שבקש הקדוש ברוך הוא לבראות את האדם, ברא כת אחת של מלאכי השרת ואמר להם: רצונכם נעשה אדם בצלמנו? — האט געזאגט ר׳ יהודה אין נאמען פון רב: אין דער צייט וואס דער היילעקער, געבענטשט איז ער, האט געוואלט באשאפן דעם מענשן, האט ער באשאפן איין כיתה

פון מלאכים און זיי געפרעגט: ווילט איר, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ מענשן אין אונזער געשטאַלט? האָבן זיי געזאָגט פאַר אים: רבונו של עולם, וואָס וועלן זיינע מעשים זיין? וואָס פאַר אַ סאָרט בריאה, הייסט עס, וועט ער זיין? האָט ער זיי געזאָגט, אַזוי און אַזוי וועלן זיין זיינע מעשים. האָבן די מלאכים געענטפערט מיט אַ פסוק פון תהלים, וואָס מאַכט דעם מענשן צו גאָרנישט:

„מה אנוש כי תזכרנו ובן־אדם כי תפקדנו" — וואָס איז אַ מענש אַז דו זאָלסט אים געדענקען, און אַ מענשן־זון, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען? — האָבן די שטאָלצע מלאכים געזאָגט.

דער ענטפער איז דעם בורא ניט געפעלן געוואָרן. האָט ער אויסגעשטרעקט זיין קליין פינגערל צווישן זיי און זיי פאַרברענט . . . (דערמיט מיינט די מיסטישע אגדה אָנצודייטן, אַז דער רבונו של עולם האָט זיי באַוויזן, אַז זיי זיינען ניט ביי אים קיין גרויסע יחסנים, ניט קוקנדיק וואָס זיי וואוינען אויפן הימל און זיינען כולו גייסט . . . אַז די בריאה וואָס ער האָט בדעה צו באַשאַפן אונטער דעם נאָמען מענש, איז אַ גרעסערער יחסן פון זיי, און מיט אַלע זיינע ערדישע שוואַכקייטן, איז ג—טס ליבשאַפט אויסגעגאָסן אויף אים מער ווי אויף אַלע אַנדערע ברואים . . .).

האָט ג—ט באַשאַפן אַ צווייטע כתה מלאכים און דיזעלביקע סצענע האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט. די דריטע כתה, ויסנדיק וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די ערשטע צוויי, האָט שוין געזאָגט צו אים:

„רבונו של עולם, די ערשטע מלאכים וואָס האָבן געזאָגט זייער מיינונג פאַר דיר — וואָס האָבן זיי דען געהאָלפן? . . . די גאַנצע וועלט איז דיינע, אַלץ וואָס דו ווילסט טאָן אין דיין וועלט, טו" . . .

האָט ג—ט באַשאַפן דעם מענשן, וועלכער האָט גענומען ווייזן זיינע צאַצקע־דיקע שטיק . . .

„כיון שהגיע לאנשי דור־המבול ואנשי דור־הפלגה, שמעשיהם מקולקלים" — ווען עס איז געקומען צו די מענשן פון דור־המבול און דור־הפלגה, וועמעס מעשים זיינען געווען פאַרדאָרבן, האָבן די מלאכים געזאָגט צום באַשעפער אין אַ טריאומ־פירנדיקן טאָן:

„רבונו של עולם, לא יפה אמרו ראשונים לפניך" — האָבן דען ניט ריכטיק געזאָגט די ערשטע מלאכים, אַז דער מענש איז ניט ווערט געדאַכט צו ווערן? . . . האָט ג—ט זיי געענטפערט מיט דעם פסוק פון ישעיה מ״ו, וואָס דריקט אויס אַ ים מיט ליבשאַפט, רחמנות און, אויב איך מעג זיך אַזוי אויסדריקן, א ח ר י ו ת פאַר דעם אָרימען ילוד אשה:

„ועד זקנה אני הוא ועד שיבה אני אסבול, אני עשיתי ואני אשא ואני אסבול ואמלט" — אפילו ביז אַלטקייט בין איך דער אייגענער, און ביז גרויקייט וועל איך טראָגן . . . איך האָב געמאַכט, און איך וועל טראָגן, און איך וועל דולדן און וועל ראַטעווען . . . (סנהדרין ל״ח:).

אינטערעסאַנט איז, אַז אַט דעם פסוק, וואָס דריקט אויס ג—ט׳ס מיטפאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם מענשלעכן גורל און דעם גלויבן אין דער ענדלעכער דערלייזונג פון דעם בן־אדם, האָט דער נביא גאָר געזאָגט צו דעם „בית יעקב וכל שארית בית ישראל העמוסים מני־בטן, הנשואים מני־רחם" — די באַלאָדענע פון מוטער׳ס לייב און די געטראָגענע פון דער געבער־מוטער . . .

דאָ, אָבער, שטייענדיק ביי דעם וויגעלע פון דעם מין מענש, האָט די אגדה איבערגעטראָגן דעם פסוק פון ג—ט׳ס ליבשאַפט און געדולד צום אידישן פאָלק, אויף דער גאַנצער מענשהייט, פאַרפלעכטנדיק דעם גורל פון אידן מיט דעם גאַנצן מין האנושי . . .

דאָס איז ניט דאָס איינציק גרויס אוניווערסאַל ליכט, וואָס אונזערע חכמים האָבן געזען אין דער תורה־געשיכטע פון דעם וועלט־באַשאַף. עס זיינען פאַראַנען אומצייליקע אגדות און מאמרי חז״ל, וועלכע לויכטן ווי טויזנט זונען אין דעם אידנ־טום און וואַרפן זייער אוניווערסאַל ליכט אויף דער גאַנצער וועלט, פאַרברידערנדיק אַלע פעלקער און ראַסן אין איין מענשלעכער משפחה . . .

אַט האָט איר בלויז אייניקע וואונדערלעכע געדאַנקען־פערל פון אונזערע חכמים:

„תניא, היה רבי מאיר אומר: אדם הראשון מכל העולם הוצבר עפרו" — מיר האָבן געלערנט אין אַ בריתא, אַז רבי מאיר פלעגט זאָגט: אדם הראשון — פון דער גאַנצער וועלט איז זיין ערד (פון וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן) איינגע־זאַמלט געוואָרן . . .

אין אַלע פעלקער, שטאַמען און ראַסן מיט די פאַרשידענע הויט־קאָלירן, וועלכע געפינען זיך אין די צעוואָרפנסטע ווינקלען פון דער ערד — אין זיי אַלעמען איז דאָ די ערד, פון וואָס אדם הראשון איז באַשאַפן געוואָרן . . . (סנהדרין ל״ח).

„און דעריבער איז בלויז איין מענש געשאַפן געוואָרן — צוליב שלום צווישן מענשן, אַז קיין מענש זאָל ניט זאָגן צו זיין חבר: מיין טאַטע איז גרעסער פון דיין טאַטן . . . איך קום, הייסט עס, פון אַ שענערער משפחה . . ." (סנהדרין ל״ז).

„זאָגט ר׳ נחמיה: פון וואַנעט וויס איך, אַז א י י ן מ ע נ ש וועגט אַריבער די גאַנצע מעשה בראשית, ווייל עס ווערט געזאָגט: „זה ספר תולדות אדם ביום ב ר א אלקים אדם בדמות אלקים ע ש ה אותו" (בראשית ה׳). און פריער זאָגט ער: אלה תולדות השמים והארץ בהבראם, ביום עשות ד׳ אלקים ארץ ושמים" — אַזוי ווי ביים וועלט־באַשאַף געברויכט ער די ווערטער פון „בריאה" און „עשיה", אַזוי אויך ביים באַשאַף פון דעם מענשן ווערן אָנגעווענדט די טערמינען פון „בריאה" און „עשיה" . . . (אבות ד״ר נתן ל״א).

דאָס גרעסטע ליכט, שיינט מיר, האָט אָנגעצונדן דער גרויסער אויפגע־קלערטער תנא בן עזאי אויף אַ פסוק פון דער סדרה „בראשית — אַ זוניק ליכט,

וואָס איז דער מיטלפּונקט פון דער גרויסער אוניווערסאַלער מנורה, אין דעם היכל פון נאַציאָנאַלן אידנטום:

„זה ספר תולדות אדם״ — תניא, רבי עקיבא אומר: „ואהבת לרעך כמוך״ — כלל גדול בתורה; בן־עזאי אומר: „זה ספר תולדות אדם״ — כלל גדול מזה — רבי עקיבא זאָגט, אַז דער גרעסטער כלל אין דער תורה איז דער פּסוק „ואהבת לרעך כמוך״ — זאָלסט ליב האָבן דיין פריינט ווי זיך אַליין. זאָגט בן־עזאי, אַז נאָך גרעסער איז דער כלל פון דער תורה, ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין „זה ספר תולדות אדם״ — דאָס איז דאָס בוך פון אדם׳ס געשיכטע — א ד ם, מ ע נ ש . . . אַלע מענשן האָבן איין פאָטער. אַלע פעלקער און ראַסן זיינען איין משפּחה (ירושלמי נדרים פ״ט, ילקוט שמעוני) — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אָבער ווי אַזוי וועט דער מענש, אַט דער „חביב אדם שנברא בצלם״, זיך קענען אַרויסקראַבקען פון זיין חיה׳שן צושטאַנד און זיך אויסלייטערן פון זיינע ערדישע דראַנגען, ווען זיין האַרץ איז „רק רע כל היום״ און אַליין איז ער אַזוי שוואַך, אַז אַ ליאַדע פליג קען אים אַוועקלייגן?

אַלע בעלי חיים האָט דער בורא פאַרזאָרגט מיט נאַטירלעכע וואָפן פאַר זייער פאַרטיידיקונג אין זייער לעבנס־קאַמף — שאַרפע ציינער צו בייסן, שפּיציקע הערנער צו שטעכן, שטאַרקע, פלינקע פיס צו בריקען אָדער צו אַנטלויפן פון שונא — וועלכע כלי־זיין האָט דער בורא געגעבן צו זיין בחיר היצירה, וועמען ער האָט אַרויסגעוויזן אַ „חיבה יתירה״? ווי וועט דער מענש קענען באַקעמפן זיין יצר הרע, ווען ער איז אַזוי פיזיש שוואַך, גייסטיק געפּענטעט און איז דאָך מער ניט ווי אַ „בן־אדם יושב חושך וצלמות״? . . .

אויף דעם ענטפערט די רעליגיעזע אידישע פילאָזאָפיע, אַז ג—ט האָט, אין זיין גרויס חסד, אויך דעם מענשן באַוואָרנט מיט אַ מעכטיקן וואָפן, וואָס זאָל אים העלפן באַזיגן דעם יצר הרע אין אים — די תורה! . . .

„בראתי יצר הרע בראתי לו תורה תבלין״ — די תורה איז דער אַנטי־טאָקסין קעגן דעם סם פון יצר הרע . . .

און לאַנג איידער דער בורא האָט באַשאַפן די וועלט (לויט דער אגדה איז דאָס געווען צוויי טויזנט יאָר פאַר בריאת העולם), האָט ער שוין געהאַט באַשאַפן די תורה פאַר דעם מענשן.

דרינגט, דעריבער, ריש לקיש פון דעם ה״א הידיעה אין דעם „ויהי ערב ויהי בקר יום הששי״, אַז דער היילקער, געבענטשט איז ער, האָט אויסגענומען אַ תנאי מיט די מעשה בראשית און זיי געזאָגט: „אם ישראל מקבלים התורה — אתם מתקיימים, ואם לאו — אני מחזיר אתכם לתהו ובהו״ — אויב אידן נעמען־אָן די

תורה, וועט איר עקזיסטירן, און אויב ניט — קער איך אייך אום צו תהו ובהו . . . (שבת פ״ח).

מיר זעען, אַלזאָ, ווי אַזוי די עקזיסטענץ פון דער וועלט איז פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם קיום התורה, וואָס דאַרף דורך דעם אידישן פאָלק פאַרשפּרייט און אבסאָרבירט ווערן אין דער גאַנצער מענשלעכער משפחה . . .

דעריבער טראָגט דער איד אַזאַ געוואַלטיקע גורל׳דיקע אחריות פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון זיין תורה־ונבואה־גייסט צווישן די פעלקער און דעריבער איז ער דער ערשטער יסורים׳דיקער קרבן פון זייערע גייסטיקע רעאַקציעס און מאָראַלישע ירידה׳ס . . .

און כדי מיר זאָלן ניט פאַרצווייפלט ווערן, ווען מיר זעען די געפאַלנקייט פון דעם מענשן, ווען זיינע חיה׳שע און פאַרברעכערישע אינסטינקטן צעשפּילן זיך אין אים, ברענגענדיק כאַאָס און חורבן אויף דער וועלט; כדי מיר זאָלן, חלילה, ניט פאַרלירן דעם גלויבן אין דעם „חביב אדם״, אַז ער קען שוין מער ניט אויפשטיין פון זיין געפאַלנקייט, האָט אונזער תורה, אין דעם ליכט פון אונזערע נביאים און חכמים, געעפנט אַ פענסטער, דורך וועלכן דער פאַרצווייפלטער מענש קען דערזען אַ ברייטן, אָפענעם טויער, וואָס פירט דעם מענשן צוריק אויף דעם זוניקן שליאַך צו ג—ט און פרייהייט, צו תורה און גליקזעליקייט, און דאָס איז דער טויער פון תשובה, וועלכער איז קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן . . .

דאָס ווערט אויסגעדריקט אין דער פאָלגנדיקער אינטערעסאַנטער אגדה פון מדרש:

„ויצא קין מלפני ד׳״ — יצא שמח. פגע בו אדם הראשון. אמר לו: מה נעשה בדינך? אמר לו: עשיתי תשובה ונתפשרתי. התחיל אדם הראשון מטפח על פניו ואמר: כך הוא כחה של תשובה, ואני לא הייתי יודע! מיד עמד אדם הראשון ואמר: „מזמור שיר ליום השבת טוב להודות לד׳״ . . . (בראשית רבה פ׳ כ״ב).

זינט אדם הראשון איז באַגאַנגען זיין ערשטן פאַרברעכן, האָט ער דערזען זיין עלנט און זיין טראַגיק . . . ער האָט זיך געפילט אַ פאַרדאַמטער אויף אייביק . . . זייענדיק אַרויסגעטריבן פון גן עדן, האָט ער זיין וועג צו ג—ט פאַרלאָרן, און נאַגנדיקער טרויער האָט געוויינט אין אים — דער טרויער פון דעם גאַנצן מין האנושי . . . ער האָט ניט געזען קיין ברכה אין דער יצירה און נאָך ווייניקער אין דעם באַשאַף פון דעם מענשן . . . און דער שבת, וואָס דריקט אויס דעם „כי טוב״ פון דער מעשה בראשית איז פאַרטונקלט געוואָרן מיט אַ פינסטערן פעסימיזם און פראָטעסט קעגן דעם באַשעפער . . .

אָבער ווען קין איז אַרויסגעקומען פון זיין געריכט פאַר ג—ט אַ פריילעכער, איז אדם הראשון פאַרוואונדערט געוואָרן. „וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט דיין משפט?״ האָט אדם געפרעגט. האָט אים קין געענטפערט: „איך האָב געטאָן תשובה און איך האָב זיך אויסגעגלייכט. דאָ האָט אדם הראשון זיך גענומען פּאַטשן אויף

זיין פנים, זאָגנדיק: אָט אַזוי גרויס איז דער כח פון תשובה, און איך האָב עס ניט געוואוסט! אַבי איך האָב געמיינט, אַז דער מענש איז שוין אויף אייביק פאַרפאַלן, אַז די גאַנצע יצירה איז, דעריבער ניט קיין געבענשטע און דער שבת האָט קיין זין ניט . . . ווארום מענשן, האָב איך געטראַכט, וועלן קיינמאָל ניט דערגרייכן דעם „יום שכולו שבת״ . . . און דערזעענדיק דעם אָפענעם טויער פון תשובה, האָט אדם הראשון דערזען די ברכה פון דער יצירה און דעם זין פון שבת, און ער האָט באַלד אויסגעזונגען די הימנע: „מזמור שיר ליום השבת טוב להודות לד׳״ — אַ לויב־געזאַנג צו ג—ט פאַר זיין גרויסן חסד, וואָס ער האָט באַשאַפן אַזאַ שיינע וועלט מיט אַ יום שכולו שבת — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

# נח

## ווארום די „בני נח" שוויגן, צוזעענדיק ווי די וועלט טרינקט זיך אין אַ מבול בלוט, בעת די אומרואיקע „בני אברהם" שרייען און פּראָטעסטירן . . .

„את האלקים התהלך נח" — ר' נחמיה אומר: לאוהבו של מלך שהיה משתקע בטיט. הצית המלך וראה אותו. אמר לו: עד שאתה משתקע בטיט, בוא והלך עמי, הה"ד: את האלקים התהלך נח. ולמה אברהם דומה? לאוהבו של מלך שראה את המלך מהלך במבואות אפלים והתחיל מאיר לו דרך החלון. אמר לו: עד שאתה מאיר לי דרך החלון בוא והאר לפני. כך הקב"ה אמר לאברהם אבינו: עד שאתה מאיר לי מאספמיא בוא והאר לפני בארץ ישראל.

(ילקוט שמעוני).

די געשיכטע פון דעם מבול, וואָס מיר לייענען אין דער סדרה „נח", צעשטערט, אייגנטלעך, דעם גאַנצן אָפּטימיזם פון דעם „כי טוב" אין דער יצירה . . .

וואָס פאַר אַ ביטערע אַנטוישונג אין דעם בן־אדם, דעם טרעגער פונ'ם „צלם אלקים" און דעם בחיר היצירה!

אָט ערשט, מיט אַ צען דורות צוריק, איז ג—ט געווען אַזוי שטאָלץ מיט זיין וועלט און מיט דעם מענטש, וועלכן ער האָט באַשאַפן אַלס הערשער איבער איר, ווי דער מדרש זאָגט: „את האדם אשר יצר" — כביכול הקדוש ברוך הוא מתגאה בעולמו ואומר: ראו בריה שבראתי וצורה שצרתי — כביכול, דער הייליגער, געבענשט איז ער, איז שטאָלץ מיט זיין וועלט און זאָגט: זעט נאָר די באַשעפעניש, וואָס איך האָב באַשאַפן, און די פאָרם וואָס איך האָב איר געגעבן! „אלה תולדות השמים הארץ בהבראם" — בוראם משבחם, ומי מגנם? בוראם מקלסם — ומי נותן בהם דפי? אלא נאים הם ומשבחים הם — זייער באַשעפער לויבט זיי — און ווער זועט וואַגן זיי צו טאַדלען? זייער בורא רימט זיי — און ווער קען זיי קריטיקירן? (בראשית רבה י"ב).

אַלץ וואָס דער בורא האָט זיך געוואונשן איז געווען, אַז די וועלט זאָל בלייבן אַזוי שיין און אַזוי גוט ווי זי איז באַשאַפן געוואָרן:

„וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד" — אמר ר' חמא בר חנינא — האָט געזאָגט ר' חמא דער זון פון חנינא'ן: דאָס איז געגליכן צו אַ מלך, וואָס האָט אויפגעבויט אַ פּאַלאַץ, האָט ער אים באַקוקט און עס איז אים זייער געפעלן געוואָרן,

האָט ער געזאָגט: פּאַלאַץ, דו פּאַלאַץ מיינער, הלואי זאָלסטו מיר זיין אַנגענעם אַלע צייטן, ווי אין דער איצטיקער שטונדע. כך, אַזוי האָט געזאָגט הקב"ה צו זיין וועלט: וועלט מיינע, וועלט מיינע! הלואי זאָלסטו מיר אויף ווייטער געפעלן זיין, ווי אין דער איצטיקער שעה . . . (שם ט')

און מיט אַמאָל:

„וירא ד' כי רבה רעת האדם בארץ וכל יצר מחשבות לבו רק רע כל היום" — און ג—ט האָט געזען אַז גרויס איז די שלעכטס פון מענשן אויף דער ערד און דער גאַנצער דראַנג פון זיין האַרצנס-געדאַנק איז בלויז שלעכטס דעם גאַנצן טאָג, און ג—ט האָט, כביכול, חרטה געהאַט וואָס ער האָט באַשאַפן דעם מענשן, און זיין האַרץ איז אומעטיק געוואָרן . . .

דאָ איז, אגב, כדאי צו באַמערקן, ווי שטאַרק די תורה האָט באַטאָנט די „בחירה חפשית", דעם פרייען ווילן פון דעם מענשן, אַז זי האָט צוגעשריבן צו ג—ט אַזאַ מענשלעכע הגשמה ווי אַנטוישונג און חרטה . . . ג—ט האָט באַשאַפן דעם מענשן און אים געגעבן אַ פרייען ווילן, וואָס איז פאַראויס אומבאַשטימט, ווי אַזוי דער מענש וועט האַנדלען.

און ווען ג—ט איז אַנטוישט געוואָרן אין דעם מענשן, האָט ער באַשלאָסן:

„אמחה את האדם מעל פני האדמה מאדם ועד בהמה עד רמש ועד עוף השמים כי נחמתי כי עשיתם" — איך וועל אָפּמעקן דעם מענשן וואָס איך האָב באַשאַפן, פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד, פון מענש ביז בהמה, ביז קריכעדיקע באַשעפענישן און די פויגלען פון הימל, ווארום איך האָב חרטה וואָס איך האָב זיי געמאַכט —

— — — — — — — — — — — — — —

עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז די וועלט זאָל דאָך געראַטעוועט ווערן אין דעם זכות פון איין מאַן און דאָס איז נח, וועלכער האָט געפונען לייטזעליקייט אין די אויגן פון ג—ט.

וואָלט מען דאָך געקענט מיינען, אַז נח איז טאַקע באמת געווען אַ גרויסער צדיק, וועלכער איז ניט אַריין אין דעם גזר-דין פון דעם מבול — קומט צוגיין די גמרא (סנהדרין ק"ח) און זאָגט:

„אף על נח נחתם גזר-דין, אלא שמצא חן, שנאמר: נחמתי כי עשיתם ונח מצא חן בעיני ד'" — דער גזר-דין פון אומקום איז אויך פאַרזיגלט געוואָרן אויף נח'ן, נאָר ווארום איז ער געראַטעוועט געוואָרן? ווייל ער האָט נושא חן געווען ביי ג—ט . . .

אייגנטלעך, איז דאָך די פראַגע: וואָס האָבן אונזערע חכמים געהאַט צו נח'ן, אַז זיי האָבן אים געמאַכט פאַר אַ קליינעם צדיק? זאָגט דאָך די תורה אויס־דריקלעך: „נח איש צדיק תמים היה בדורותיו את האלקים התהלך נח" — נח איז געווען אַ צדיק תמים אין זיינע דורות; מיט ג—ט איז נח אומגעגאַנגען — ווארום

זאָל רבי יוחנן (סנהדרין ק״ח) טײַטשן, „בדורותיו ולא בדורות אחרים״ — ער איז געווען אַ צדיק אין זײַנע דורות, אָבער ניט אין אַנדערע דורות — דאָס הייסט: צווישן די רשעים פון דעם דור המבול איז נח געווען אַ צדיק, אָבער ניט אין אַנדערע דורות.

אינטערעסאַנט איז די אגדה אויף דעם פּסוק „את האלקים התהלך נח״, וועלכע ציט אַ גײַסטרײַכן און כאַראַקטעריסטישן פּאַראַלעל צווישן נח׳ן און אברהם אבינו:

רבי יהודה אומר: למלך שהיו לו שני בנים, אחד גדול ואחד קטן, ואמר לקטן: הלך עמי; ולגדול אמר: הלך לפני, כך, אברהם שהיה כחו יפה — „התהלך לפני והיה תמים״, אבל נח שהיה כחו רע — „את האלקים התהלך נח״ — עס איז אַ משל צו אַ מלך, וואָס האָט געהאַט צוויי זין, אַ גרויסן און אַ קליינעם, האָט ער געזאָגט צום גרויסן: דו גיי מיר פּ אָ ר א ו י ס; און צום קליינעם האָט ער געזאָגט: דו גיי מ י ט מיר. דעריבער שטייט ביי אברהם אבינו, אַז ג—ט האָט אים געזאָגט „התהלך לפני״, גיי מיר פאָראויס, בעת ביי נח׳ן שטייט „את האלקים התהלך״ — מיט גאָט איז ער געגאַנגען, אָבער ניט פאָראויס פון ג—ט, ווי אברהם, ווייל נח האָט ניט געהאַט אַזאַ גייסטיקן כח ווי אברהם (ילקוט שמעוני).

און באמת זעען מיר טאַקע אין דער תורה, אַז ביז דער דערשיינונג פון אברהם׳ן איז די וועלט ניט געווען באַלויכטן פון אַן עטישער ג—ט־דערקענטעניש. די בלינדע פרימיטיווע נאַטור־געזעצן, וואָס ג—ט האָט אַריינגעגעבן אין דער בריאה האָבן באַהערשט מענש און וועלט, און ניט קוקנדיק, וואָס דער מענש איז באַשאַפן מיט צוויי יצרים — יצר טוב און יצר הרע — ווי די גמרא (ברכות ס״א) לערנט פון דעם וואָס עס שטייט „וייצר״ מיט צוויי יודן — ניט קוקנדיק אויף דעם, איז דאָך דער מענש באַהערשט געוואָרן פון זײַנע חיה׳שע דראַנגען און ערדישע אינסטינקטן, דאָס הייסט פון יצר הרע, ווייל אָהן די וואָפן פון דער תורה, איז דער מענש צו שוואַך געגן דעם יצר הרע . . .

און דער מענש האָט גענומען זינקען צו דער מדרגה פון די דזשאַנגל־חיות . . .

עס איז טאַקע אמת, אַז לויט דער תלמוד׳ישער אויסטייטשונג פון אַ פּסוק אין בראשית ב׳ האָט ג—ט געגעבן צו אדם׳ן זיבן מצוות, וואָס זיינען באַקאַנט אַלס די „שבע מצוות דבני נח״, ווי די גמרא (סנהדרין נ״ו) טייטשט אַרויס פון דעם פּסוק „ויצו ד׳ על האדם לאמר״ וכו׳.

דער מענש האָט שוין, אַלזאָ, דאַן געהאַט אַ געוויסע מאָס פון קולטור און מאָראַל. ער האָט ניט געטאָרט דינען עבודה זרה, ער האָט באַדאַרפט האָבן יוריס־פּרודענץ און ריכטער, ניט געטאָרט פאַרגיסן קיין בלוט, ניט עסן אבר מן החי, גע־דאַרפט אָפּהיטן געוויסן דינים פון עריות א. אַז. וו.

איז ערשטנס, זיינען דאָך אפילו די זיבן דינים געגעבן געוואָרן צו די „בני

נח״ ערשט דורך אונזער תורה . . . און נעמט מען אַוועק די תורה פון אידן, דאַן בלייבן דאָך אויך די בני נח, די גוים, הייסט עס, אָהן זייערע שבע מצוות . . .

און צווייטנס, זיינען די דאָזיקע זיבן מצוות די פונדאַמענטאַלסטע געבאָטן פון אַ מענשלעך לעבן, אָבער זיי זיינען ניט שעפעריש גענוג איבערצוברעכן דעם מענטשן און אים אויסלייטערן פון זיינע ערדישע אינסטינקטן, ער זאָל קענען דער־גרייכן די מדרגה פון דער העכסטער און פיינסטער עטיק און קדושת החיים — דאָס קען מען דערלאַנגען בלויז מיט דער הילף פון דער תורה, אָדער, ווען איינער איז באַגאַבט מיט אַזאַ גאָניאַלער נשמה, ווי אברהם אבינו, וועלכער איז אַליין דערגאַנגען צו דער ריינער עטישער ג—ט־דערקענטעניש און, פאַלגלעך, האָט די גמרא געקענט זאָגן אויף אים: „קיים אברהם אבינו כל התורה עד שלא ניתנה כמשנתנה״ . . .

ביז אברהם׳ן איז אויף דער וועלט ניט געווען קיין שעפערישער תורה־גייסט. מיט אברהם׳ן הויבט זיך אָן אַ נייער ליכטיקער ג—ט־באַגריף און אָן אייגנ־אַרטיקע ג—ט באַציאונג. אברהם, דער ערשטער איד, טראָגט שוין מיט זיך דעם עטישן אומרו, די גרויסע אהבת השם און אהבת הבריות . . . ער גייט ניט מ י ט ג—ט, נאָר פ אַ ר א ו י ס פון ג—ט . . . ער זאָגט דעות זיין ג—ט . . . פאָדערט פון אים גערעכטיקייט און פראָטעסטירט קעגן זיינער אַ האַנדלונג, ווען ער דענקט, אַז דאָס איז אַ פאַרלעצונג פון דעם עטישן פרינציפ . . .

ווען ג—ט זאָגט אברהם׳ן אַז ער האָט באַשלאָסן צו פאַרניכטן סדום און עמורה, נעמט עס ניט אברהם אויף, ווי אַן ענדגילטיקן באַשלוס פון זיין ג—ט. ער זוכט אים צו באַוועגן צו ענדערן דעם באַשלוס אין נאָמען פון גערעכטיקייט: „חלילה לך״ און ס׳טייטש, „השופט כל הארץ לא יעשה משפט״ . . .

אברהם, דער ערשטער איד, דער פאָטער פון ברוויזנדיקע נביאים, עטישע חכמים און אומרואיקע וועלט־פאַרבעסערער, האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן ג—ט דעם אמת און מאָנען גערעכטיקייט. ער איז געגאַנגען פ אַ ר א ו י ס, באַלויכטן ג—ט אין זיין וואוינונג . . .

נח, אָבער, איז ניט געווען קיין גרויסע גייסטיקע קראַפט. ער איז ניט געווען קיין רשע. ער האָט טאַקע מקיים געווען די זיבן מצוות, אָבער, ווייטער איז ער ניט געגאַנגען. ער איז ניט געווען שעפעריש. ער איז געגאַנגען מ י ט ג—ט . . . און ווען ג—ט זאָגט אים, אַז ער גייט פאַרניכטן די גאַנצע וועלט און אַלץ וואָס לעבט אין איר, שטעלט ער זיך ניט איין און פרעגט ניט, וואו איז יושר? . . . טאָמער איז ערגעץ וואו דאָ עטלעכע צדיקים — וואָרום זאָלן זיי אונטערגיין? אַבי ער און זיין פאַמיליע זיינען געראַטעוועט, איז שוין ג—ט גערעכט . . .

נח האָט אפילו ניט געפרעגט ביי ג—ט: „אם אדם חטא בהמה מה חטאה?״ — אויב דער מענטש האָט געזינדיקט, וואָס אָבער איז שולדיק די שטומע בהמה? — די דאָזיקע טיף־עטישע צער בעלי חיים׳דיקע פראַגע האָט שפּעטער געפרעגט דער

תנא ר׳ יהושע בן קרחה, אַן אור־אייניקל פון אברהם אבינו (זע סנהדרין ק״ח), אָבער נח האָט ניט פּראָטעסטירט צו ג—ט קעגן דעם מבול . . .

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַרגלייך וואָס דער ילקוט שמעוני ברענגט צו אילוסטרירן דעם אונטערשייד צווישן נח׳ן און אברהם׳ן:

„ר׳ נחמיה אומר: לאוהבו של מלך שהיה משתקע בטיט, הציץ המלך וראה אותו, אמר לו: עד שאתה משתקע בטיט בא והלך עמי, הה״ד „את האלקים, התהלך נח״. ולמה אברהם דומה? — לאוהבו של מלך שראה את המלך במבואות אפלים והתחיל מאיר לו דרך החלון. אמר לו: עד שאתה מאיר לי דרך החלון בא והאר לפני, כך אמר הקב״ה לאברהם אבינו: עד שאתה מאיר לי מאספמיא, בא והאר לי בארץ ישראל״ —

נח איז געגליכן צו אַ פריינט פון אַ קעניג, וועלכער איז געזונקען אין אַ זומפּ, האָט אים דער מלך געזאָגט: וואָס דאַרפסטו זינקען אין זומפּ, קום בעסער מיט מיר. אָבער אברהם איז געגליכן צו דעם מלך׳ס פריינט, וואָס האָט באַלויכטן דעם קעניג דעם וועג דורך זיין פענסטער . . . אברהם׳ס ליכט האָט געוויזן דעם וועג דעם קעניג . . . האָט אים ג—ט געזאָגט: אנשטאט וואָס דו באַלייכסט מיר דורך דיין פענסטער אין ארם נהרים, קום בעסער און באַלייכט מיר אין ארץ ישראל . . .

און אברהם׳ס ליכט אין ארץ ישראל האָט זיך שפּעטער פאַנאַנדערגעברענט אין הערלעכע קאָלירפולע פייערן פון תורה, נבואה און חכמה, מיט די אידעאַלן פון פרייהייט, וועלט־משיח׳יזם און קדושת החיים, וואָס זיינען געוואָרן דער דינאַמישער אינהאַלט פון דעם אידנטום, בעת די בני נח שלעפּן זיך נאָך אין די פוס־טריט פון זייער זיידן נח, וועלכער איז צופרידן עס זאָל זיין אַ מבול אויף דער וועלט, אַבי ער און זיין פאַמיליע וועלן דערפון ניט ליידן . . .

די פירער פון „בני נח״ אין פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבן אַזוי געהאַנדלט מיט טשעכאָסלאָוואַקיע און מיט שפּאַניע, איבערגעבנדיק די אָרימע, שוואַכע פעלקער צו די וועלט־משחיתים, אַבי זיי האָבן זיך איינגעקויפט אַן איינגערעדטן שלום ביי זיך אין דערהיים . . .

און בעת די גאַנצע וועלט ווערט פאַרטרונקען פון אַ מבול נידערטרעכטי־קייטן, רויב, מאָרד, האַס און רציחות, שוויגן די מעכטיקע מלוכות פון די „בני נח״ און עס טראָגט זיך צו די הימלען בלויז דער שטורעמדיקער פּראָטעסט־געשריי פון די בני אברהם:

השופט כל הארץ לא יעשה משפט?! . . .

# לך-לך

## אברהם אבינו, אַליין אַ פּליכטלינג פון דיקטאַטאָר נמרוד, האָט אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר זיינע קינדער . . .

„אמר הקדוש ברוך הוא לאברהם אבינו: צא וכבוש את הדרך לפני בניך . . . אתה מצא שכל מה שכתוב באברהם כתוב בבניו . . ."

(מדרש ב"ר פ' מ')

יעדעס פאָלק האָט אַרומגעוועבט די געשיכטע פון זיין אורשפּרונג און אַנטשטייאונג מיט פאַנטאַסטישע העלדן־געשיכטעס און פאַרבנרייכע וואונדער־מעשיות, וואָס שפּיגלען אָפּ זיין כאַראַקטער, זיין קאָלעקטיווע פּערזענלעכקייט און זיין היסטאָרישן גורל.

די אור־פּאַטערס פון די פעלקער ווערן אין זייערע פאָלקס־לעגענדעס באַזונגען אַלס העלדישע קריגער, רויבער־הויפּטלינגען, מעכטיקע וואַלד־יעגער, וואָגעוודיקע ים־פאָרער, פיש־פאַנגער, גאָלד־זוכער, מלחמה־פירער, און אויך אַלס האַלבגעטער, וואָס האָבן געפירט ליבע־אינטריגעס מיט די געטינס, געמאַכט אייפערזיכטיק זייערע געטער, מיט וועלכע זיי האָבן צוזאַמען געהוליעט און גע'שיכורט . . .

אין דער פאָלקס־לעגענדע וועגן די אור־פּאַטערס פון דער אַלטער פּאַגאַנישער צייט קענט איר תמיד געפינען די זאָמען פון וועלכע די מאָדערנע פאָלקס־נשמה איז אַרויסגעוואַקסן, דעם פאָדעם פון וועלכן די פאָלקס־קולטור איז אויסגעשפּונען געוואָרן . . .

און אויב איר ווילט וויסן דעם אמת'ן גייסטיקן מהות פון אַ פאָלק, וואָס איז באַדעקט מיט אַ מאַסקע פון „קולטור און ציוויליזאַציע", זאָלט איר אַריינבליקן אין דעם פאָלקלאָר פון זיין קינדהייט, ווי דאָס פאָלק האָט אים באַשאַפן — און די נשמה פון דעם פאָלק וועט זיך פאַר אייך אַנטפּלעקן אין איר גאַנצער ברוטאַלער, אָדער אידעאַלער, נאַקעטקייט . . .

און אין דעם נאַציאָנאַלן עפּאָס וועגן די אור־פּאַטערס פון אידישן פאָלק, אין דער לעבנס־געשיכטע פון אונזערע אבות, ווי זי ווערט דערציילט אין דער תורה און אויסגעטייטשט פון אונזערע חכמים, געפינען מיר ניט נאָר דעם גייסט פון אידישן פאָלק, נאָר אויך זיין טראַגישן גורל, זיין מאַרטירערטום און זיין גבורה, זיין קאַמף מיט דער וועלט און פאַר דער וועלט, און זיין ענדלעכן נצחון פון „אחרית הימים" . . .

אין דער גאַנצער לעבנס־געשיכטע פון אונזערע אבות, וואָס שפּיגלט אַזוי בולט אָפּ די אידישע טראַגעדיע פון אַמאָל און פון היינט, געפינען מיר אַ טרייסט און אַ דערמוטיקונג אין אונזער היינטיקער בלוטיקער צייט, אַז מיר זאָלן ניט פאַר־צווייפלט ווערן און ניט אַריינפאַלן אין אַ פינסטערן יאוש, ווען אפילו עס זאָל אונז אויסקומען צו קעמפן קעגן אַ גאַנצער וועלט, חלילה — וועלן מיר קעמפן, ליידן און טראָגן מיט געדולד אונזער טראַגישן גורל, ביז מיר וועלן דאָך זיגן איבער אונזערע שונאים, ווי דאָס האָט געטאָן אונזער ערשטער פּאַטריאַרך, אברהם אבינו, וועלכער האָט געקעמפט אַליין קעגן אַ גאַנצער וועלט, קעגן אַ מעכטיקן דיקטאַטאָר, ווי נמרוד איז געווען, און האָט דאָך ענדלעך געזיגט . . . נאָך אַלע יסורים, וואַנ־דערונגען, נסיונות, שרעק און פאַרפאָלגונגען, איז ער דאָך געקומען אל המנוחה ואל הנחלה אין זיין פאַרשפּראָכן היימלאַנד . . .

אין דער געשיכטע פון אברהם אבינו זעען מיר ניט נאָר „מעשה אבות סימן לבנים", נאָר אַ קאָנדענסירטע לעבנס־געשיכטע פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק. דער גאַנצער אידישער גורל, זיין געניאַלער בייטראַג צו דער מענשהייט, זיין מאַרטירער־טום, זיין טיפער גלויבן, זיינע גלות׳ן און זיין ענדלעכע גאולה, שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם לעבן פון אברהם אבינו.

ניט קיין קריגס־העלד און ניט קיין מעכטיקער וואַלד־יעגער, אויך ניט קיין איינגעפונדעוועטער בעל־הבית אין זיין אייגענער היים, איז אונזער ערשטער פּאָטער געווען. ער האָט זיך, ווי זיינע קינדער נאָך אים, ניט אויסגעצייכנט מיט פיזישער גבורה, נאָר מיט זיין געניאַלן גייסט, מיט וועלכן ער איז דערגאַנגען צו דער ריינער עטישער ג—ט־דערקענטעניש . . . ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט די וועלט מיט ג—ט פאַרבונדן . . . אברהם האָט געעפנט אַ פענסטער צום הימל און באַ־פאַרבט די שויבן מיט גערעכטיקייט, רופנדיק די מענשן צו קוקן דורכ׳ן פענסטער און זען ג—ט . . .

„אמר רבי ראובן: ישנים היו אומות העולם מלבוא תחת כנפיו של הקב״ה, ומי העירן לבוא תחת כנפיו? — אברהם אבינו" (ילקוט שמעוני). — די אומות העולם זיינען געווען פאַרזונקען אין שלאָף און האָבן ניט געקענט קומען אונטער די פליגלען פון דער שכינה, און ווער האָט זיי אויפגעוועקט? — אברהם אבינו . . .

„אמר ר׳ שמעון: אברהם אבינו — אב לא למדו ורב לא היה לו, ומהיכן למד את התורה? אלא זמן לו הקב״ה שתי כליותיו כעין שני כדים והיו נובעות ומלמדות אותו תורה וחכמה כל הלילה" (בראשית רבה פ׳ ס״א). — האָט ר׳ שמעון געזאָגט: אברהם אבינו— אים האָט דאָך זיין פאָטער ניט געלערנט און קיין רבי׳ן האָט ער אויך ניט געהאַט — טאָ פונוואַנעט האָט ער געלערנט תורה?

נאָר ג—ט האָט אים געבענטשט מיט צווי נירן, וואָס האָבן געקוואָלן מיט תורה און חכמה אַ גאַנצע נאַכט . . .

ר׳ שמעון וויל דאָ באַטאָנען די געניאַליטעט פון אברהם אבינו, וועלכער

איז אַליין, מיט זיין אייגענעם שכל געקומען צו דערקענען זיין בורא און צו זיין תורה . . . און דאָס איז דאָך דער היסטאָרישער אמת בנוגע צום גאַנצן אידישן פאָלק, וועלכער האָט געמאַכט דעם עטיש־רעליגיעזן בייטראַג צו דער וועלט אָהן אירגנד וועלכע פרעמדע איינפלוסן . . .

און מיט נאָך אַ אידישער זאַך איז אברהם אבינו געווען באַגאַבט — מיט אידישער עקשנות זיך צו האַלטן פאַר'ן אמת . . . מיט דעם אידישען אומרו צו קעמפן פאַר'ן אמת . . . מיט דעם אידישן געדולד צו שטאַרבן פאַר'ן אמת . . . און דאָס איז געווען דער סוד פון זיין נצחון . . .

די טראַדיציאָנעלע לעגענדע ווייסט צו דערציילן, אַז ווען אברהם איז דער־שינען אויף דער וועלט, האָט דאַן געהערשט אַ ברוטאַלער דיקטאַטאָר מיט דעם נאָמען נמרוד, וועלכער האָט זיך דערקלערט ניט נאָר פאַר אַ מושל, נאָר אויך פאַר אַ ג—ט . . . ער האָט געוואָלט באַהערשן די נשמות פון די מענשן . . . און אַט קעגן דעם טיראַנישן דיקטאַטאָר, צו וועלכן אַ וועלט האָט זיך געבוקט, האָט אברהם אבינו געהאַט די „העזה" צו דערקלערן אַ קאַמף. צוערשט האָט ער זיך אויסבאַ־האַלטן פון צאָרן פון דעם דיקטאַטאָר. דערנאָך איז ער אַרויס אין אַן אָפענעם רע־וואָלוציאָנערן קאַמף, פראָפּאַגאַנדירנדיק די ריינע ג—ט־אידייע צווישן די מענשן. ער איז אַרעסטירט געוואָרן, פון נמרוד'ס „געסטאַפּאָ", אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער וואו מען האָט אים געפּייניקט, אָבער ער, דער גרויסער ג—ט קעמפער, דער פאָטער פון אידישן פאָלק, האָט אַלץ איבערגעטראָגן און זיך ניט אונטערגעגעבן. ענדלעך האָט מען אים געבונדן און אַריינגעוואָרפן אין אַ ברענענ־דיקן קאַלך־אויוון, און דער רעזולטאַט איז געווען, וואָס די שטריק זיינען פאַר־ברענט געוואָרן, אָבער אברהם איז אַרומגעגאַנגען אין פייער און האָט שפּאַצירט מיט מלאכים . . .

און ערשט דאַן, נאָך אַזוי פיל ליידן און יסורים, ווען אברהם איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון דעם קאַלך־אויוון, האָט אים ג—ט געזאָגט: „לך לך" — פאַרלאָז דיין פאָטער'ס הויז און דיין געבורטס־אָרט, הויב אָן צו וואַנדערן אויף דער וועלט, ביז דו וועסט ענדלעך קומען צו דעם לאַנד, וואָס איך האָב אָנגעגרייט פאַר דיר און דיינע קינדער.

„בשעה שאמר לו הקב"ה לאברהם: „לך לך מארצך וממולדתך" למה היה דומה?" — צו וואָס איז אברהם אבינו געווען געגליכן, ווען ג—ט האָט אים גע־הייסן אויסוואַנדערן פון זיין לאַנד? — צו אַ פלאַש מיט פאַרפיום, וואָס ליגט אין אַ ווינקל און קיינער פילט ניט איר קוויקנדיקן ריח, אָבער אַזוי שנעל ווי מען פירט איר איבער אויף אַן אַנדער פלאַץ, הויבט זי אָן אַרויסצוגעבן איר ריח — אַזוי איז געווען אברהם, ווען ג—ט האָט אים געהייסן אויסוואַנדערן. ג—ט האָט געזאָגט צו אברהם'ן: „הרבה מעשים טובים יש לך, הרבה מצוות יש לך, טלטל עצמך ממקום למקום ושמך מתגדל בעולם" (בראשית רבה פ' ל"ט).

שוין דער ערשטער איד איז געווען אַ פליכטלינג פון אַ דיקטאַטאָר . . .
שוין דער ערשטער פאָטער אונזערער איז געפייניקט געוואָרן פאַר זיין אמת, וואָס ער האָט געטראָגן . . . שוין אברהם אבינו האָט דורכגעלעבט אונזער גאַנצן טראַגישן גורל, דורכגעגאַנגען אַלע פייניקונגען און תפיסות צוליב זיין ג—ט־גלויבן, און דאָך האָט ער געמוזט ווייטער וואַנדערן און וואו נאָר ער איז געקומען, איז געווען „ויקרא בשם ד׳", און וואו נאָר ער האָט זיך אָפגעשטעלט, האָט ער געבויט אַ מזבח...

„אמר לו הקב"ה לאברהם אבינו: צא וכבוש את הדרך לפני בניך . . .
אתה מוצא כל מה שכתוב באברהם כתוב בבניו" — דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט געזאָגט צו אברהם׳ען: גיי אַרויס און מאַך אַ וועג פאַר דיינע קינדער . . .
דו געפינסט, אַז אַלץ וואָס איז געשריבן געוואָרן ביי אברהם׳ען, איז געשריבן געוואָרן (אין דער געשיכטע), ביי זיינע קינדער (בראשית רבה פ׳ מ׳).

און אברהם אבינו איז געווען אונזער פאָרגענגער, וואָס האָט אויסגעטראָטן אונזער וועג פון פליכטלינגע און געיאָגטע, דעם וועג פון בלוט און פייער, פון שייטערהויפנס און קאָלד־אויוונס, דורך וועלכן מיר וואַנדערן צו אונזער הימלאַנד . . .

אברהם אבינו האָט אויך אויסגעטראָטן און איינגענומען דעם וועג פון אייביקער גבורה פאַר זיינע קינדער . . . דעם וועג פון נביא׳ישן אומרו און עקשנות־דיקן קאַמף פאַר ג—ט און זיין תורה־קולטור — אברהם אבינו האָט אונז אויך איבערגעגעבן זיין גרויסן יעוד און דעם סוד פון אונזער אייביקייט צוזאַמען מיט דעם גלויבן אין אַ בעסערער, גליקלעכער מענשהייט . . .

# לך-לך

## דער גורל׳דיקער „ברית בין הבתרים״, וואָס האָט פאַר־זיגלט די צוקונפט פון אידישן פאָלק פאַר אַלע אייביקייטן. — דער זין פון דעם „ידוע תדע״ און דער סוד פון דעם „רכוש גדול״.

„אחר הדברים האלה״ — אחר הרהורי דברים שהיו שם. מי הרהר? אברהם הרהר . . .
„אל תירא אברם אנכי מגן לך״ — ר׳ לוי אמר: לפי שהיה אברהם אבינו מתפחד ואומר: תאמר, אותן אוכלסין שהרגתי, שהיה בהם צדיק אחד וירא שמים אחד? . . .
(בראשית רבא פ׳ מ״ד).

„ויוצא אותו החוצה״ — אמר אברהם לפני הקב״ה: רבונו של עולם, נסתכלתי באיצטגנינות שלי ואיני ראוי להוליד בן. אמר לו: צא מאיצטגנינות שלך, שאין מזל לישראל . . .
(שבת קנ״ו, נדרים ל״ב).

„ויאמר: אדוני אלקים, במה אדע״ — ר׳ חייא בר חנינא אמר: לא כקורא תגר, אלא, אמר לו: באיזו זכות? אמר לו: בכפרות שאני נותן לבניך . . .
(ב״ר פ׳ מ״ד).

„במה אדע כי אירשנה״ — אמר אברהם לפני הקב״ה: רבונו של עולם, שמא, חס ושלום, ישראל חוטאים לפניך ואתה עושה להם כדור המבול וכדור הפלגה? אמר לו: לאו. אמר לפניו: „במה אדע?״ אמר לו: „קחה לי עגלה משלשת וכ״ו״.
(מגילה ל״א:).

איינער פון די באַדייטפולסטע, גליהענדיקסטע און גורל׳דיקסטע עפּיזאָדן אין דעם לעבן פון אברהם אבינו, איז זיין ערשטער, פאַר אַלע אייביקייטן געשלאָסענער בונד מיט ג—ט — דער „ברית בין הבתרים״, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין פלאַמ־פייערדיקער צערעמאָניע מיט אַלעגאָרישע אָנדייטונגען און מיסטעריעזע סימבאָלן.

די סצענע, וואו ג—ט באַווייזט זיך צו אברהמ׳ען אין אַ „מחזה״, נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען פון זיין זיגרייכער באַפרייאונגס־מלחמה מיט די פינף מלכים, ווי זי ווערט געשילדערט אין דער סדרה „לך לך״, איז איינגעוויקלט אין סודות־פולע שלייערן, וועלכע קענען פאַנאַנדערגעעפנט ווערן בלויז מיט דער הילף פון אונזערע חכמים, זכרונם לברכה, די אויסטייטשער און דערקלערער פון דער תורה.

שוין דעם אַריינפאַר צו אָט־דער אַפּאָקאַליפּטישער סצענע איז שווער צו

פאַרשטיין, שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם פּאַלגנדיקן געשפּרעך צווישן ג—ט און אברהמ׳ען, וואָס איז, פונאויבנאויף, ווידערשפּרעכנדיק און האָט ניט קיין לאָגישן צוזאַמענהאַנג מיט דעם גורל׳דיקן „ידוע תדע״ . . .

די סצענע הויבט זיך אָן מיט „אחר הדברים האלה״ — נאָך די דאָזיקע געשעהעענישן, דאָס הייסט, נאָכדעם ווי אברהם האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי נאָבל און דערהאָבן, ניט וועלנדיק האָבן קיין שום פּערזענלעכן געווינס פון דער באַפרייאונגס־מלחמה, וואָס ער האָט געוואונען — „איז דאָס וואָרט פון ג—ט געוועזן צו אברם׳ען אין אַ זעאונג אַזוי צו זאָגן״:

„אל תירא, אברם, אנכי מגן לך, שכרך הרבה מאד״ — זאָלסט ניט מורא האָבן, אברם, איך בין דיר אַ שילד; דיין שכר איז זייער גרויס״.

פאַרוואָס האָט אברהם געדאַרפט מורא האָבן, ווען ער איז געוועזן ביכולת צו באַזיגן אַזעלכע פינף גרויסע מלכים און זייער חייל?

און ווען אברהם באַקלאָגט זיך פאַר ג—ט, וואָס ער האָט ניט קיין זון און ג—ט פאַרזיכערט אים, אַז ער וועט האָבן אַ זון און אַז זיינע קינדער וועלן זיין אַזוי פיל ווי די שטערן אין הימל, וואָס מ׳קען ניט איבערציילן, דערציילט די תורה:

„והאמין בד׳ ויחשביה לו צדקה״ — און אברהם האָט געגלויבט אין ג—ט און ג—ט האָט אים דאָס פאַררעכנט פאַר אַ גערעכטיקייט, פאַרשפּרעכנדיק אים דער־ביי דאָס לאַנד כנען אַלס ירושה פאַר זיינע קינדער — איז דאָך גוט. האָט דאָך שוין אברהם, דער גלויביקער אין ג—ט׳ס פאַרשפּרעכן, געקענט צופרידן זיין. אָבער, ניין. אברהם ווערט ווידער געמאַטערט פון ספקות און פרעגט ביים רבונו של עולם:

„במה אדע כי אירשמה?״ מיט וואָס וויים איך, אַז איך וועל עס אַרבן? אַלס ענטפער אויף אָט דער פראַגע, הייסט אים ג—ט ער זאָל נעמען אָן עגלה משלשלת וכ״ו און עס ווערט דורכגעפירט די אַפּאָקאַליפּטישע סצענע, אין וועלכער ג—ט זאָגט צו אברהמ׳ען:

„ידוע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם״ — וויסן זאָלסטו וויסן, אַז דיינע קינדער וועלן זיין פרעמדע אין אַ לאַנד וואָס איז ניט זייערס, און מ׳וועט זיי פאַרקנעכטן, און מ׳וועט זיי פּייניקן פיר הונדערט יאָר, און אויך דאָס פאָלק וועמען זיי וועלן דינען, וועל איך משפּט׳ן, אָבער: „ואחרי כן יצאו ברכוש גדול״ — דערנאָך וועלן זיי אַרויסגיין מיט אַ גרויסן פאַרמעגן.

וואָס פאַר אַ לאָגישער ענטפער איז דאָס אויף אברהמ׳ס פראַגע „במה אדע כי אירשנה?״

עס זעט, אָבער, אויס, אַז אברהם האָט זיך טאַקע צופרידנגעשטעלט מיט דעם גורל׳דיקן „ידוע תדע״ פאַר זיינע קינדער, ווייל באַלד דאַרויף דערציילט די תורה:

„ביום ההוא כרת ד׳ את אברם ברית לאמר לזרעך נתתי את הארץ הזאת״— אין יענעם טאָג האָט ג—ט געשלאָסן אַ בונד מיט אברמ׳ען אַזוי צו זאָגן: צו דיין זאָמען

האָב איך אַוועק געגעבן דאָס דאָזיקע לאַנד, פון דעם טייך פון מצרים ביז דעם גרויסן טייך, דעם טייך פרת״ . . .

פאַרוואָס האָט אברהם ניט פּראָטעסטירט, ווען ג—ט זאָגט אים, אַז זיינע קינדער וועלן אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַ מורא׳דיקער שקלאַפעריי אין אַ פרעמד לאַנד? וואָרום האָט אברהם ניט געזאָגט צו ג—ט: מוחל, רבונו של עולם, מוחל דיר דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס מיינע קינדער וועלן האָבן פאַר זייערע יסורים און פּייניקונגען? . . .

נאָר ווען מען באַגרייפט די ליכטיקע, נאָבעלע און געניאַלע פערזענלעכקייט פון דעם ערשטן איד אויף דער וועלט, וואָס איז צוערשט דערשינען אויף דעם נאָענטן מזרח, ווי אַן אויפגייענדיקע זון אויף דער ערד, פאַר דער ברכה פון דער גאַנצער מענשהייט — ווען מען בליקט אַריין אין דעם זוניקן געשטאַלט פון אברהם העברי, ווי ער ווערט געמאָלן אין דער תורה און פאַרטיפט און פאַרגייסטיקט פון אונזערע חכמים, דערזעען מיר, אַז שטייענדיק ביי דער סצענע פון ברית בין הבתרים, שטייען מיר ביים סאַמע בראשית פון אידישן עטישן אומרו . . . ביי דעם סוד פון דער וועלט־דערלייזנדיקער גבורה פון אידישן פאָלקס־גייסט . . . ביים קוואַל פון וואַנעט דאָס היסטאָריש אידנטום האָט געשעפּט זיינע נביאים און משיחים, זיינע שטורמער פאַר ג—ט און גערעכטיקייט, זיינע קעמפער פאַר פרייהייט און מענש־לעכער חשיבות, און זיינע רעוואָלוציאָנערן און מאַרטירער אויף אַלע באַריקאַדן און מזבחות פאַר דער מענשלעכער ציוויליזאַציע . . .

אברהם אבינו, אָט די עטישע ג—ט־גלויביקע און ג—ט־פאַרליבטע פער־זענלעכקייט, איז ניט געווען באַזאָרגט וועגן אַ קינד, וואָס זאָל ירש׳ענען זיינע ערדישע רייכטימער, זיינע גאָלד און זילבער און שאָף און רינדער.

ער, אברהם, וואָס וואו נאָר ער איז געקומען איז „ויקרא בשם ד׳״ און „ויבן שם מזבח לד׳״ — ער, וואָס האָט אַזוי פיל נשמות מתקן געווען און געבראַכט ווילדע פאַגאַנער תחת כנפי השכינה — ער האָט געוואָלט האָבן אַ יורש פאַר זיין גייסטיקן פאַרמעגן . . . ער האָט געוואוסט, אַז אויף די גרים, וואָס ער האָט גע־מאַכט, קען ער זיך ווייניק פאַרלאָזן . . . ווייל נאָך אַלעמען זיינען די אידעאַלן פון זיין עטישער ג—ט־דערקענטעניש דאָך פרעמד צו זיי, און מי יודע אויב זיי וועלן דאָס קענען אַזוי פאַרדייען אין זייער פּסיכישן מהות, אַז זיי זאָלן זיך קענען מוסר נפש־זיין פאַר זיי?

אַ זון, וואָס זאָל אַרויסגיין פון זיינע לענדן, האָט געוואָלט דער ערשטער איד אויף דער וועלט, וואָס זאָל איבערנעמען זיין גייסטיקע ירושה און זי פאַרשפרייטן אויף דער ערד. ער דאַרף האָבן אַ זון, וואָס זאָל זיין פיאיק צו גיין אויף אַלע עקידה׳ס, אין אַלע פייערן און וואַסערן, פאַר זיין גייסטיקער ירושה . . .

און די וועלט דאַרף אויסגעלייזט ווערן . . . די מענשהייט מוז האָבן אַ

משיח, און דער אויסלייזער מוז זיין דאָס פאָלק, וואָס וועט אַרויסגיין פון זיינע פאַר־אידעשטע בלוטן און פאַרגייסטיקטע נערוון . . .

אָט איז ער אַליין געצוואונגען געוואָרן צו נעמען דעם שילד און בויגן, באַוואפענען זיינען תלמידים, ווען ער האָט געלערנט, אַז בלוט־פאַרגיסונג איז אַ שרעקלעכע זינד, אַז מלחמה איז די שאַנד פון די פעלקער . . .

אמת, ער האָט געפירט אַ באַפרייאונגס־מלחמה, ער האָט ניט געקענט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, ווען דער „פּליט" איז געקומען און אים דערציילט „כי נשבה אחיו" — אַז זיין ברודער איז געפאַנגען געוואָרן. ער האָט ניט געקענט זיין „נייטראַל", ווען רויבערישע הערשער אַטאַקירן שוואַכע און הילפלאָזע. „נייטראַליטעט" אין אַזאַ צייט מיינט פאַסיווע מיט־שותפות אין דעם הימל־שרייענדיקן פאַרברעך . . .

אָבער, דאָך האָט ער מיט זיין גאַנצער נשמה, ווי אברהם, האָט ער זיך געפילט נידערגעשלאָגן, וואָס ער האָט געמוזט פאַרגיסן בלוט . . . ער איז געפּייניקט געוואָרן פון ספקות, אונזער ערשטער טאַטע, אפשר האָט ער אין דער מהומה פון מלחמה געטויטעט אויך אומשולדיקע . . .

„אחר הדברים האלה" — אחר הרהורי דברים שהיו שם. מי הרהר? אברהם הרהר — דער מדרש האָט דאָ דערפילט, אַז אברהם איז געווען באַאומרו־איקט פון בייסנדיקע געדאַנקען, קומענדיק צוריק פון דער מלחמה. פאַר דעם פאָטער פון דעם אידישן פאָלק פּאַסט ניט צו פירן מלחמות . . . און זעענדיק ווי אברהם איז אַזוי באַאָרגט, איז דאָס דעם רבונו של עולם שטאַרק געפעלן געווען. קומט ער צו אים אין אַ זעאונג און זאָגט אים:

„אל תירא אברם אנכי מגן לך" — האָב קיין מורא, אברם. איך בין דיר אַ שילד. — זאָגט ר' לוי: „לפי שהיה אברהם אבינו מתפחד ואומר: תאמר אותן אכלוסין שהרגתי שהיה בהם צדיק אחד וירא שמים אחד?" — טאָמער איז צווישן די מאַסן מענשן, וואָס איך האָב אויסגעה'רג'עט, געווען איין צדיק אָדער איין ג—טס־פאַרכטיקער מאַן? — און וואָס איז די פעולה פון מיין גאַנצן ג—ט־קאַמף אויף דער וועלט, אַז איך בין אַ „הולך ערירי", אַז איך גיי אַרום אַן איינזאַמער אויף דער ערד . . . צי מיט מיר וועלן אויך שטאַרבן מיינע אידעאַלן, וואָרום עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל פאָרזעצן דעם המשך, דעם ווייטערדיקן קאַמף פאַר וועלט־אויס־לייזונג . . .

אמת, זאָגט אברהם, אַז איך האָב טאַקע תלמידים און גרים, אָבער מ'קען זיך אויף זיי ניט פאַרלאָזן . . . אָט אפילו דער גרעסטער און געטרייסטער יורש מיינער איז מיין הויז־פאַרוואַלטער דמשק־אליעזר — איז ער דאָך מער ניט ווי אַ „דולה ומשקה תורת רבו לאחרים" — ער שעפּט און טרינקט־אָן די תורה פון זיין רבי'ן צו פרעמדע (לויט ווי די גמרא און רש"י אויפן אָרט טייטשן אויס דאָס וואָרט „דמשק") . . . אויך אויף אליעזרן קען מען זיך ניט פאַרלאָזן, ווי מיט

טויזנטער יאָר שפּעטער האָט מען זיך נישט געקענט פאַרלאָזן אויף די פּאַגאַנעס, וועלכע האָבן אָנגענומען דעם קריסטנטום, וואָס איז אויך געווען אין דער בחינה פון „דולה ומשקה תורת רבו לאחרים״ . . .

און ג—ט פאַרזיכערט אים, אַז זיין גייסטיקע ירושה וועט פאַרגעזעצט ווערן פון זיין אייגענעם זאָמען און אַז זיי וועלן זיין אַזוי פיל ווי די שטערן אין הימל, וואָס מ׳קען ניט איבערציילן פון גרויס פילקייט . . . און ג—ט פירט אים אַרויס אויף דרויסן און הייסט אים אַ קוק טאָן און איבערציילן די שטערן פון הימל.

דערביי האָט אים ג—ט, לויט דער תלמוד־ישער אגדה, געלאָזט וויסן, אַז ער, אברהם, ווי זיינע קינדער, די אידן, זיינען ניט אונטערגעוואָרפן די כחות פון דער נאַטור און זייער גורל איז ניט אָפּהענגיק פון די שטערן און מזלות, ווי אַנדערע פעלקער, ווארום אידן שטייען מחוץ למזל . . . זיי שטייען איבער די כחות־הטבע . . . זייער גורל איז פאַרבונדן מיט דער אייביקייט, מיט ג—ט . . .

„ויצא אותו החוצה״ — אמר אברהם לפני הקב״ה: רבונו של עולם, נסתכלתי באצטגנינות שלי ואיני ראוי להוליד בן. אמר לו: צא מאצטגניגות שלך, שאין מזל לישראל . . . (נדרים ל״ב).

און אברהם האָט זיך נאָך אַלץ ניט באַרואיקט. ער האָט טאַקי געגלויבט אין אַלץ וואָס ג—ט האָט אים פאַרשפּראָכן, ער וועט טאַקע האָבן קינדער, און זיי וועלן זיין אַזוי פיל ווי די שטערן אין הימל, ווארום ביי ג—ט איז אַלץ מעגלעך, אָבער:

„במה אדע כי אירשנה?״ — פון וואַנעט וויס איך, אַז מיינע קינדער וועלן גיין אין מיינע דרכים, טראָגן ווייטער מיינע אידעאַלן פון דער עטישער ג—ט־דער־קענטעניש, פון גערעכטיקייט און פרייהייט אויף דער וועלט? . . . וויס איך דאָך, אַז מענשן זיינען שלעכט, ענגהאַרציק און פאַרדאָרבן — פון וואַנעט וויס איך, אַז מיינע קינדער וועלן פאַרזעצן מיין גייסטיקע ירושה און קעמפן פאַר איר אויף אַלע עקידה׳ס פון דער וועלט?

„ויאמר אדוני אלקים, במה אדע״ — אמר אברהם לפני הקב״ה: רבונו של עולם, שמא, חס ושלום, ישראל חוטאים לפניך ואתה עושה להם כדור המבול וכדור הפלגה? — אמר לו: לאו. אמר לפניו: „במה אדע?״ אמר לו: „קחה לי עגלה משלשת״ וכ״ו (מגילה ל״א:).

אברהם איז, אלזאָ, געווען באַזאָרגט, טאָמער וועלן זיינע קינדער ניט קענען אויסהאַלטן די יסורים, וואָס זיין ירושה וועט אַרויפוואַרפן אויף זיי . . . טאָמער וועלן זיי זינדיקן און די וועלט וועט דאַן בלייבן אָן אויסלייזער און משיחים . . .

„במה אדע?״ — ר׳ חייא בר חנינא אמר: לא כקורא תגר, אלא אמר לו: באיזו זכות? — אמר לו: בכפרות שאני נותן לבניך . . . (בראשית רבה פ׳ מ״ד)

— אברהם׳ס „במה אדע״ איז ניט געווען קיין פאַראיבלדיקע פראַגע, נאָר ער האָט

געוואָלט וויסן „באיזו זכות", מיט וועלכן זכות וועלן די אידן שפּעטער קעמפן פאַר דעם אידנטום? וועלכער כח וועט זיי אָנפילן מיט דעם עטישן אומרו, צו פילן דעם הונגעריקן, דעם עלנטן און פאַרפאָלגטן? . . .

האָט ג—ט געענטפערט: מיט די כפרות, מיט די קרבנות, וואָס איך וועל געבן דיינע קינדער . . .

„ידוע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם" — מיין גיט, אברהם מיין פריינט, אַז איך וועל דיינע קינדער גלייך אַריינבראָכגען אין אַ לאַנד פון מילך און האָניק . . . ניט דאָס איז מיין פּלאַן פאַר דער געשיכטע פון דעם אידישן פאָלק, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער „אור לגוים" . . .

איך וועל צוערשט דיינע קינדער אַריינוואַרפן אין אַ מורא'דיקער שקלאַ־פעריי, וואו מ'וועט זיי שרעקלעך פייניקן, און דאָרט אין מצרים וועלן זיי זיך אָנזאַפּן מיט דעם צער פון דעם עלנטן און פרעמדן, מיט די ליידן פון דעם פאַרפאָלגטן און געפייניקטן און אָט דער צער וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גליענדיקן אומרו, וואָס וועט תמיד ברענען אין דיינע קינדערס ביינער . . .

אָבער:

„ואחרי כן יצאו ברכוש גדול" — נאָכדעם וועלן זיי אַרויסגיין מיט אַ ריזיגן גייסטיקן פאַרמעגן . . . זיי וועלן דאָן אויפנעמען אַ תורה, וואָס וועט זיי אַלע יאָרן האַלטן פאַרבונדן מיט „זכר ליציאת מצרים" . . . אַלע זייערע פריילעכע ימים טובים וועלן אָנגעפילט ווערן מיט דעם אָנדענק פון יציאת מצרים. אין אַלע זייערע תפלות וועט וויינען דער צער פון פאַרשקלאַפטן און אונטערדריקטן און דער גאַנצער מהות פון דעם אידנטום וועט זיין דורכגעזאַפּט מיט דער חשיבות פון פרייהייט און מיט דער הייליקייט פון דער מענשלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַזוי גרויזאַם געשענדעט געוואָרן אין מצרים . . .

אָט אַ דאַנק דעם „רכוש גדול" פון מצרים איז די „זרע אברהם אוהבי" דאָס איינציקע פאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן גאַנצע דורות פון נביאים, ג־ט—קעמפער, אידעאַליסטן, העלדן, מאַרטירער און וועלט־פאַרבעסערער . . .

און אָט דער „רכוש גדול", וואָס מיר האָבן אַרויסגעטראָגן פון מצרים, האָט פאַרהאַרטעוועט אונזער קערפּער, ווי שטאָל, קעגן אַלע יסורים און פייניקונגען, מאַכנדיק אונז ווידערשטאַנד־פעיאיק קעגן די גרויזאַמע אַטאַקעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף אונז דורך די אַלע גלות'ן ביז אויף היינטיקן טאָג . . .

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אָט דעם געדאַנק אין פאַרבינדונג מיט דעם „ידוע תדע" און „רכוש גדול", האָט דערהערט דער בעל ההגדה, וועלכער האָט ציטירט דעם פּסוק פון דעם „ידוע תדע" און גלייך נאָכדעם ווי ער שליסט מיט די ווערטער „ואחרי כן יצאו ברכוש גדול", פאַרבינדט ער עס מיט „והיא שעמדה לאבותינו ולנו" — מיי־

נענדיק: אַט דעם ר כ ו ש  ג ד ו ל האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען אונזער ווידער־שטאַנדספֿייאיקייט קעגן אַלע טיראַנען און צוררי ישראל, וואָס זיינען אויפֿגעשטאַנען אין יעדן דור אונז צו פֿאַרניכטן . . .

אַט דעם רכוש גדול האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען, וואָס מיר זיינען רייף געוואָרן אויפֿצונעמען אַזאַ ליכטיקע, עטישע, וועלט־ און מענש־דערלייזנדיקע תורה.

אַט דער רכוש גדול אַנטהאַלט אויך אונזער אומבאַזיגבאַרע גבורה, וואָס פֿילט אונז אָן מיט בטחון, אַז אויך די היינטיקע פּרעה׳ס וועלן באַקומען זייער פֿינ־סטערן סוף. די וועלט וועט ווידער ליכטיק ווערן. די פֿעלקער וועלן באַפֿרייט ווערן, און מיר וועלן אויך פֿון דעם היינטיקן בלוטיקן גלות אַרויסגיין מיט אונזער אַלטן „רכוש גדול״, וואָס איז נאָך מער באַרייכערט, פֿאַרטיפֿט און פֿאַרפֿיינערט געוואָרן אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר פֿון אונזער לאַנגן און לעצטן גלות — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# וירא

## אברהם אבינו׳ס עטישע ג—ט־דערקענטעניש

„אמר ר׳ שמעון: אברהם אבינו — אב לא למדו ורב לא היה לו, ומהיכן למד את התורה? אלא זמן הקדוש ברוך הוא שתי כליותיו כמין שני רבנים והיו נובעות ומלמדות אותו תורה וחכמה״.

(בראשית רבה, ס״א).

אויב מיר ווילן צוקומען צום סאַמע ליכטיקן אָנהויב פון יענעם גאָלדענעם וואונדער־פאַדעם, פון וועלכן ס׳האָט זיך אויסגעשפּונען דאָס אייביק־גייסטיק און עטישלויכטנדיק קונסט־געוועב פון דעם אידנטום — אויב מיר ווילן וואַרפן אַ היסטאָרישן בליק אויף דעם וויגעלע פון אונזער אייגנאַרטיקער ג—ט־קולטור און תורה־ציוויליזאַציע, וואָס איז פאַרטיפט, פאַרפיינערט און אויסגעשליפן געוואָרן דורך דורות נביאים, חכמים, גאונים, מקובלים און קדושים און איז אַריין אין דעם בלוט און פּסיכיק פון אונזער פאָלקסטום פאַר אַלע אייביקייטן — אויב מיר ווילן אָנקוקן דעם „בראשית״ פון אונזער פאָלקס־באַשאַף — זאָלן מיר ניט גיין קיין ארץ ישראל, ניט קיין מצרים און אפילו ניט צום באַרג סיני, נאָר גיין נאָך ווייטער צוריק מיט אומגעפער זיבן—אַכט הונדערט יאָר, אין דעם אַלטן כאַלדעאַ (כשדים), אין דער שטאָט, אָדער שטעטל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „אור״ — דעם געבורט־פּלאַץ פון אונזער ערשטן לויכטנדיקן אור־פאָטער, אברהם אבינו! . . .

דאָרטן, אין דעם אַלטן פּאַגאַנישן און פינסטערן כאַלדעאַ, אין אַ געצנדינערישער סביבה און ביי אַ געצנדינערישן טאַטן, איז די זון פון אונזער פאָלקס־געניוס אויפגעגאַנגען, באַלויכטענדיג דעם הימל אויפ׳ן נאָענטן מזרח, און פאַנאַנדערשיקענדיק אירע פאָלק־ און מענש־דערלייזנדיקע שטראַלן אויף דער גאַנצער וועלט . . .

ביי אַנדערע פעלקער ווערן זייערע אור־פאָטערס באַזונגען אין זייערע פאָלקס־מעשה׳לעך, העלדן־באַלאַדן און לעגענדעס פון זייערע „איליאַדאַס״, „זאַגאַס״ און „וועדאַס״, אַלס האַלב־געטער, מיטאָלאָגישע ריזן, געפּאַנצערטע קריגער און מעכטיקע מלחמה־פירער, וועלכע האָבן גע׳שכורט, געהוליעט און געפירט אייפערזוכטאינטריגעס מיט די געטינס און האַלב־געטינס . . .

פאַר זיי איז דאָס געווען גאַנץ נאַטירלעך. זיי האָבן פאַרהערלעכט זייערע שטאַם־פאָטערס לויט דעם מהות פון זייער פרימיטיווער פּאַגאַנישער פּסיכיק, אויף וועלכער זייערע קולטורן האָבן זיך אַנטוויקלט.

אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע פעלקער טיילט זיך אויס דער אור־פאָטער פון אידישן פאָלק — אברהם העברי — מיט זיין באַשיידענער, נאָבעלער, שיינער

פּאַטריאַרכאַלער געשטאַלט און מיט זיין אָריגינעלער, געניאַלער, עטישער ג—ט־דערקענטעניש, אין וועלכער ס׳איז קאָנצענטרירט, ווי זון־שטראַלן אין אַ ברען־גלאָז, די גאַנצע תורה, ווי זי איז געגעבן געוואָרן מסיני און פּאַרטיפט, אויסגעטייטשט און אַנטוויקלט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע דורות פון זיינע יורשים . . .

דאָס איז, אפשר, דער געדאַנק, פון דער גמרא, וואָס זאָגט, אַז אברהם אבינו האָט מקיים געווען די גאַנצע תורה אידער זי איז געגעבן געוואָרן, פּונקט אַזוי ווי זי איז געגעבן געוואָרן . . . (יומא כ״ח)

אידער ג—ט האָט זיך באַוויזן צו אברהם׳ען, מאַכט די תורה ניט קיין גרויס ווזען פון זיין געבורט. די תורה דערציילט אין קורצן: „אלה תולדות תרח: תרח הוליד את אברם, את נחור ואת הרן״ . . . און אברם און נחור האָבן זיך גענומען פרויען. דער נאָמען פון אברהם׳ס פרוי איז געווען שרי . . . און שרי איז געווען אַן עקרה, קיין קינד ניט געהאַט . . . און תרח האָט גענומען זיין זון אברם און שרי זיין שנור און לוט זיין אייניקל, און די האָבן פאַרלאָזן „אור כשדים״ צו גיין קיין כנען. זיינען זיי געקומען ביז חרן (אין מעסאָפּאָטאַמיע) און האָבן זיך דאָרט באַזעצט (בראשית י״א).

און באַלד דערויף דערציילט די תורה: „ויאמר ד׳ אל אברם: לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך״ — און ג—ט האָט געזאָגט צו אברם׳ן: גיי זיך דיר פון דיין לאַנד, פון דיין געבורט־פּלאַץ צום לאַנד, וואָס איך וועל דיר אָנווייזן.

אברהם איז שוין געווען אַ יונגערמאַן, און מיטאַמאָל באַווייזט זיך צו אים ג—ט מיט גרויס ליבע און מיט דער הבטחה און יעוד פאַר זיין גרויסער צוקונפט . . .

אין די ווייטערדיקע סדרה׳ס זעען מיר די וואונדערלעכע ג—ט־פאַרגייס־טיקטע געשטאַלט פון אברהם אבינו. ער פאַרשפּרייט דעם ג—ט־גלויבן אין אַלע זיינע וואַנדערונגען. וואו ער קומט איז „ויקרא בשם ד׳״ — פּראָקלאַמירט ער ג—ט׳ס נאָמען, און דער מדרש זאָגט: „מלמד שהקרא שמו של הקב״ה בפי כל בריה״ דאָס לערנט אונז, אַז אברהם האָט אַריינגערופן ג—ט׳ס נאָמען אין דעם מויל פון יעדער באַשעפעניש . . .

די תורה דערציילט פון זיינע אינטימע געשפּרעכן מיט ג—ט, פון זיין וואונדערלעכער ענדלאָזער אהבת השם, פון זיין צער און אַנטוישונגען, פון זיינע נאָבעלע האַנדלונגען. ער איז דער אמת׳ער גייסטיקער אַריסטאָקראַט, העלפט אַנ־דערע און וויל פון קיינעם ניט נעמען „מחוט ועד שרוך נעל״ . . . ער שטעלט זיך איין פאַר סדום און דינגט זיך מיט גב״ה פאַר עטלעכע צדיקים, וועלכע וואוינען צווישן די שרעקלעכע רשעים . . . דאַן די עקידה — ס׳איז דער גרעסטער נסיון, וואָס אילוסטרירט זיין שטאַרקן ג—ט־גלויבן און מסירות נפש פאַר דעם אמת — דאָס אַלץ, זיין פערזענלעכער נע־ונד־לעבן, זיין עקשנותדיקער ג—ט־קאַמף און

דער פיינער אומרואיקער חוש פאַר גערעכטיקייט, איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע קינדער, די „זרע אברהם אוהבי״ . . .

אָבער, וואָרום האָט ג—ט, פון אַלע מענשן אין יענער אַלט־גראָהער צייט, דוקא אברהם׳ען אויסגעקליבן צו זיין דער פאָטער פון זיין תורה־פאָלק?

וואָס איז געווען אברהם׳ס לעבן און פאַרדינסטן פאַר ג—ט, איידער ער האָט אויסגעוואַנדערט פון חרן?

דאָ מוזן מיר אָנקומען צו דער מסורה און די מאמרי חז״ל פון אונזער רעליגיעזן פאָלקלאָר אין אונזער רייכן ליטעראַרן קולטור־אוצר, וואָס גיבן אונז אַ קלאָר און ליכטיק בילד פון אברהם׳ס געניאַלער און נאָבעלער פערזענלעכקייט און פון דער „מעשה מרכבה״ פון זיין הייליק לעבן און שאַפן, וואָס איז אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם גאַנצן אידנטום . . .

שוין אַלס קינד האָט אין אים געבּרענט דער דראַנג פון „אידישער״ ג—ט־זוכעניש . . . זייענדיק באַגאַבט מיט אַ שאַרפן לאָגישן מח און אַ טיפער העל־זעהערישער אינטואיציע, האָט ער ניט געקענט באַנעמען די פּאַגאַנישע קולטור פון זיין סביבה און פון זיין געצנדינעריש הויז, און גאַנץ אַליין, מיט׳ן כח פון זיין גאונ׳ישן שכל און פילנדיק האַרץ, איז ער, דער ערשטער, געקומען צו דער ליכ־טיקער, קאָסמישער ג—ט־דערקענטעניש:

„אמר ר׳ יצחק״ — זאָגט ר׳ יצחק: „דאָס איז געגליכן צו איינעם וואָס האָט געוואַנדערט פון פּלאַץ צו פּלאַץ און ער האָט געזען אַ שיינעם באַליכטענעם פּאַלאַץ. האָט ער זיך געפרעגט: איז דאָס מעגלעך אַז דער הערלעכער פּאַלאַץ זאָל זיין אָן אַ פירער? האָט אַ קוק געטאָן אויף אים דער בעל־הבית פון פּאַלאַץ און אים געזאָגט: איך בין עס דער בעל־הבית פון דעם פּאַלאַץ.

„כך, אַזוי איז געווען מיט אברהם אבינו, וועלכער פלעגט זיך פרעגן: איז דאָס מעגלעך, אַז די וועלט האָט ניט קיין מנהיג? האָט הקב״ה אויף אים אַ בליק געטאָן און אים געזאָגט: איך בין עס דער בעל־הבית פון דער וועלט״ (בראשית רבה, ל״ט).

דער דאָזיקער אייזערנער אַרגומענט פאַר דער מציאות הבורא, וועלכן אברהם אבינו האָט מיט זיין אייגענעם שכל אַרויסגעבראַכט, מיט אַרום פיר טויזנט יאָר צוריק, איז נאָך היינט שטאַרק און פעסט, אין דעם ליכט פון די מאָדערנע וויסנ־שאַפטן. פאַרקערט, ער ווערט נאָך שטאַרקער אַ דאַנק די דאָזיקע וויסנשאַפטן, וועל־כע האָבן אַנטדעקט די כחות פון דער נאַטור. די פראַגע בלייבט נאָך אַלץ: איז עס מעגלעך, אַז אַזאַ שיין־געבויטער אַרכיטעקטור־בנין זאָל ניט האָבן קיין אַרכי־טעקט? . . . איז עס מעגלעך, אַז דאָס ליכט, וואָס באַלייכט דעם גרויסן, שיינעם בנין, איז פון אימיצן ניט אָנגעצונדן געוואָרן? . . .

איז עס מעגלעך, אַז די וועלט, דער קאָסמאָס מיט אַלע זיינע מילי־מיליאָנען שטערן, פּלאַנעטן און זון־סיסטעמעס, מיט די ביליאָנען באַשעפענישן, צווישן זיי

דער מענש מיט זיין שכל און געפילן און חושים, האָט ניט קיין באַשעפער און קיין בעל־הבית ?

איז עס בנמצא, אַז די מענשלעכע נשמה, דער נר אלקים, וואָס באַלייכט דעם „וועלט־פּאַלאַץ" מיט זיינע שבע חכמות, וואָס דערגייען די סודות פון דער נאַטור, זאָל ניט זיין אָנגעצונדן געוואָרן פון דעם בעל־הבית פון דער וועלט ? . . .

די אייזערנע לאָגיק צו באַגרינדן די מציאות הבורא און זיין השגחה אויף דער וועלט, איז שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן פון אַלע רעליגיעזע פילאָזאָפן און דענקער.

דער גרויסער מאַרטירער־תנא רבי עקיבא, האָט געענטפערט אַ געוויסן אפיקורס, וועלכער האָט אים געפרעגט, פון וואַנען ער ווייסט, אַז ג—ט האָט באַשאַפן די וועלט. ער וויל אַ קלאָרן באַווייז, האָט ער געזאָגט. ר' עקיבא האָט אים געהייסן קומען אויף מאָרגן, וועט ער אים געבן אַ באַווייז. ווען ער איז געקומען, האָט אים דער תנא געפרעגט: וואָס טראָגסטו אויף זיך ? האָט ער אים געענטפערט: אַ בגד. האָט ער אים ווידער געפרעגט: ווער האָט עס אויסגעוועבט ? — אַ וועבער, איז געווען דער ענטפער. האָט אים ר' עקיבא געזאָגט: איך גלויב דיר ניט. גיב מיר אַ קלאָרן באַווייז. האָט אים דער אַפּיקורס געזאָגט: וואָס דאַרף איך דיר באַווייזן ? ווייסטו דען ניט, אַז אַ וועבער האָט געמאַכט דאָס צייג פון מלבוש ? . . . האָט אים דער תנא גלייך געפּאַקט זאָגנדיק: און דו ווייסטו דען ניט, אַז הקב"ה האָט באַשאַפן די וועלט ? — און דער אפיקורס האָט זיך אָפּגעטראָגן . . .

ווען זיינע תלמידים האָבן אים געפרעגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ קלאָרער באַווייז ? האָט ער זיי געזאָגט: „כשם שהבית מודיע על הבנאי, והבגד מודיע על האורג, והדלת על הנגר, כך העולם מודיע על הקב"ה שהוא בנאו" — אַזוי ווי דאָס הויז לאָזט וויסן, אַז אַ בויער האָט עס געבויט, דער בגד אויף דעם וועבער, און די טיר אויף דעם סטאָליאַר, אַזוי לאָזט די וועלט וויסן, אַז הקב"ה האָט איר באַשאַפן . . . (מדרש תמורה).

מיט דער זעלביקער לאָגיק באַנוצט זיך דער בחיי הקדוש אין זיין „חובת הלבבות", באַגרינדנדיק די בריאת־העולם און מציאות־הבורא מיט דעם באַוואוסטן משל פון דעם אויסגעגאָסענעם טינטער. ווען אימיצער זעט אַ שיינע געשריבענע פּאָעמע, וועט ער דאָך ניט גלויבן, אַז די פּאָעמע איז פון זיך אַליין אויפגעשריבן געוואָרן פון טינט, וואָס האָט זיך צופעליק אויסגעגאָסן פון טינטער . . .

און דאַרפן מיר דען האָבן אַ שענערע פּאָעמע, ווי די וועלט איז. ווען די פּאַגאַנישע מענשן וואָלטן איר נאָר ניט פאַרפּאַסקודיעט . . .

אָבער באַגרינדן און זען מיט'ן שכל די ג—טליכע עקזיסטענץ איז נאָך ניט גענוג. מ'מוז דערצו באַזיצן די טיפע אינטואיציע, וואָס איז דער זעקסטער חוש פון דעם מענשן. מיט דעם כח פון אָט דעם פיינעם חוש, וואָס איז דער „יתרון

האדם מן הבהמה", דערפילט דער מענש ג—ט אין אים און אַרום אים. דער דאָזיקער חוש צו דערפילן ג—ט און זיך מיט אים באַהעפטן מיט אַ געוואַל־טיקער אהבת השם און גיין אין זיינע וועגן, איז, אין דער גרעסטער מאָס, געגעבן געוואָרן צום אידישן פאָלק — דאָס רעליגיעז פאָלק „פאַר עקסעלאַנס" — דאָס פאָלק פון תורה־געבער, נביאים און זעהער — די „זרע אברהם אוהבי" . . .

און אַזוי שנעל ווי אברהם האָט דערקענט דעם בורא, האָט ער אים אי־דענטיפיצירט מיט גערעכטיקייט.

גב"ה, דער וועלטן־באַשאַפער און דער קוואַל פון אַלע לעבנס, מוז אויך זיין דער קוואַל פון אמת און צדק מחלט . . .

אברהם אבינו איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעטראָגן דעם מדת הרחמים אין דעם מדת הדין, ווי עס ווערט דערציילט אין דער סדרה „וירא", ווען ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר סדום, מיט די ווערטער: „השופט כל הארץ לא יעשה משפט" — דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט וועט ניט טאָן קיין גע־רעכטיקייט? — זאָגט דער מדרש (בראשית רבה, מ"ט): „אם עולם את בעי לית דין ואם דין את בעי לית עולם" — אויב דו ווילסט האָבן אַ וועלט, דאַן קען ניט זיין קיין שטרענגע גערעכטיקייט, און אויב דו ווילסט האָבן בלויז „דין", דאַן איז ניטאָ קיין וועלט. דו האַלטסט די שטריק ביי ביידע שפיצן. דו ווילסט אַ וועלט און ווילסט אַ דין. אויב דו ביזט ניט אַביסל מוותר, קען די וועלט ניט עקזיסטירן . . .

און נאָך ווייטער און נאָך טיפער האָט דערגרייכט אברהם'ס עטישע ג—ט דערקענטעניש. ער האָט אַנטוויקלט די שענסטע מדות פון צדקה, הכנסת אורחים, מיט די פריינדלעכסטע און נאָבלסטע באַציאונגען צו זיינע מיטמענשן פון וועלכן גלויבן זיי זאָלן ניט זיין . . . מיט וואָס פאַר אַ שמחה ער נעמט עס אויף די דריי מלאכים, וועלכע ער האָט אָנגענומען אַלס געצנדינער!

זיין ג—ט גלויבן ווערט ביי אים אַ דינאַמישער כח, וואָס באַוועגט אַלע זיינע געדאַנקען און מעשים. ער האָט דערפילט, אַז ער טראָגט אַ גרויס ליכט, האָט ער, אין זיין גרויסער ליבשאַפט צו זיינע מיטמענשן, זיך געוואָלט טיילן מיט זיי.

„ויקרא בשם ד' אל עולם" — אמר ריש לקיש: אל תקרי „ויקרא אלא ויקריא, מלמד שהקריא אברהם אבינו שמו של הקב"ה בפי כל עובר ושב" — אברהם האָט געמאַכט רופן ג—ט'ס נאָמען אין מויל פון אַלע פאַרבייגייער. ווי אַזוי? נאָכ־דעם ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען ביי אים, האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט אים צו באַדאַנקען. האָט ער זיי געזאָגט: האָט איר דען מיינס געגעסן? איר האָט געגעסן דאָס, וואָס געהערט צום ג—ט פון דער וועלט. דאַנקט און לויבט און בענשט צו דעם, וואָס האָט געזאָגט און עס איז געוואָרן די וועלט" (מסכת סוטה י').

ווי איר זעט, האָט אים זיין עטישע ג—ט־דערקענטעניש דערפירט צו אַ סאָציאַליסטישן באַגריף, אַז אַלץ וואָס ער האָט, געהערט ניט אים, נאָר צום בעל־הבית פון דער וועלט . . .

זיין עטישער געדאַנק פּירט אים אויך צו דער פאַרהייליקונג פון אַרבעט, צוליב וועלכער גב"ה האָט פאַרשפּראָכן אָוועקצוגעבן צו זיינע קינדער ארץ ישראל.

,,אמר ר' לוי: בשעה שהיה אברהם מהלך בארם נהרים" — ווען אברהם איז אַרומגעגאַנגען אין ארם נהרים, האָט ער געזען ווי די מענשן עסן און טרינקען און טוען גאָרניט. האָט ער זיך געוואונשן ניט צו האָבן אַ חלק אין דעם לאַנד. ווי נאָר ער איז געקומען קיין סולמה של צור (אין כנען) האָט ער זיי געזען ווי זיי אַרבעטן אויף די פעלדער. האָט ער געזאָגט: ,,הלואי יהא חלקי בארץ הזאת. אמר לו הקב"ה: לזרעך אתן את הארץ הזאת" (בראשית רבה, ל"ט).

און אַזוי האָט אברהם געלערנט און זיך דערלערנט צו דעם ווערט פון מענשלעכער אַרבעט, צו דער ברכה פון האַרעוואַניע צו וועלכער זיינע אייניקלעך, די חלוצים, זיינען דערגאַנגען נאָך אַ לאַנגן גלות־לעבן . . .

און אינ'ם ליכט פון דער טראַדיציע, האָט שוין אברהם געלערנט די תורה און חכמה, וואָס אַנטהאַלט דעם מהות פון דעם אידנטום, נאָך איידער זיינע קינ־דער זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני . . .

איצט פאַרשטייען מיר ווארום גב"ה האָט אויסגעקליבן אונזער טאַטן אברהם פאַר זיין געליבטן און דעם סוד פון אונזער זכות אבות . . .

דער ליכטיקער פונק, וואָס איז אַרויסגעשטאַלט געוואָרן פון אברהם'ס גע־ניאַלער, ג—ט־פאַרגייסטיקטער פערזענלעכקייט, האָט זיך צעפלאַקערט אין אַ שלהבתיה, אין דעם געטלעכן פלאַם פון דעם אידנטום, וואָס וועט נאָך אַמאָל באַ־פרייען און באַלייכטן די וועלט פאַר אַלע אייביקייטן.

# חיי שרה

## דאָס לעבן פון אונזער מוטער שרה (חיי שרה)

„ואת הנפש אשר עשו בחרן — למה נאמר אשר עשו?" —
אמר רב הונא: אברהם היה מגייר את האנשים ושרה את הנשים.
(בראשית רבה, ל"ט)

ווען מען זאָל צוזאַמענשטעלן די פּאַסירונגען פון אונזער הייליקער תורה און די וואונדערלעכע פּאָעטישע און דראַמאַטישע אגדות און אויסטייטשונגען פון אונזערע חז"ל וועגן דעם לעבן און שאַפן פון אונזער מוטער שרה, דערשיינט די ערשטע מאַמע פון אידישן פאָלק ניט נאָר אַלס די אידעאַלסטע פרוי און מאַמע, ניט נאָר אַלס צנועה און צדיקת, נאָר אויך אַלס די געניאַלסטע פרוי אויף דער וועלט...

איר גאַנץ לעבן איז געווען הייליק, ריין און שיין, ווי דער מדרש רבה זאָגט אויפ'ן פסוק אין דער סדרה „חיי שרה" און רש"י ברענגט עס אויפ'ן אָרט:

„ויהיו חיי שרה מאה שנה ועשרים שנה ושבע שנים — בת כ' כבת ז' לנוי; בת ק' כבת כ' שנה לחטא" — אין עלטער פון צוואַנציק יאָר איז זי געווען אַזוי שיין, ווי צו זיבן יאָר, און צו הונדערט יאָר איז זי געווען אַזוי ריין פון זינד ווי צו צוואַנציק יאָר...

זי איז געווען אַ גוט און געטריי ווייב. מיטגעטראָגן דעם מאַנ'ס יאָך און מיטגעליטן זיינע דאגות. זי האָט זיך געטיילט מיט אים זיינע ליידן און פריידן. מיטגעמאַכט מיט איר מאַן אַלע זיינע נסיעות און וואַנדערונגען און אים געהאָלפן פאַרשפּרייטן די אידישע אמונה, דעם עטישן ג—ט־גלויבן צווישן די געצנדינער, ווי דער מדרש זאָגט:

„ואת הנפש אשר עשו בחרן — למה נאמר עשו?" — זיי ביידע האָבן געמאַכט נפשות — „אמר רב הונא: אברהם היה מגייר את האנשים ושרה היתה מגיירת את הנשים" — אברהם פלעגט מגייר זיין די מענער און שרה פלעגט מגייר זיין די פרויען (בראשית רבה י"ט).

דערפון איז צו זען צוויי זאַכן, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף שרה'ס גייסטיקע פעיאַקייטן: ערשטנס, האָט זי אַליין באַגריפן די טיפע ג—ט־דערקענטעניש פון אברהמ'ן, וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון איר הייליקער נשמה; צווייטנס, איז זי געווען באַגאַבט מיט רעדנערישן טאַלאַנט, וואָס איז געווען איבערצייגנדיק און ווירקענדיק.

שרה איז, לויט דער אגדה, געווען אברהמ'ס אַ פּלימעניצע, זייענדיק אַ טאָכטער פון הרן, אברהמ'ס ברודער. זי איז געווען אינגער פון אברהמ'ן מיט צען יאָר. עס זעט אויס, אַז נאָך איידער אברהם האָט איר פאַר אַ ווייב גענומען, איז זי

שוין געווען אָנגעזאָפּט מיט איר אָנקל׳ס „רעוואָלוציאָנערע" אידייען וועגן ג—ט און וועלט. פון דער גאַנצער משפחה איז זי געווען די איינציקע, וואָס איז באַזעעלט געוואָרן פון אברהם׳ס תורה, און ווען זיי האָבן געהייראַט, איז זי געוואָרן זיינע אַ מיטקעמפערין.

אברהם׳ס אידעאַל איז געוואָרן איר לעבנס־חלום. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס ג—ט האָט אויסגעקליבן דאָס פּאָרל אַלס די עלטערן פון דעם פאָלק, וואָס זאָל טראָגן זיין דערלייזנדיק תורה־ליכט אויף דער וועלט.

און ווען אברהם זאָגט צו ג—ט: הלואי זאָל ישמעאל מיין זון לעבן פאַר דיר, האָט אים ג—ט געענטפערט, אַז שרה וועט געבוירן אַ זון און זאָלסט רופן זיין נאָמען „יצחק" און איך וועל אויפשטעלן מיין בונד מיט אים פאַר אַן אייביקן בונד צו זיינע קינדער נאָך אים" . . .

די קינדער פון דעם צוקונפטיקן אידישן פאָלק, וועלכע וועלן דאַרפן טראָגן זייער היסטאָרישע ירושה מיט דער גרעסטער מסירות־נפש און גיין אויף קידוש השם אין אַלע פייערן פאַר זייערע תורה־אידעאַלן — אָט די קינדער, וואָס וועלן דאַרפן אויסשמידן די גאָלדענע אייביקע קייט פון דורות נביאים, חכמים, מאַרטי־רער, טהורים וקדושים — מוזן אַרויסקומען פון די הייליקע פאַרגייסטיקע בלוטן פון אברהם און שרה . . .

ג—ט האָט, אין זיין אומענדלעכער חכמה, געוואוסט, אַז ער קען זיך ניט פאַרלאָזן אויף די נייע גרים, וואָס אברהם און שרה האָבן געמאַכט. די משיחים פון דער מענשהייט און די דערלייזער פון דער וועלט מוזן קומען פון זייערע געבוירענע יורשים . . .

אמת, אברהם און שרה האָבן שוין געהאַט תלמידים. אָבער, זיי האָבן דאָך די ג—ט־קולטור ניט אויסגעוויי טאַקט אין ליידן און יסורים . . . זיי וועלן ניט זיין גרייט צו גיין אויף עקידה׳ס, זיך וואַרפן אין פייער און אויסשטרעקן די העלזער מיט „שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד" . . .

אָט האָט דאָך דאָס קריסטנטום, מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר שפּעטער, אויך כלומרשט איבערגענומען די ג—ט־קולטור און די תורה־ציוויליזאַציע פון אברהם און שרה׳ס איניקלעך — אָבער וואָס האָבן זיי דערפון געמאַכט? — אַ געמיש פון ווילדער פּאַגאַנסטווע און געצנדינערייַ האָט פאַרשלונגען ביי זיי אונזערע שענסטע און דערהאָבנסטע לעבנס־אידעאַלן.

זאָגט טאַקע אברהם אבינו צום רבונו של עולם, ווען ער בעט זיך ביי אים אַ יורש: איך קען זיך אויף מיינע געצנדינערישע תלמידים ניט פאַרלאָזן. אפילו „אליעזר איז דמשק" — זאָגט די גמרא און רש״י ברענגט עס אויפ׳ן אָרט: „דמשק — דולה ומשקה תורת רבו לאחרים" — דמשק מיינט, ער שעפּט און טרינקט אָן אַנדערע מענשן מיט דער תורה פון זיין רבי׳ן . . . ניין, ניט אַזוינער קען ווערן מיין גייסטיקער יורש און קעמפער פאַר מיינע אידעאַלן . . . (יומא כ״ח)

און אַז אברהם איז געווען גערעכט, קען מען זען פון דעם קריסטנטום און מתמד׳נטום, וועלכע זיינען געווען אין דער ראָלע פון „דולה ומשקה תורת רבם לאחרים . . .

דער דראַנג צו האָבן אַ יורש, וואָס זאָל איבערנעמען זייער גייסטיקע ירושה, איז געווען ביי אונזער מוטער שרה אַזוי שטאַרק ווי ביי אברהם׳ן. ווען זי האָט געזען, אַז איר טראַכט איז פאַרשלאָסן, האָט שרה אים געגעבן איר דינסט הגר פאַר אַ ווייב. זאָל כאָטש אברהם האָבן אַ יורש . . . אַזוי געטריי איז זי געווען איר מאַן און זיינע אידעאַלן. גרויס איז געווען איר שמחה, ווען זי איז ענדלעך באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ זון, און מיט דעם גאַנצן מוטערלעכן פייער האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט זיין אידישער דערציאונג.

דער מדרש דערקלערט, אַז דעריבער האָט שרה געהייסן אַרויסטרייבן ישמעאל׳ן, ווייל זי האָט געזען, ווי דער קליינער ישמעאל „בויט זיך קליינע במה־לעך און פאַנגט היישעריקן און איז זיי מקריב צו דער עבודה זרה (ב״ר, נ״ג). און אונזער מוטער שרה איז געווען זייער באַזאָרגט, אַז יצחק זאָל זיך, חלילה, ניט אָפּ־לערנען פון הגר׳ס זינדל . . .

„כי לא ירש בן האמה הזאת עם בני יצחק״ — וואָרום דער זון פון דער דינסט וועט ניט ירש׳ענען מיט מיין זון יצחק — זאָגט דער „כלי יקר״, אַז שרה האָט געוואָרנט אברהם׳ען אַז ישמעאל קען ניט זיין זיין גייסטיקער יורש, ווי איר זון יצחק, און דעריבער האָט זי מורא, אַז יצחק זאָל זיך „אָקאָרשט ניט אָפּלערנען פון זיינע מיאוס׳ע מעשים״.

אַזוי האָט זיך שוין אונזער ערשטע מוטער געזאָרגט פאַר דער אידישער דערציאונג פון איר קינד, און דעריבער האָט ג—ט געזאָגט אברהם׳ן: „כל אשר תאמר שרה אשתך שמע בקולה״ — אַלץ וואָס שרה דיין ווייב וועט דיר הייסן, זאָל־סטו איר פאָלגן, ווייל ער, דער בוחן כליות ולב, האָט געוואוסט די ריינע, הייליקע נשמה פון שרה אמנו . . .

אָבער, דאָך איז זי געווען אַ טיפּישע אידישע מאַמע, וואָס האָט געוואַכט איבער איר ציטעריקן אויסגעוויינטן בן־יחיד׳ל, און ווען אברהם האָט געדאַרפט דורכמאַכן דעם גרויסן נסיון פון דער עקידה, האָט ער ניט געוואוסט ווי אַזוי ער וועט קענען אַרויסרייסן יצחק׳ן פון אונטער זיין מוטער׳ס אויגן.

„אין יענעם מאָמענט האָט זיך אברהם גע׳עצה׳ט מיט זיין האַרצן און זיך געפרעגט: וואָס זאָל איך טאָן? אויב איך זאָל לאָזן וויסן שרה׳ן — איז זי דאָך אַ פרוי, אַ מאַמע, און נשים דעתן קלות . . . און אויב איך זאָל איר ניט לאָזן וויסן און אים, יצחק׳ן, אַרויס׳גנב׳ענען, וועט זי זיך נאָך, חלילה, אַ מעשה אָנטאָן, ווען זי וועט אים ניט געפינען . . . וואָס האָט ער געטאָן? — ער האָט געזאָגט צו שרה׳ן: גרייט צו אַ סעודה מיט געטראַנקען און מיר וועלן זיך משמח זיין היינט. האָט זי אים געפרעגט: וואָס איז די נאַטור פון דער שמחה? האָט ער איר גע־

ענטפערט: אַזעלכע אַלטע לייט ווי מיר זיינען, און עס איז אונז געבוירן געוואָרן אַ זון אויף אונזער עלטער, זאָלן מיר זיך ניט פרעהען? איז זי געגאַנגען און צוגע־גרייט די שפייז. בעת דער סעודה האָט ער איר געזאָגט: דו ווייסט, אַז ווען איך בין אַלט געווען דריי יאָר, האָב איך שוין דערקענט מיין באַשעפער, און דער דאָ־זיקער אינגל וואַקסט אויף און האָט קיין דערציאונג ניט. עס איז פאַראַנען איין פלאַץ וואו מען דערציט קינדער. איך וועל אים אַהין אַוועקפירן. האָט די אידישע מאַמע, וואָס איז געווען אַזוי ציטעריק איבער איר בן־יחיד׳ל, געזאָגט: גיי אין פרידן ... אַבי אידישער חנוך, אבי לערנען תורה (תנחומא) ...

עס ווערט דאָרט אויך דערציילט, אַז געשטאָרבן איז אונזער מוטער שרה פון שרעק איבער דעם גורל פון איר קינד.

„... בשעת דער עקידה האָט זיך דער שטן פאַרשטעלט פאַר יצחק׳ן און איז געקומען צו זיין מוטער שרה׳ן. דערזעענדיק אים, האָט זי אויסגעשריען אין אַנגסטן: מיין קינד, וואו ביזטו געווען? וואָס האָט דיר דיין פאָטער געטאָן? האָט ער איר געזאָגט: מיין פאָטער האָט מיר געפירט איבער בערג און טאָלן, ביז ער האָט מיר אַרויפגעבראַכט אויף דעם שפיץ פון אַ באַרג, וואו ער האָט געבויט אַ מזבח, צוגעגרייט דאָס געהילץ, מיר געבונדן און אַוועקגעלייגט אויפ׳ן מזבח און ער האָט גענומען דאָס מעסער מיר צו קוילענען, און ווען ניט הקב״ה, וואָס האָט אים גע־זאָגט: „אל תשלח ידך״, וואָלט איך שוין לאַנג געשאָכטן געוואָרן. ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיינע לעצטע ווערטער, ביז איר נשמה איז אויסגעגאַנגען״ ...

שרה האָט ניט געוואוסט, אַז ג—ט האָט געפּרואווט אברהם׳ן מיט דער עקידה. און אַ טיפער שרעק פאַר דעם גורל פון איר קינד מיט דער דערשיטערנ־דיקער אַנטוישונג אין איר מאַנ׳ס גוטסקייט און זיין עטישער ג—ט־דערקענטעניש, האָט צעבראָכן איר איידל האַרץ ...

און ווען אברהם איז געקומען און געפונען זיין שרה׳ן טויט, האָט ער איר באַוויינט און באַקלאָגט און איר מקבר געווען אין דער מערת המכפלה אין חברון, און דערמיט האָט ער באַהאַלטן דעם הייליקן משכון אין ארץ ישראל, פאַרקניפּנדיק דאָס פאַרשפּראָכן לאַנד מיט דעם אידישן פאָלק פאַר אַלע אייביקייטן.

# תולדות

## דאָס וועלט־בילד פון היסטאָרישן אידנטום, זיין גורל, זיין קאַמף און זיין ענדלעכער נצחון, וואָס אונזערע בעלי אגדה האָבן אַרויסגעלייענט פון דער געשיכטע פון יעקב אבינו און זיין צווילינג ברודער עשו

„ואלה תולדות יצחק בן אברהם" — זהו שאמר הכתוב (ישעיה נ"ד): „כל כלי יוצר עליך לא יוצלח . . ." אתה מוצא, ישראל אומרים לפני הקב"ה: רבון העולמים! ראה האיך העכו"ם משתעבדין בנו! אין להם מלאכה אחרת, אלא יושבין ומתיעצים עלינו . . . אמר להם הקב"ה: מה הם מועילין? גוזרין עליכם גזירות ואני מבטלן ושוברן . . .

(מדרש תנחומא)

„ויתרוצצו הבנים בקרבה" — שהיו חולקין בשביל העולם הזה והעולם הבא . . .

(מדרש אבכיר).

„ואחרי כן יצא אחיו" — הגמון אחד שאל את רבן גמליאל: מי תופס המלכות אחרינו? הביא נייר חלק ונטל קולמוס וכתב עליו „ואחרי כן יצא אחיו וידו אוחזת בעקב עשו" — אמרו: ראו דברים ישנים מפי זקן חדש; להודיעך כמה צער נצטער אותו צדיק.

(בראשית רבה פ' ס"ג).

„ויזד יעקב נזיד" — תנא, אותו היום נפטר אברהם אבינו, ועשה יעקב אבינו תבשיל של עדשים לנחם יצחק אביו . . .

(בבא בתרא ט"ז).

מיר האַלטן איצט ביי דער סדרה „תולדות", וואו מיר שטייען פאַרגאַפט און פאַר־וואונדערט פון דעם גליהענדיקן, סודות׳פולן בילד, וואָס די תורה האָט אָנגעצייכנט אַרום דער געבורט פון אונזער דריטן און אויסדערוויילטסטן שטאַם־פאָטער, דער בחיר פון די אבות — י ע ק ב א ב י נ ו.

אָפטמאָל טראַכט איך, אַז איינע פון די שטאַרקסטע ראיה׳ס צו באַווייזן אַז די תורה איז מן השמים, איז די געשיכטע פון דער געבורט, לעבן, קאַמפן און זיגן פון יעקב אבינו. ווארום קיין מענשלעך אויג וואָלט ניט געקענט דערזען, קיין מענשלעכע האַנט וואָלט עס ניט געקענט שרייבן און קאָנדענסירן מיט אַזאַ טיפער קלאָרקייט דעם גורל פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, דעם מהות פון דעם אידנטום און

זיין קאַמף אויף דער וועלט, ווי די תורה האָט עס געטאָן, שילדערנדיק די געבורט פון דעם פאָטער פונ׳ם בית ישראל.

איר פילט ממש, ווי די שורות פון דער תורה גליהען מיט התגלות אלקית, ווי יעדעס וואָרט, יעדער אות, און אפילו יעדער תג, איז אָנגעלאָדן מיט וויזיעס פון טויזנטער יאָרן שפּעטער, מיט דער מיסטיק פון דער אידישער געשיכטע און מיט דעם סוד פון נצח ישראל . . .

קיין וואונדער ניט, וואָס אונזערע חכמים פון תלמוד און מדרש האָבן די געשיכטע פון יעקב אבינו׳ס געבורט אַרומגעוועבט מיט אַזעלכע שיינע פּערל־דיקע אגדות, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע וועלט־בילד פונ׳ם היס־טאָרישן אידנטום, זיין קאַמף מיט עשו׳ס יורשים, ביז דעם ענדלעכן נצחון, ביז דעם נביא׳ישדיקן „אחרית הימים״ . .

קומענדיק צו דער געשיכטע פון יעקב אבינו, האָט די תורה אַזוי באַדייט־פול אויך געשילדערט דאָס לעבן פון זיין ברודער עשו, וואָס שפּילט אַזאַ גורל׳דיקע ראָלע אין דעם לעבן פונ׳ם אידישן פאָלק.

די תורה ווייסט צו דערציילן, אַז יעקב מיט עשו׳ן זיינען ניט נאָר ברידער, נאָר אַ צווילינג, וואָס איז אויסגעבעטן, אויסגעוויטאָקט און אויסגעטראָגן געוואָרן פון אונזער פרומער מאַמע רבקה . . . דער גורל האָט זיי צוזאַמענגעוואָרפן אין איין לייב . . . אָבער שוין דאָן, איידער נאָך זיי זיינען אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט, האָבן זייערעביידע נאַטורן, כאַראַקטערס און וועלט־אַנשויאונגען אָנגעפירט אַ „ויתרוצצו״ אין זייער מוטער׳ס לייב, וואָס האַלט נאָך אָן ביז אויף היינטיקן טאָג . . .

אַ „ויתרוצצו״ פון ניט קיין גלייכע כחות און ניט קיין גלייכע צילן . . . יעקב׳ס קינדער מיט גייסטיקע מיטלען, ווייל זייער ירושה איז תורה ונבואה, אידע־אַלען פון יושר און גערעכטיקייט ; בעת עשו׳ס יורשים באַנוצן זיך מיט זייער פאָ־טער׳ס ירושה — דעם שווערד און ביקס . . .

און ביידע צדדים קעמפן פאַר אַנדערע צילן אין לעבן . . . יעקב׳ס קינ־דער זוכן עולם הבא, די קומענדיקע בעסערע און שענערע וועלט, די „אחרית הימים״, די אייביקייט . . . און עשו׳ס מחנה׳ס קעמפן פאַר עולם הזה, פאַר חיי שעה, ווייל זיי לייקענען אָפּ די אייביקייט . . .

אין דעם זין זאָגט דער מדרש אבכיר אויף „ויתרוצצו הבנים בקרבה״, אַז עשו מיט יעקב׳ן האָבן זיך אַרומגעקריגט וועגן עולם הזה און עולם הבא. יעקב האָט באַקעמפט עשו׳ס עולם הזה און עשו האָט געהאַסט און פאַרפאָלגט יעקב׳ס עולם הבא . . .

יעקב אבינו ווערט געבוירן מיט דעם זעקסטן חוש צו דערזען די אייביקייט און זיך צו פאַרבינדן מיט דער אייביקייט, אָפּגעבנדיק די חיי שעה פאַר איר . . .

בעת זיין צווילינג־ברודער עשו קען ניט דערזען די אייביקייט און שרייט : „הנה אנכי הולך למות ולמה זה לי בכורה״ — זע, איך גיי שטאַרבן, טאָ אויף וואָס פאַר אַ קלאָג דאַרף איך האָבן די בכורה?! . . .

און דאָס איז דער געדאַנק פון דער גמרא (בבא בתרא, ט״ז), וואָס זאָגט אויף „ויזד יעקב נזיד״ — תנא, באותו היום נפטר אברהם אבינו, ועשה יעקב אבינו תבשיל לנחם יצחק אביו — אין דעם טאָג איז אברהם אבינו געשטאָרבן און יעקב האָט דאַן געקאָכט אַ סעודת הבראָה פון לינדזן צו טרייסטן יצחק׳ן . . .

יעקב פאַרבינדט זיין ה י י נ ט מיט דעם נ ע כ ט ן און מאַר־שירט פאָרווערטס צום מ אָ ר ג ן . . . יעקב פאַרגייסטיקט זיך מיט אברהם׳ס ג—ט־דערקענטעניש, און עשו דערווייטערט זיך פון זיין זיידנ׳ס גייסטיקער ירושה . . .

יעקב ווערט אַן אידעאַליסט און עשו — אַ מאַטעריאַליסט. יעקב ציט זיין לעבנס־יניקה פון זיינע גייסטיקע דורות, פון זיין נ ע כ ט ן און שפּינט אין וועבט אַן אייביקן מאָרגן פון די צוקונפטיקע דורות מיט אַ טיפן גלויבן אין „נצח ישראל לא ישקר״ — און עשו בלייבט אויף זיין נידעריקער בהמה׳שער מדרגה, לעבט מיט זיינע ברוטאַלע רציחה־אינסטינקטן, אין האָט ניט קיין נעכטן און קיין מאָרגן, ווי יעדע חיה . . .

צו וועמען, אַלזאָ, געהערט די בכורה? די צוקונפט? די אייביקייט?

**יעקב קאָכט אַ סעודת הבראה. און פאַרבינדט זיך מיט אברהם׳ען וועמעס גייסט עס לעבט פאַר אים אין דער אייביקייט אַריין. פאַר אים, פאַר יעקב׳ן, איז דער זיידע ניט געשטאָרבן, און ער קאָכט לינדזן, קאָכט ער . . . זאָגט דאָרט די גמרא: פאַר וואָס עפּעס לינדזן? ווייל לינדזן איז קיילעכדיק אַזוי ווי די וועלט איז קיילעכדיק . . . יאנקל מישט דאָס געקעכץ און חלומ׳ט, אַז אברהם׳ס גייסט וועט באַהערשן די וועלט . . .**

און דאָ קומט אַריין עשו מן השדה — זאָגט דאָרט ווייטער די גמרא (בבא בתרא, ט״ז), אַז עשו האָט גע׳הרג׳עט אַ מענטשן אין פעלד און אָפּגעטאָן אַנדערע נבלות . . . עשו קומט פון זיינע שלאַכט־פעלדער, פון זיינע קאַזאַרמעס און מלחמות . . . ער איז מיד און פאַר׳שכור׳ט פון רציחה און בלוט . . . פאַר זיינע אויגן זעט ער רויט . . .

„הלעיטני נא מן האדם האדם הזה״ — דו, יעקב, פראַוועסט סעודות הבראה נאָכ׳ן זיידן, ביזט פאַרגייסטיקט מיט דעם זיידנ׳ס תורה און חלומ׳סט פון אייביקייט, פון „לתקן עולם במלכות שדי״, פון אחרית הימים — ניטאָ אַזאַ זאַך ווי נעכטן און מאָרגן. דער ה י י נ ט איז דער עיקר! . . . ניטאָ קיין אייביקייט! ניטאָ קיין תכלית און קיין ציל אין לעבן . . .

„הנה אנכי הולך למות״ — זאָגן די חז״ל, אַז דערמיט איז עשו געוואָרן אַ כופר בעיקר . . . ער האָט אָפּגעלייקנט דעם הויפּט־יסוד פון דער מענטשלעכער אמונה, ג—ט, אייביקייט און די חשיבות פון דעם מענטשלעכן לעבן — „הנה אנכי הולך למות״, איך וועל שטאַרבן ווי יעדע בהמה, ווי יעדע חיה, דעריבער — „הלעיטני נא״ . . .

מיט אַזאַ מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, זאָגט אונזער פאָטער יעקב צו אים, פאַרשפּילסטו די בכורה, די צוקונפט, די אייביקייט . . .

ווערט עשו דער מושל איבער דער עולם הזה און יעקב ווערט דער בעל־הבית איבער דער עולם הבא . . .

מיינט עשו, אַז ער האָט אָפּגענאַרט זיין ברודער, דעם קלויזניק, דעם אידעאַליסט, אָבער, ווען עס גייט אַוועק אַ צייט און עשו דערהערט אַז יעקב׳ס גייסטיקע מאַכט איז שטאַרקער, אַז יעקב טראָגט אַוועק די ברכות פון דער אייביקייט, הויבט ער אים אָן פיינט צו האָבן, און לאָזט זיך אַרויס מיט באַנדעס פאָגראָמשטשיקעס צו פאַגראָמירן דעם בית־יעקב, מאָרדן זיינע קינדער, ברענען זיינע שולן און שענדן זיינע ספר־תורה׳ס . . .

יעקב דערשרעקט זיך טאַקע פאַר עשו׳ס האָריקע און בלוטיקע ידים. ער ווערט אַ פליכטלינג. ער איז מתפלל צו זיין גאָט און זוכט עצות און מיטלען ווי אַזוי צו ראַטעווען זיין הויזגעזינד פון עשו׳ס מערדער און אונטערצינדער . . .

אָבער, יעקב וואָס איז געבענשט מיט דעם זעקסטן חוש צו דערפילן די אייביקייט, ווערט ניט פאַרצווייפלט פון זיין טראַגישן גורל . . . ווארום דורך דער פריזמע פון אייביקייט, זעט ער זיין ענדלעכן נצחון . . . ער ווייסט, אַז עשו׳ס אַזוי־גערופענע נצחונות זיינען בלויז צייטווייליקע . . .

# תולדות

## דער נצחון פון דעם היסטאָרישן „ויתרוצצו" צווישן יעקבֿ׳ס תורה־קולטור און עשו׳ס ביקסן־ציוויזאַציע איז פֿאַרזיגלט געוואָרן אין דעם בכורה־פֿאַרקויף פון עשו׳ן צו יעקב׳ן

„ויאכל וישת" — הכנים עמו כת של פריצים; אמרין: ניכול דידיה וניתוך עליו, ורוח הקודש אומרת: „ערוך השולחן", סדר פתורא, „צפה הצפית", סדר מנרתא . . . „קומו השרים", זה מכאל וגבריאל, „משחו מגן" — כתבו שהבכורה ליעקב . . .

(בראשית רבה כ"ה).

אין די פֿאָלקס־מעשה׳ס און לעגענדעס פון די אומות העולם ווערן זייערע שטאַם־שטאַם־פֿאָטערס פֿאַרגעשטעלט אַלס די גליקלעכסטע מענשן, וואָס האָבן געלעבט אין אַ גאָלדענעם צייט־אַלטער. זיי זיינען האַלב געטער, מעכטיקע ריזן און זיגרייכע מלחמה־פֿירער, וועלכע האָבן געהוליעט, גע׳שכור׳ט און געפֿירט אַ פֿריי, זאָרגלאָז און לוסטיק לעבן.

ניט אַזוי איז די געשיכטע פון אונזערע אור־עלטערן. אברהם אבינו שיילט זיך אַרויס פון אַ שלעכטער, פֿינסטערער און פֿאַרדאָרבענער צייט, וואָס ווערט באַלויכטן פון זיין שיינער, ליכטיקער און נאָבעלער פּערזענלעכקייט. אַזוי אויך אונזער מוטער שרה. ער ווערט פֿאַרפֿאָלגט פֿאַר זיין אייביק ליכט, וואָס ער טראָגט מיט זיך. זייער לעבן הויבט זיך אָן מיט „לך לך" — מיט וואַנדערונגען און פּלאָגענישן און איז פול מיט צער און יסורים, מיט נסיונות און אַנטוישונגען . . .

דאָס גרעסטע גליק וואָס פֿאַרזיסט זייער לעבן, איז די טיפֿע, אויסגעלייטערטע עטישע ג—ט־דערקענטעניש, דער שטאַרקער גלויבן און די פֿאַרגייסטיקטע אהבת השם.

זייער טיפֿסטער וואונש איז צו האָבן אַ קינד, וואָס זאָל איבערנעמען זייער גייסטיקע ירושה. אָבער מיט וויפֿיל צער און דערוואַרטענישן איז זיי דאָס אָנגעקומען ביז זיי האָבן דערלעבט זייער זון יצחק!

דאָן הויבט זיך אָן אַ סדרה צער גדול בנים . . . דער מאַמעס האַרץ איז באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון איר קינד, ער זאָל זיך ניט אָפּלערנען די מאוס׳ע מעשים פון זיין האַלב־ברודער ישמעאל . . . דאָן די עקידה . . . די מאַמע שטאַרבט פון האַרצווייטאָק. אברהם באַווייַנט זיין געטרייע פֿרוי און נאָך איר טויט, ווערט

אויף אים „אַלטקייט אַרויפגעשפּרונגגען״, און דער רייכער אברהם מוז נעבעך גיין זוכן אַ קבר וואו צו באַהאַלטן דעם טייערן און הייליקן גוף פון אונזער מוטער שרה. דאַן ווידער זאָרג, ווידער אַנגסטן אין דעם האַרצן פון אַלטן, באַטאָגטן אברהם: יצחק איז שוין ראוי לחופּה . . . און דאָ געפינט ער זיך צווישן אַ פרעמדער פּאַגאַני־שער סביבה. וואָס וועט זיין דער גורל פון זיין גייסטיקער ירושה, ווען יצחק זאָל, חלילה, הייראַטן איינע פון די בנות הארץ? וואָס וועט זיין דער גורל פון יצחק׳ס קינדער, וועלכע וועלן געבוירן ווערן פון אַ ניט־אידישער מוטער?

און אַזוי איז אברהם׳ס לעבן פול מיט אַנגסטן און זאָרגן, ניט פאַר זיך, ניט פאַר דעם ע ר ד י ש ן גליק פון זיינע קינדער, נאָר פאַר זיין ג י י ס ט י ק ע ר ירושה, פאַר דאָס גרויס ליכט, וואָס ער טראָגט מיט זיך פאַר אַלע אייביקייטן . . .

און די איינציקע טרייסט וואָס האָט אַנגעפילט אברהם׳ס און שרה׳ס לעבן איז געווען ג—ט׳ס פאַרשפּרעכן צו זייערע קינדער און קינדס קינדער, צו די וויטע דורות, וועלכע וועלן איבערנעמען דעם ליכטיקן פאַדעם פון אברהם׳ס ג—ט׳ס קול־טור און אויסשפּינען דעם גרויסן, קאָלירפולן און גליהענדיגן קונסט־געוועב פון דעם אידנטום, וואָס וועט ענדלעך פאַרענדיקן דעם קאַמף, וואָס ער, אברהם, האָט אָנגע־הויבן, און באַפרייען די וועלט פון איר רשעות און פּאַגאַנסטווע . . .

אָבער, דאָס וועט דאָך ערשט קומען נאָך טויזנטער יאָרן פון שרעקלעכע ווילדע מלחמות און בלוט־פאַרגיסונגען — דער נצחון פון די אידישע אידעאַלן וועט דאָך ערשט קומען אין דעם „אחרית הימים״ — דאָך איז אברהם צופרידן מיט זיין גורל, ווארום וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילן עטלעכע טויזנט יאָר אין דער אייביקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרבונדן? . . .

מיר זעען, אַלזאָ, אַז דער זאָמען פון דער נבואה פון „אחרית הימים״ איז שוין פאַרזייהט געוואָרן פון אונזער ערשטן פאָטער, און ער האָט זיך שפּעטער צע־וואַקסן און צעבליט ביי זיינע אייניקלעך, די נביאים, תנאים, חכמים און מקובלים, וועלכע האָבן אַרויסגעבראַכט דעם גלויבן אין דעם פּראַגרעס פון דער מענשהייט, אין דעם זיג פון צדק און יושר, אין יענער צייט, ווען די „גאַנצע ערד וועט איבער־געפילט ווערן מיט ג—ט־דערקענטעניש, ווי דאָס וואַסער באַדעקט דעם ים״ . . .

ניט אומזיסט איז דער משיח׳יזם געוואָרן אַ דינאַמישער כח אין דעם אידנ־טום. ער ציט זיך נאָך פון אברהם אבינו אָן . . .

עס ווערט דערציילט, אַז מיט דריי יאָר פריער איידער שרה איז געשטאָרבן, איז רבקה געבוירן געוואָרן. אויך זי, אונזער צווייטע מוטער רבקה, האָט זיך אַרויס־געשיילט פון אַ געצנדינערישער משפּחה, אַלס אַ באַגאַבטע, ענערגישע פרוי און אַ גרויסע צדיקת. זי איז געווען אַ טאָכטער פון בתואל׳ן, אַ פּלימעניק פון אברהם׳ן, און זי איז געווען געראָטן אין שרה׳ן מיט אירע שיינע מדות און פיינעם כאַראַקטער, ווי דער מדרש רבה זאָגט:

„עד ששקעה שמשה של שרה, זרחה שמשה של רבקה" — איידער שרה'ס זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט אויפגעשיינט די זון פון רבקה.

און דערזעלביקער שיקזאַל, וואָס האָט געטראָפן שרה'ן, האָט אויך געפּיי־ניקט אונזער מוטער רבקה'ן — זי איז געווען אַן עקרה.

שווער און יסורים־פול איז געווען די געבורט פון אידישן פאָלק, ווייל וואָס גרעסער די שאַפונג, אַלץ גרעסער זיינען די חבלי לידה . . .

זייער דראַמאַטיש, באַדייטפול און סימבאָליש ווערט געשילדערט רבקה'ס שוואַנגערן און די געבורט פון דעם צווילינג, וועלכער האָט זיך פאַנאַנדערגעטיילט אין צוויי באַזונדערע וועלטן, וואָס האָבן אָנגעפירט אַ „ויתרוצצו" שוין אין זייער מוטער'ס לייב . . .

עס זעט אויס, אַז שטייענדיק ביים וויגעלע פון אונזער פרומען טאַטן יעקב. דעם בחיר פון די אבות, דעם „איש תם יושב אהלים" און פון אונזער רויטן פעטער עשו, דעם „איש יודע ציד", האָט די תורה געפונען פאַר נויטיק אָנצוצייכענען אין שאַרפע, בולט'ע פאַרבן, דעם „ויתרוצצו", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין זייער מו־טער'ס לייב און וואָס ציט זיך, ווי אַ רויטער שנור, ביז אויף היינטיקן טאָג.

ווען רבקה, דערציילט די אגדה, פלעגט פאַרבייגיין אַ קירכע, האָט זיך עשו געצאַפּלט אַרויסצוגיין, און ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען אַ בית המדרש, האָט זיך יעקב געצאַפּלט אַרויסצוגיין. דאָס איז דערזעלביקער קאַמף, וואָס יעקב'ס קינדער פירן אָן מיט עשו'ס קינדער פאַר די לעצטע דריי טויזנט יאָר אין אַלע לענדער פון דער וועלט . . .

עס איז מער ניט וואָס יעקב'ס יורשים קעמפן מיט דעם „הקול קול יעקב" בעת עשו'ס בנים קעמפן מיט די „ידים ידי עשו" — מיט דער ביקס און שווערד פון זייער טאַטן עשו . . .

און ווען יעקב'ס בלוט פאַרפלייצט די וועלט דורך עשו'ס פּאָגראָמען, און ווען די מאַמע ערד וואַרפט זיך אין קאָנוואולסיעס פון עשו'ס מלחמות און זי פרעגט מיט צער:

„אם כן למה זה אנכי?" — וואָס איז דער זין פון דעמדאָזיקן וועלט־קאַמף? — איז דער ענטפער:

„שני גויים בבטנך ושני לאומים ממעיך יפרדו" — צוויי פעלקער מיט צוויי באַזונדערע אָנקעגנגעזעצטע קולטורן ראַנגלען זיך אין דיין לייב, און זיי וועלן זיך פאַנאַנדערשיידן אויף באַזונדערע וועגן, און זיי וועלן אָנפירן אַ קאַמף אַזוי לאַנג ביז עס וועט זיין „ורב יעבד צעיר" — ביז דער גרויסער, דער מעכטיקער און ברו־טאַלער וועט באַצוואונגען ווערן פון דעם קליינעם און פיזיש־שוואַכן פאָלק מיט דעם כח פון זיין קולטור . . .

און אונזער ליכטיקע תורה ציט ווייטער די ליניעס, וואָס כאַראַקטעריזירן די צוויי באַזונדערע וועלטן, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט פון דעם ברידער־צווילינג:

„ויצא הראשון אדמוני" — און דער ערשטער איז אַרויס אַ רויטער, אַ האָריקער, אין גאַנצן ווי אַ האָריק מאַנטל, און זיי האָבן גערופן זיין נאָמען עשו. דערנאָך איז אַרויס זיין ברודער, האַלטנדיק זיין האַנט אָן עשו'ס פוס, און זיי האָבן גערופן זיין נאָמען יעקב . . .

און שוין ביי זייער געבורט זעען מיר עשו'ן אַ רויטן, אַ בלוטיקן, אַ האָריקן, וואָס מיינט אַ חיה'דיקן, וואָס ווערט געטריבן פון זיינע בלינדע טירישע אינסטינקטן, אָבער דער קליינער בלאַסער יעקב האַלט אים צו ביים פוס . . . ער שטערט אים זיין גאַנג . . . ער וועקט זיין געוויסן . . .

און נאָכדעם ווי די תורה כאַראַקטעריזירט זייער גייסטיקן מהות דורך דער פאַרב פון זייער הויט, גיט אונז די תורה אַ קלאָר בילד פון זייער אַנטוויקלונג:

„ויגדלו הנערים" — די אינגלעך זיינען אויסגעוואַקסן געוואָרן, און עשו איז געווען אַ „איש יודע ציד איש שדה" — אַ יעגער, וואָס האָט געלעבט פון הרג'ענען חיות, אַ פעלד־מענש . . . און יעקב איז געווען אַ „איש תם יושב אהלים" — אַ פרומער מאַן און געצעלטן־זיצער, אַ „באַנק־קוועטשער", אַ ישיבה בחור, הייסט עס.

און כדי צו פאַרענדיקן דאָס בילד פון די צוויי ברידער, דערציילט די תורה אין דער סדרה „תולדות" די געשיכטע, ווי אַזוי עשו האָט פאַרקויפט די בכורה צו יעקב'ן פאַר אַ טאָפּ לינדזן.

עפּעס אַזוי ווי די תורה האָט דאָ געוואָלט פאַרצייכענען דעם נצחון פון יעקב'ן איבער עשו'ן — דעם סוד פון נצח ישראל לא ישקר . . .

די אגדות התלמוד און מדרשים האָבן דאָס דערפילט און זיי האָבן גענומען דעם פאָדעם פון דער געשיכטע מיט דער בכורה און אויסגעשפּונען אַ וואונדערלעך קונסט־געוועב, וואָס גיט אַ בילדלעכע פאַרשטעלונג פון דעם היסטאָרישן קאַמף צווישן יעקב'ס תורה־קולטור און עשו'ס ביקסן־ציוויליזאַציע . . .

„ויזד יעקב נזיד" — זאָגט די גמרא (בבא בתרא, ט"ז): „אותו היום נפטר אברהם אבינו ועשה יעקב אבינו תבשיל של עדשים לנחם את יצחק אביו" — אין יענעם טאָג איז אונזער טאַטע אברהם נפטר געוואָרן, און יעקב אבינו האָט געקאָכט אַ געקעכץ פון לינדזן צו טרייסטן זיין פאָטער יצחק. דאָס איז, אַלזאָ, געווען אַ סעודת הבראה.

„ויבא עשו מן השדה" — דערציילט דער מדרש, אַז עשו איז געקומען פון פעלד, וואו ער האָט גע'הרג'עט אַ מענשן און אָפּגעטאָן אַנדערע נבלות.

יעקב דער אידעאַליסט, וואָס האָט זיך געוויקט אין זיין זיידנ'ס תורה, זיך פאַרבינדנדיק מיט דער אייביקייט, קאָכט אַ סעודת הבראה צו טרייסטן זיין פאָטער יצחק. פאַר אים איז אברהם ניט געשטאָרבן, ווארום אברהם'ס שאַפונג לעבט פאַר אַלע אייביקייטן. זיין זון איז ניט אונטערגאַנגען . . .

און דאָ קומט אַריין עשו „מן השדה" — ער קומט פון זיינע שלאַכטפעלדער, פון זיינע קאַזאַרמעס, פון זיינע מלחמות . . . ער איז מיד, פאַר'שכור'ט פון רציחה און בלוט . . . פאַר זיינע אויגן זעט ער רויט . . . רויט . . . זאָגט ער:

„הלעיטני נא מן האדום האדום הזה" — דו יעקב פראוועסט סעודת אבלות נאָכ'ן זיידן און ביזט פאַרזונקען אין דעם זיידנ'ס תורה . . . חלומ'סט פון בעסערע וועלטן, פון אחרית הימים . . . ניטאָ אַזאָ זאַך ווי נ ע כ ט ן און מ אָ ר ג ן, דער ה י י נ ט איז דער עיקר . . . דו יעקב קוקסט אויפן לעבן מיט נשמה־אויגן . . . דו האָסט וויזיעס . . . איך זע בלויז מיט די אויגן פון מיין גוף. ניטאָ קיין אייביקייטן. ניטאָ קיין זין און תכלית אין לעבן. „הנני הולך למות". איך וועל פגר'ן ווי יעדע חיה, ווי יעדע בהמה. „ולמה זה לי בכורה?" . . .

ווען מען וויסט, אַז דער בכור האָט קודם מתן תורה פונקציאָנירט אַלס כהן, ווי די גמרא זאָגט אין „זבחים" קי"ב, אַז „קודם שהוקם המשכן" זיינען די במות מותר געווען און די בכורים האָבן געטאָן די עובדא פון די כהנים — פון דעם שטאַנדפּונקט האָט יעקב געוואָלט באַקומען דאָס בכורה־רעכט פון עשו'ן, וועל־כער איז ניט געווען ראוי צו זיין אַ גייסטיקער פאַרמיטלער צווישן ג—ט און מענטש . . .

און אַזוי האָט עשו פאַרקויפט די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן. פאַרקויפט די אייביקייט פאַר אַ שטיקל עולם הזה . . .

עשו האָט געמיינט, אַז ער נאַרט דאָ אָפּ יעקב'ן. זאָל זיך יעקב ווערגן מיט דער בכורה, אַבי איך קען באַהערשן די וועלט, פירן מלחמות און מאַכן פּאָג־ראָמען אויף די טרעגער פון דער בכורה . . .

„ויאכל וישת" — הכניס עמו כת של פריצים; אמרין ניכול דידה וגיחוך עליו — עשו האָט מיטגעבראַכט אַ באַנדע פריצים, כוליגאַנעס, נאַציס, ענדעקעס און ווי זיי הייסן היינט, און זיי האָבן געזאָגט: לאָמיר אים באַרויבן, עסן זיין האָב און גוטס און מיר וועלן זיך נאָך לוסטיק מאַכן איבער אים . . . אָבער דער רוח הקודש זאָגט: פרייט זיך אייך היינט, איר רויבער און מערדער, איזדיעקעוועט זיך איבער די אידן, אָבער איר זאָלט וויסן זיין, אַז דער זיגער וועט זיין דער וואָס האָט די בכורה . . . „ערוך השולחן צפה הצפית" — דער טיש פון דער געשיכטע איז צוגעגרייט, דאָס ליכט פון דער צייט וועט עס באַלויכטן . . .

„קומו השרים" — דאָס זיינען די צווי מלאכים באַשיצער פון אידישן פאָלק, מיכאל און גבריאל — „משחו מגן" — זאַלבט דעם פאַנצער — דאָס איז די ג—ט־קולטור פון „מגן אברהם", וואָס האָט באַשיצט דעם אידישן פאָלק פאַר אַלע דורות ביז דעם „אחרית הימים" — „כתבו שהבכורה ליעקב" — פאַרשרייבט, אַז די בכורה געהערט צו יעקב'ן . . . (בראשית רבה, ס"ד).

און דאָס דאַרפן מיר ניט פאַרגעסן אין דער היינטיקער באַרבאַרישער צייט, ווען די היטלערס און אַלע שונאי ישראל, וואָס פאַכען איבער אונז מיט עשו'ס שווערדן און איזדיעקעווען זיך איבער אונז, אַז זיי וועלן דערטרונקען ווערן און פאַרשווינדן פון זייערע אייגענע מלחמות און אויפגעפרעסן ווערן פון זייערע אייגענע רציחות, און דאַן וועלן די פעלקער קומען צום פאָלק, וואָס טראָגט די „בכורה" און זיך וואַרי־מען אין דעם גרויסן ליכט פון דעם „יום ההוא", ווען דער ליכטיקער מאָרגן־שטערן וועט אויפגיין פאַר דעם אידישן פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

# ויצא

## יעקב אבינו׳ס „ויצא״ סימבאָליזירט דעם אידישן גלות און זיין חלום. — די ארץ ישראל של מעלה וואָס אידן האָבן מיטגענומען אויף זייערע וואַנדערונגען.

„ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה״ — וכי לא יצא משם אלא הוא? והרי כמה חמרים וכמה גמלים יצאו . . . ר׳ עזריה בשם ר׳ יהודה בר סימון אמר: בזמן שהצדיק בעיר, הוא זיוה הוא הדרה; יצא משם, פנה זיוה פנת הדרה . . .
(בראשית רבה פ׳ ס״ח).

רבי חייא פתח ואמר: „וזרח השמש ואל מקומו שואף זורח הוא שם״ (קהלת א׳) — האי קרא אוקמוה, אבל „וזרח השמש״ דא יעקב כד הוא בבאר שבע. „ובא השמש״ כד אזל לחרן. דכתיב „וילן שב כי בא השמש״ „ואל מקומו שואף זורח הוא שם״ — דכתיב „וישכב במקום ההוא״.
(זוהר פ׳ ויצא).

„הארץ אשר אתה שוכב עליה״ — מאי רבותיה? אמר ר׳ יצחק: מלמד שקפלה הקב״ה לכל ארץ ישראל והניחה תחת יעקב אבינו שתהא נוחה ליכבש לבניו.
(חולין צ״א).

ר׳ שמעון משם בר קפרא אמר: קפלה כפינקס ונתנה תחת ראשו.
(ב״ר פ׳ ס״ט).

לך אתננה — אמר ליה הקב״ה למשה: חבל על דאבדין ולא משתכחין, כמה פעמים נגליתי על האבות ולא הרהרו אחרי מדותי. אמרתי ליעקב הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה ובקש לנטוע אהלו ולא מצא עד שקנה במאה קשיטה ולא הרהר אחר מדותי . . .
(סנהדרין קי״א).

יעקב אבינו איז געקרוינט געוואָרן פון דער אידישער טראַדיציע אַלס דער „בחיר״, דער אויסדערוויילטער פון די אבות.

אברהם איז טאַקע דער „אוהב״, דער אינטימער פריינט פון ג—ט. יצחק איז טאַקע זיין „עולה תמימה״, אָבער יעקב איז זיין אויסדערוויילטער—„יעקב בחירו״...

וואָרום די טראַדיציע אונזערע האָט גראָדע דעם דריטן פון אונזערע „אבות הקדושים״ געגעבן דעם אויבענאָן, קען מען מען דערקלערן אויף דעם גרונט פון נאַציאָנאַלן מאָטיוו . . . אברהם אבינו איז טאַקע געווען אונזער ערשטער געניאַלער

פאָטער, וואָס איז אַליין דערגאַנגען צו דער עטישער ג—ט־דערקענטעניש. ער איז, אָבער, אויך געווען דער פאָטער פון ישמעאל׳ן און זיינע ווילדע אומות . . . יצחק אבינו איז געווען אויך דער פאָטער פון עשו׳ן און זיינע פּאַגאַנישע פעלקער . . .

יעקב אבינו, אָבער, איז געווען אינגאַנצן אונזערער . . . דער אויסשליס־לעכער פאָטער פון אידישן פאָלק. ער האָט זיין פאָטערלעכקייט ניט פאַרטיילט צו אַנדערע פעלקער . . .

און ווייל יעקב אבינו איז געווען אינגאַנצן אונזערער, האָט זיך זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע, זיינע קאַמפן און זיינע ליידן, זיין גורל און זיין פערזענלעכקייט, זיינע שטרעבונגען און חלומות, זיינע האָפענונגען און זיין גרויסער יעוד — אַלץ וואָס ער האָט אויסגעחלומ׳ט. דער גאַנצער יעקב אבינו — האָט זיך אויפגעלייזט אין דעם היסטאָרישן פאָלקס־לעבן פון זיינע קינדער . . .

און דאָס איז דער זין פון דער גמרא וואָס זאָגט (תענית ה׳) „יעקב אבינו לא מת״ — אונזער פאָטער יעקב איז ניט געשטאָרבן, זיין לעבן האָט זיך אינגאַנצן אויפגעלייזט אין דער אידישער אייביקייט . . .

אָט פירט אונז גראָדע די סדרה „ויצא״ אַריין אין דעם עפּיזאָד פון יעקב׳ס אנטלויפן פון זיין היימלאַנד אויס מורא פאַר פאַגראָמען פון זיין ברודער עשו . . .

די היסטאָרישע סיבה פון אידישער עמיגראַציע, וואָס איז אַזוי כאַראַקטע־ריסטיש פאַר יעקב׳ס קינדער . . .

יעקב׳ס היים אין ארץ ישראל ווערט צעשטערט צוליב עשו׳ס רציחה . . . און יעקב מוז מאַכן אַ געזעגענונגענעם „ויצא״ פון זיין היימלאַנד און גיין קיין חרן — אין די לענדער פון האַס און צאָרן — ווי דער מדרש טייטשט דאָס וואָרט „חרן״ מלשון „חרון אף״ . . .

אָט דער עפּיזאָד פון יעקב׳ס „ויצא״, זיין חלום און זיין פתרון, וואָס ווערט אַזוי באַדייטפול און מיסטעריעז געשילדערט אין דער תורה, האָט אָנגעצונדן די פאַנטאַזיע פון אַלע אונזערע חכמים און דענקער, פון אַלע אונזערע רעליגיעזע פּאָעטן און מיסטיקער, ניט נאָר פון דער אַלטער צייט, נאָר אויך פון די פילאָזאָפן און דיכטער אין דער מאָדערנער ליטעראַטור.

באַזונדערס איז דאָ ווערט צו דערמאָנען די טיפע, גייסטרייכע, פילאָזאָפיש־פּאָעטישע דראַמע „יעקב׳ס חלום״, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן פון דעם גרויסן דיכ־טער־פילאָזאָף ריכאַרד בער־האָפמאַן, וועלכער האָט אין דעם ווערק אַרויסגעבראַכט דאָס גרויס ליכט פונ׳ם אידנטום און זיין דראַמאַטישן קאַמף מיט דער פּאַגאַנישער וועלט דורך די דורות.

אַ גאַנצע ליטעראַטור איז אָנגעשריבן געוואָרן אויף דעם עפּיזאָד פון „ויצא יעקב״, אָבער אַמטיפסטן און קאָלירפולסטן זיינען די אגדות און מאמרי חז״ל פון תלמוד און מדרשים, וועלכע שפּרודלען מיט גייסטרייכע געדאַנקען, דראַמאַטישע ביל־

דער, פּאָעטישע וויזיעס און נביאיש׳דיגע זעהונגען, וועלכע זיי, אונזערע גייסטיגע ריזן, האָבן אַרויסגעלייענט און אַריינגעלייענט אין דער געשיכטע פון „ויצא יעקב״ . . .

איך וועל דאָ פּרובירן בלויז איבערגעבן אייניקע אגדות, וועלכע האָבן אין דער „ויצא יעקב״ פּאַסירונג געזען דאָס וועלט־בילד פון אידישן פאָלק, וואָס איז אַרויס פון ארץ ישראל צו וואַנדערן אין אַ פרעמדער בייזער וועלט און אויס׳חלום׳ען זיינע וועלט־דערלייזנדיקע וויזיעס, וואָס פאַרבינדן די ערד מיט דעם הימל דורך אַ לייטער, אויף וועלכן מלאכים גייען אַרויף און אַראָפּ . . .

ויצא יעקב מבאר שבע . . . פרעגט דער מדרש (בראשית רבה, פ׳ ס״ח): „וכי לא יצא משם אלא הוא? והלה כמה חמרים כמה גמלים יצאו?״ — איז דען בלויז יעקב אַליין אַרויסגעגאַנגען פון באר שבע? זיינען דען ניט אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט אַזוי פיל אייזל־טרייבער און קעמל־פירער? אלא מוז איך זאָגן, אַז כל זמן דער צדיק איז אין שטאָט, איז ער איר שענקייט און איר גלאַנץ; קוים אָבער פאַר־לאָזט ער די שטאָדט, איז פנה זיוה פנה הדרה . . .

דער מדרש האָט דערזען אין יעקב׳ס אַרויסגאַנג פון באר שבע דעם היס־טאָרישן אַרויסגאַנג פון אידישן פאָלק פון ארץ ישראל אין גלות אַריין . . . יעקב איז אַרויס פון באר שבע, פון דעם זעטיקן קוואַל אין ארץ ישראל, וואָס האָט געשפּרודלט מיט תורה, נבואה און חכמה — „וילך חרנה״ — און איז געגאַנגען קיין חרן, אין אַ פרעמדער וועלט פון האַס און צאָרן קעגן אים . . .

און דער מדרש ברענגט דאָ אַרויס דעם היסטאָרישן וועלט־באַדייט פון דעם אידישן פאָלק פאַר ארץ ישראל. און פון ארץ ישראל פאַר דעם אידישן פאָלק . . .

„כמה חמרים יצאו משם״ — וויפיל פאַרשידענע פּאַגאַנישע פעלקער זיינען שוין אַרויסגעגאַנגען פון ארץ ישראל און זיי האָבן ניט איבערגעלאָזן קיין שום רושם ניט אויף דעם לאַנד און ניט אויף דער וועלט . . . אָבער ווען יעקב איז דאָרט געווען, האָט זיין תורה־קולטור געליכטן אין זיין לאַנד און באַלויכטן די גאַנצע וועלט . . . און ווי נאָר די אידן זיינען אַרויס פון ארץ ישראל, איז די זון פון אי־דישער שעפערישקייט פאַרשוואונדן געוואָרן פון לאַנד . . . מיט יעקב׳ס אַוועקגיין האָט ארץ ישראל דערליטן אַ גייסטיקע ווי אַ פיזישע ירידה . . . די קוואַלן זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן. די בוימער זיינען פאַרדאַרט געוואָרן. די וועלדער זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן און די ערד האָט פאַרלאָרן איר פרוכטבאַרקייט, וואָס זי האָט געהאַט, ווען יעקב איז געזעסן אויף איר . . .

און ניט נאָר האָט ארץ ישראל געליטן פון יעקב׳ס אַוועקגיין, נאָר יעקב אַליין האָט דערליטן אַ ירידה . . . זיין גרויסע זון פון תורה ונבואה האָט אָנגע־הויבן אונטערצוגיין אין גלות . . . און ווען ניט זיין גרויסן ליכטיקן חלום, וואָס ער האָט אויסגעבויט, ליגנדיק אויף די האַרטע שטיינער, וואָלט אים, אפשר, איינ־גאַנצן טונקל געוואָרן . . .

דאָס אידיש פאָלק האָט געלעבט אין גלות מיט דעם כח פון זיין ארץ ישראל

גייסט, מיט דער גבורה פון זיין האָפענונג, מיט דעם חלום פון אַ בעסערער וועלט, וואָס איז אויסגע׳חלומ׳ט געוואָרן פון זיינע נביאים אין ארץ ישראל . . .

און דאָס איז דער טיפזיניקער געדאַנק פון דעם בילדלעכן מאמר אין „זוהר", וואָס פאַרבינדט דעם „ויצא יעקב" מיט דעם פסוק אין „קהלת": „וזרח השמש ובא השמש ואל מקומו שואף זורח הוא שם" — וזרח השמש — די זון האָט אויפגעשיינט, דאָס איז יעקב ווען ער איז געווען אין באר שבע; „ובא השמש" — די זון איז אונ־טערגעגאַנגען, ווען ער איז געגאַנגען קיין חרן; „ואל מקומו שואף זורח הוא שם" — און צו זיין פּלאַץ צו וועלכן ער האָט געהאָפט און געשטרעבט. פון דאָרטן האָט ער אַרויסגעשיינט — דאָס איז דער סוד פון דעם אידישן קיום אין דעם לאַנגן און פינסטערן און ביטערן גלות . . .

איבערלאָזנדיק די ארץ ישראל של מטה, האָט דער איד מיטגענומען אין זיין גלות די ארץ ישראל של מעלה, וואָס איז געוואָרן דער סימבאָל פון זיין וועלט־משיח־יזם, פון וועלט־דערלייזונג און דער חלום פון זיין אחרית הימים . . .

אָט מיט דער ארץ ישראל האָט ער געלעבט אין זיינע אַלע וואַנדערונגען . . . אָט צוליב דער ארץ ישראל איז ער אויסגעשטאַנען אַלע פאַרפאָלגונגען, פּאָגראָמען, אינקוויזיציעס און שחיטות.

אָט די ארץ ישראל איז תמיד געלעגן אונטער אים, געשטאַרקט זיין מידן גוף און געוואָרימט זיין ג—ט־פאַרבענקטע נשמה . . .

און דאָס איז דער סוד פון דער איבערמענשלעכער גבורה און געוואַלטיקער העלדישקייט, וואָס אונזערע חלוצים ווייזן איצט אַרויס אין דעם אויפבוי פון ארץ ישראל. מענשן, אידן און ניט־אידן, שטייען פאַרגאַפט און קענען ניט באַגרייפן פון וואַנעט עס האָט זיך גענומען צו אונזערע קינדער אַזאַ ברענענדיקע ליבע צום לאַנד, אַזאַ הייליקע איבערגעבנקייט צו בויען און אַזאַ אומבאַזיגבאַרע גבורה, צו פאַרטיידיקן ארץ ישראל!

דאָס איז דער כח פון דער ארץ ישראל של מעלה, וועלכע איז געלעגן פאַר צוויי טויזנט יאָר אין אידישע הערצער, געלויכטן זייערע נשמות און געוואָרימט זייערע בלוטן . . .

אידן זיינען אַרויס פון ארץ ישראל, האָבן זיי גענומען דאָס געליבט אין הייליק לאַנד, עס איינגעוויקלט אין זייער תורה, אין זייערע ספרים און עס געטראָגן אין זייער בוזעם דורך אַלע פייערן און וואַסערן, כדי זייערע קינדער זאָלן שפּעטער, ווען די צייט וועט קומען, זיין לייכטער איינצונעמען דאָס לאַנד . . .

האָבנדיק פאַר די אויגן אָט דאָס היסטאָרישע בילד, זאָגט די גמרא (חולין צ"א) אויף דעם פסוק „הארץ אשר אתה שוכב עליה לך אתננה" — מלמד שקפלה הקדוש ברוך הוא לכל ארץ ישראל והניחה תחת יעקב אבינו שתהא נוחה ליכבש לבניו — דערפון איז געדרונגען, אַז דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט איינגעוויקלט

גאַנץ ארץ ישראל און עס אָװעקגעלײגט אונטער יעקב אבינו, כדי עס זאָל זײן לײכט פאַר זײנע קינדער עס אײנצונעמען . . .

דער מדרש זאָגט: „קפלה כפינקס״ — ער האָט עס אײנגעװיקלט װי אַ בוך און אַװעקגעלײגט אונטער יעקב׳ס קאָפּ . . . ארץ ישראל איז געלעגן אין דעם ספר און דער ספר אונטער יעקב׳ס קאָפּ װי אַ קישן . . . יעקב האָט דאָס לאַנד געװאַרימט מיט זײנע זודיקע תקון חצות טרערן דורך די נעכט און מיט זײן פלאַמיקער בענקשאַפט דורך די טעג . . . דאָס לאַנד איז געלעגן אונטער אים װי אַ פּינקס, װי אַ בוך װאו מען פאַרשרײבט זכרונות און פּאַסירונגען . . .

און װי שטאַרק און גליִהענדיק איז געװען יעקב׳ס גלױבן אין זײן ענדלעכער גאולה, אַז קײנע ביטערע דערפאַרונגען האָבן אים ניט געקענט אַנטױשן. ניט קוקנדיק װאָס ג—ט, האָט אים געזאָגט, אַז דאָס לאַנד איז אים אַװעקגעגעבן געװאָרן, האָט ער דאָך געמוזט באַצאָלן הונדערט קשיטה׳ס פאַר אַ שטיקל באָדן אָװעקצושטעלן זײן געצעלט . . .

דער אידישער גלױבן אין זײן ענדלעכער גאולה איז געבליבן אומדערשיטערט אונטער אַלע גזירות פון „רױטע צעטעלעך״ אונטער דער סולטאַן און „װײסע פּאַפּירן״ אונטער מעקדאָנאַלד־טשעמבערלײן . . . ניט געקוקט אויף אַלע צײטװײליקע שטערונגען בלײבן מיר דאָך עקשנות׳דיק אין אונזער גלױבן, אַז דער „לך אתננה״, װאָס ג—ט האָט פאַרשפּראָכן צו יעקב אבינו, איז פאַר אַלע אײביקײטן . . . און פּונקט װי יעקב אבינו האָט ניט נאָכגעטראַכט איבער די װעגן פון ג—ט אפילו װען די אומשטענדן זײנען געװען קעגן אים, װי די גמרא זאָגט עס (סנהדרין קי״א), אַזוי װעלן מיר קײנמאָל ניט אױפגעבן אונזער רעכט אויף ארץ ישראל, װען אפילו מיר װעלן דאַרפן באַצאָלן מיליאָנען „קשיטה׳ס״ אױסצולײזן דאָס לאַנד פאַר די מיליאָנען „יעקב׳ס״, װאָס לױפן פון די עשו׳ס און די „לבנ׳ס״ צוריק צו זײער הײמלאַנד . . .

# וישלח

## יעקב אבינו'ס מלאכים און עשו'ס פּאַגראָם־באַנדעס. — דער היסטאָרישער קאַמף פונ'ם אידנטום אין אדום'ס לענדער וואָס ווערט געשילדערט אין די אגדות חז"ל אין דעם עפּיזאָד פון „וישלח יעקב"

„וישלח יעקב מלאכים לפניו" — אלו שלוחי בשר ודם: רבנן אמר מלאכים ממש . . .

(ב"ר פ' ע"ה).

„ויהי לי שור וחמור" — שור זה יוסף, דכתיב (דברים ל"ו); „בכור שורו הדר לו"; חמור זה יששכר דכתיב (בראשית מ"ט): „יששכר חמור גרם" . . .

(ילקוט שמעוני).

„ויאבק איש עמו" — ר' שמואל בר נחמני אמר כעכו"ם נדמה לו . . . רב שמואל בר אחא קמיה דרב פפא משמיה דרבה בר עולא אמר: כתלמיד חכם נדמה לו . . .

(חולין צ"א).

ורבנן אמרי כארכיליסטים נדמה לו . . .

(בראשית רבה פ' ס"ז).

„ויבא יעקב שלם" — אמר רב: שלם בגופו, שלם בממונו, שלם בתורתו . . .

(שבת ל"ג).

מיר האַלטן איצט ביי „וישלח יעקב", ביי יענעם שפּאַנענדיקן און דראַמאַטישן עפּיזאָד אינ'ם לעבן פון יעקב אבינו, וואו ער גרייט זיך צו באַגעגענען זיין ברודער עשו . . .

לייענענדיק די באַשרייבונג אין דער תורה, פילן מיר, אַז מיט דער אויס־נאַם פון דער מכירת יוסף טראַגעדיע איז יעקב'ס איבערלעבונג, זיך גרייטנדיק צו באַגעגענען זיין ברודער — זיין פּסיכישע און גייסטיקע אויפטרייסלונג. זיין שרעק און צער, זיין חכמה און זיין סטראַטעגישער פּלאַן, זיין אַנטשלאָסנקייט אויף אַלץ און זיין תפילה, זיין בלייבן אַליין און זיין געראַנגל מיט אַ מלאך — אַט דער גאַנצער עפּי־זאָד ביז יעקב'ס אָנקומען צוריק בשלום אין זיין היימלאַנד, איז אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל דראַמע און אידישן גורל, אַז איר פילט, ווי איר וואָלט געלייענט די געשיכטע פון דעם אידישן גלות . . .

לייענענדיק פילן מיר, אַז יעדער פּסוק וויל אונז עפּעס דערציילן לדורות, ווי יעדעס וואָרט גליט מיט דעם אידישן גורל. און ווי אין דער גאַנצער געשיכטע איז איינגעפלאָכטן די גרויסע אידישע היסטאָרישע דראַמע . . .

מיר פילן און פיבערן מיט אָט־דער דראַמע, אָבער מיר זעען זי ניט קלאָר געגוג — עפּעס ווי פאַרשלייערט . . .

ערשט מיט דער הילף פון אונזערע גרויסע חכמים, ווערט דער שלייער אַראָפּגענומען און עס עפנט זיך פאַר אונז די געוואַלטיקע דראַמע פון אידישן היס־טאָרישן קאַמף אויף דער וועלט, ווי ער ווערט אַזוי סימבאָליש געשילדערט אין „וישלח יעקב“.

מיר האָבן שוין געזען, ווי אַזוי יעקב אבינו׳ס אַנטלויפן פון זיין הימלאַנד, אויס מורא פאַר זיין ברודער עשו׳ס רציחה, זיין שווער און יסורים׳דיק לעבן אין דער פרעמד, זיין טראַגישער גורל און צער׳פולער געראַנגל פאַר זיין קיום; זיינע זע־הונגען און מלאכים־וועלטן,וואָס ער האָט אויסגע׳חלומ׳ט, ליגנדיק אויף די האַרטע שטיינער אויף דעם דערנער־וועג פון זיינע וואַנדערונגען, זיינע ליידן און פריידן, זיינע דערגרייכונגען און דערפאָלגן — אָט דער גרויסער לאַנגער עפּיזאָד פון יעקב׳ס לעבן, וואָס הויבט זיך אָן מיט „ויצא יעקב מבאר שבע“ ביז יעקב׳ס דראַמאַטישן רוף: „נקומה ונעלה בית אל“. — ווי אָט דאָס אַלץ אַנטהאַלט אַ לעבעדיק און כמעט רעאַליסטיש בילד פון אידישן גלות אין עשו׳ס לענדער, מיט זיין גאַנצער אויסגע־חלומ׳טער מיסטיק און טראַגישערווירקלעכקייט . . .

ביז איצט האָבן מיר געזען, ווי דער אידעאַליסטישער יעקב, וואָס קומט מיט נביא׳ישע וויזיעס אין אַ פרעמד לאַנד, ביי אַ פּראַקטישן דורכגעטריבענעם און בלאָפערישן אָנקל, פּאַסט זיך־צו צו די באַדינגונגען. ער אַרבעט שווער מיט זיין גוף און באַנוצט זיין מח . . . ער איז שפּאָרזאַם און ענערגיש, און ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן, אַרבעט ער זיך אַרויף און זאַמלט אָן אַ פאַרמעגן . . .

ער דערפילט, אָבער, באַלד, אַז ער איז ניט זיכער מיט זיין האָב־און־גוטס, וואָס ער האָט געוואונען דורך זיין פראַצע און חכמה אין דעם פרעמדן לאַנד . . .

ער האָט דערהערט דעם אַנטיסעמיטישן בלבול פון די בני לבן, די „בלאָנדע אַריער“, לאמר, אַזוי צו זאָגן: „לקח יעקב את הכל אשר לאבינו ומאשר אבינו עשה את כל הכבוד הזה“ — יעקב האָט צוגענומען אַלץ וואָס געהערט צו אונזער פאָטער און פון אונזער פאָטער האָט ער געמאַכט זיין גאַנץ רייכטום.

און יעקב האָט דערזען, אַז לבן האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף אים מיט אַנ־דערע אויגן; אַז זיין פּנים איז ניט מיט אים „ווי נעכטן און אייערנעכטן“ . . .

און זיך ניט פילנדיק זיכער מיט זיין האָרעוואַניע, באַשליסט יעקב צו אַנט־לויפן צוריק צו זיין היים . . .

און וואָלט יעקב ניט אַנטלאָפן אין צייט, וואָלט לבן זיכער „קאָנפיסקירט“ יעקב׳ס פאַרמעגן, ווי דאָס טוען די היינטיקע בלאָנדע בעסטיעס אין דייטשלאַנד און

נאַצי־אָקופּירטע לענדער, וועלכע, ווי לבן ארמי, ווילן אויסוואָרצלען דעם גאַנצן אי־דישן פאָלק — „לעקור את הכל״ . . .

אונזער פינסטערע גלות־געשיכטע ווייסט צו דערציילן פון אַזעלכע רויב־אָנפאַלן און קאָנפיסקאַציעס, וואָס פאַרשידענע עשו׳ס רעגירונגען האָבן געמאַכט אויף אידישע פאַרמעגנס, שוין ניט ריידנדיק פון מאַסן פּאָגראָמען, וואָס עש׳ו מחנה׳ס האָבן געמאַכט אויף דעם היסטאָרישן בית־יעקב . .

און טאָמער האָבן די אידן שוין אַמאָל געראַטעוועט זייער האָב־און־גוטס, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן אין איין לאַנד, האָבן זיי דאָס געמוזט אַוועקגעבן אַלס כאַ־באַר צו עשו׳ס טשינאָווניקעס פון אַן אַנדער לאַנד פאַר דעם ביסל רעכט, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן . . .

ניטאָ קיין מזל־ברכה אין אידישע דערוואָרבענע רייכטימער אין די לענדער פון די לבנ׳ס און די עשו׳ס . . .

ווי אַזוי האָבן אידן געקענט איבערלעבן אַזאַ פינסטערן, ביטערן און בלוטיקן גלות, ווערן שטאַרקער אין צאָל, פאַרגרעסערן דעם בית־יעקב און אָנזאַמלען גרויסע פאַרמעגנס אין די פאַרשידענע לענדער פון דער צעשפּרייטונג?

וועלכע מיטלען און מעטאָדן האָבן געהאָלפן דעם אידישן פאָלק אין דעם היסטאָרישן קאַמף מיט עשו׳ס מחנה׳ס?

דאָ דערציילט די תורה, ווי אַזוי יעקב אבינו האָט זיך געגרייט צו באַגעגענען זיין ברודער עשו, און וועלכע סטראַטעגישע מעטאָדן ער האָט אָנגעווענדעט צו באַרואיקן דעם רציחה־אינסטינקט פון אונזער רויט־האָריקן פעטער מיט זיין באַוואָפנטער באַנדע פון פיר הונדערט כוליגאַנעס . . .

„וישלח יעקב מלאכים״ — און יעקב האָט געשיקט שלוחים פאָראויס צו זיין ברודער עשו — וועגן דעם זאָגט דער מדרש רבה:

„אלו שלוחי בשר ודם; רבנן אמרי: מלאכים ממש״ — איין מיינונג איז, אַז יעקב האָט געשיקט מענשלעכע שלוחים, שתדלנים, הייסט עס, איבערצובעטן זיין ברודער עשו׳ן. די רבנים זאָגן, אַז יעקב האָט געשיקט „מלאכים ממש״ — אמת׳ע מלאכים, גייסטיקע שלוחים, הייסט עס . . .

און אלו ואלו דברי אלקים חיים,ביידע מיינונגען זיינען ריכטיק. ווארום, דורך צוויי סאָרטן שלוחים האָט יעקב זיך געזוכט צו ראַטעווען פון עשו׳ס הענט אין עשו׳ס לענדער . . .

„שלוחי בשר ודם״ — שתדלנים וואָס זאָלן אונטערטעניקסט, געפּעליקסט און הכנעה׳דיק בעטן פאַר אים און אונטערשטופּן מתנות אין יד אַריין צו דעם „האַר עשו פון זיין קנעכט יעקב״ . . .

אַזוי האָט דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט, דער בן מלכים ונביאים, געמוזט אָנשלאָגן אַ טאָן פון שקלאַפישער הכנעה און זיך בוקן מה־יפית׳דיק פאַר עשו׳ס ברוטאַלער מאַכט . . .

און זאָלן אונזערע היינטיקע ראַדיקאַלע משכילים, וואָס האָבן ניט קיין חוש פאַר היסטאָרישע דערשיינונגען, ניט אָפּלאַכן פון דער אַזוי גערופענער „שתדלנות־פּאָליטיק" און „מה־יפית"־מעטאָדן", וואָס אונזער פאָלק האָט געפירט אין דעם לאַנגן און פינסטערן גלות אדום. דאָס איז געווען די איינציקע פּראַקטישע „רעאַל־פּאָליטיק" וואָס אַ שוואַך און הילפלאָז פאָלק מיט אַ שטאַרקן בטחון אויף זיין ליכטיקער צוקונפט, האָט געקענט פירן — קיין אַנדער וועג פאַר דעם קיום האומה איז ניט געווען! . . .

יעקב האָט, אָבער, אויך געשיקט נאָך אַ סאָרט שלוחים — „מלאכים ממש" — זיינע גייסטיקע פאַרטרעטער, צו אַפּעלירן צו עשו'ס געוויסן . . . ריידן צו אים אין דער הימלישער שפּראַך פון יושר און גערעכטיקייט. אין דעם גייסטיקן לשון פון זיין תורה און נבואה, פון עטיק און מאָראַל . . .

איז אָבער אָט די מלאכים־שפּראַך געווען פרעמד צו דעם פּאַגאַנישן עשו, וואָס איז פאַרשאָלטן געוואָרן צו לעבן מיט דער שווערט . . .

די אידעאַלן פון יעקב'ס תורה ונבואה זיינען פון עשו'ס קינדער ניט פאַרדייט געוואָרן . . .

ווען דאָס קריסטנטום איז אַנטשטאַנען, און די אידישע אַפּאָסטאָלן האָבן גענומען פּריידיקן צו אדום'ס פּאַגאַנעס די אידייע פון אחדות הבורא, פון עטישער ג—ט־דערקענטעניש, די פּרינציפּן פון „ואהבת לרעך כמוך" — די גייסטיקע שלוחים פון דעם בית יעקב — האָבן זיי די ג—ט־אידייע פאַרמיאוסט מיט זייער אייגענער געצנדינערייַ און די עטישע אידעאַלן — פאַרפּאַסקודיעט מיט דעם „על חרבך תחיה".

און עשו'ס קינדער האָבן ניט אויפגעהערט צו האַסן יעקב'ס אייניקלעך . . .

עס האָט אויך ניט געהאָלפן, וואָס יעקב האָט געזאָגט עשו'ן „יש לי שור וחמור" — איך האָב אַן אָקס און אַן אייזל — זאָגט דער ילקוט שמעוני: „שור" מיינט יוסף און „חמור" מיינט יששכר . . .

דער ילקוט שמעוני וועבט דאָ אַריין אַ פּאָר גאָלדענע פעדים אין היסטאָרישן בילד פון דעם אידנטום אין די גלות־לענדער. דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם עפּיזאָד פון יעקב אבינו'ס באַמיאונגען זיך איבערצובעטן מיט זיין ברודער עשו'ן.

יוסף איז דער פּראָטאָטיפּ פון אידישן עקאָנאָמישן און מאַטעריעלן ביי־טראַג צו די פעלקער, צווישן וועלכע דער איד האָט געלעבט.

יששכר איז דער רעפּרעזענטאַנט פון אידישער געלערזאַמקייט, וויסנשאַפט און קונסט, וואָס די אידן האָבן בייגעטראָגן צו עשו'ס לענדער.

אַפּעלירט יעקב צו עשו'ן: „יש לי שור וחמור" — איך האָב אַזעלכע כחות, וועלכע קענען דיך גליקלעך מאַכן, וואָרום זאָלסטו מיר פיינט האָבן? וואָרום זאָלסטו מיר פאַרפאָלגן? . . .

אָבער, עס האָבן ניט געהאָלפן די רייכע מתנות, וואָס יעקב'ס יורשים האָבן געבראַכט אין די אָפּגעשטאַנענע אדום־לענדער, וואו די יוסף'ס האָבן אַנטוויקלט דעם האַנדל, געשאַפן אינדוסטריעס, און די יששכר'ס האָבן באַרייכערט די וויסנשאַפט

און קונסט . . .

וואו נאָר אידן זיינען געקומען, האָבן זיי זיך געבעטן: „קח נא את ברכתי" — נעמט צו די מתנות, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין לאַנד . . . עשו האָט טאַקע די מתנות צוגענומען, אָבער נאָכדעם ווי ער האָט שוין די אידן ניט געדאַרפט, האָט ער געגומען פּאַכען מיט דעם פאַרשאָלטענעם שווערט איבער אידישע קעפּ . . .

און יעקב איז „געבליבן אַליין אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט און — „ויאבק איש עמו" — און אימיצער האָט זיך מיט אים געראַנגלט.

זאָגט די גמרא (חולין צ"א), אַז דאָס איז געווען עשו'ס שר . . . יעקב האָט זיך געראַנגלט אַ גאַנצע נאַכט מיט עשו'ס פּאַגאַנישן און ברוטאַלן גייסט . . .

וואָס פאַר אַ היסטאָרישע ווירקלעכקייט ברענגען אַרויס אונזערע חכמים אין זייערע אגדות איבער אָט דעם עשו'ס שר, וועלכער האָט אַטאַקירט יעקב אבינו!

זאָגט דאָרט די גמרא: „כעכו"ם נדמה לו" — ווי אַ געצנדינער האָט ער זיך פאָרשטעלט פאַר יעקב אבינו. ער איז באַפאַלן יעקב'ן מיט זיין פּאַגאַניזם. עס איז געווען דער היסטאָרישער קאַמף צווישן דער אידישער תורה־קולטור און דער פּאַגאַנישער וועלט . . .

„כתלמיד חכם נדמה לו" — עשו'ס פאַרפאָלגונג און ראַסן־האָס קעגן אידן האָט אויך אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון כלומרשט אַ תלמיד חכם, פון קוואַזי־וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס.

דער מדרש זאָגט: „„כארכיליסטים נדמה לו" — ווי אַ פּראָסטער רויבער־הויפּטמאַן איז ער יעקב'ן באַפאַלן . . . די הויפּט־סיבה פון די אידן־פאַרפאָלגונגען איז ניט געווען רעליגיעזער פאַנאַטיזם פון מיטלאַלטער און אויך ניט די כלומרשט וויסנשאַפטלעכע ראַסן־טעאָריעס פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — נאָר די לוסט צו רויבן און מאָרדן, דער באַגער צו פאַרכאַפּן יעקב'ס עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און אים באַרויבן פון זיין שווער־פאַרהאָרעוועטן פאַרמעגן . . .

יאָ, דעם אידישן פאָלק איז אויסגעקומען צו קעמפן אַליין אין אַ קאַלטער, גלייכגילטיקער וועלט, מיט עשו'ס גייסט, וועלכער האָט זיך אַמאָל באַוויזן אַלס גזלן און היינט טראָגט ער די מאַסקע פון אַ געלערטן, פון כלומרשט וויסנשאַפטלעכע פּראָפעסאָרן און אַקאַדעמיקער, וועלכע שטייען אין דינסט פון פאַשיזם און היטלעריזם, אָבער אין דער אמת'ן זיינען זיי אַלע ניט מער ווי „ארכיליסטים", רויבער־באַנדעס און מערדער . . .

אָבער, ניט געזאָרגט. יעקב, דער אמת'ער יעקב, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון זיין ליכטיקער קולטור, וואָס ציט זיך פון אברהם אבינו דורך דער גאָלדענער קייט פון נביאים, תנאים, אמוראים, חכמים, גאונים, קדושים וטהורים — אָט דער יעקב, וואָס איז געבליבן אַליין אין דער פינסטערער נאַכט פון גלות, וועט דעם קאַמף מיט עשו'ס שר ניט אויפגעבן, ביז עס וועט אויפגיין דער מאָרגנשטערן און די זון פון דעת ד' וועט באַלויכטן די גאַנצע וועלט . . .

און ערשט דאַן וועט זיין „ויבא יעקב שלם עיר שכם אשר בארץ כנען" — זאָגט די גמרא (שבת, ל"ג): שלם בגופו, שלם בממונו און שלם בתורתו — דער בית יעקב וועט צוריקקומען אַ גאַנצער קיין ארץ ישראל, גאַנץ מיט אונזער פאָלקס־קערפער, גאַנץ מיט אונזער פאַרמעגן, מיט וועלכן מיר וועלן אויפבויען אונזער היימלאַנד, און גאַנץ מיט אונזער תורה . . . און ביז דאַן וועלן מיר דעם שר של עשו ניט אָפּלאָזן, ביז ער וועט ניט פאָדערן פון אונז אונזער ברכה אונטער דעם אויפגייענדיקן מאָרגנשטערן, וואָס זאָגט אָן דעם אָנקום פון דער גרויסער, ליכטיקער זון, וואָס וועט אויסהיילן אונזער פאַרקריפּלונג, וועלכע מיר האָבן דערליטן אין דעם היסטאָרישן קאַמף, און ברענגען גליק צו דער גאַנצער מענשהייט . . .

# וישב

## דער וועלט־צער פון מכירת־יוסף טראַגעדיעס, וואָס שרייען דורך דעם אידישן פאָלק פאַר אויסלייזונג. — ווארום דער אידישער „וישב" איז אומעטום אַ „לשון צער"

„ויישב יעקב" — אמר ר׳ יוחנן כל מקום שנאמר וישב אינו אלא לשון צער . . .

(סנהדרין ק״ו).

„וישב יעקב" — בקש יעקב אבינו לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף . . .

(בראשית רבה, רש״י).

„וישלחהו מעמק חברון" — אמר ר׳ חנינא בר פפא בעצה עמוקה של אותו צדיק שקבור בחברון . . .

(סוטה י״א).

„ויוסף הורד מצרימה" — אל תקרי הורד (הוראַד), אלא הוריד את אביו והשבטים למצרים . . .

(תנחומא).

מיר קומען איצט צו דעם מאָמענט, ווען יעקב אבינו איז, נאָך אַלע זיינע וואָגלענישן,וואַנדערונגען, צרות און רדיפות, ענדלעך צוריקגעקומען אין זיין היימלאַנד, וואו ער האָט זיך גענומען איינאָרדענען צו פירן אַ רואיק, פרידלעך פאַסטאָראַל לעבן.

דער יונגער בוים פון׳ם בית יעקב האָט זיך צעוואַקסן אין צוועלף שיינע קרעפטיקע צווייגן. יעקב׳ס משפחה האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן וואָרצלען אין לאַנד, און דער היסטאָרישער געבורטס־פּראָצעס פון אידישן פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן...

און דאָ זעען מיר, ווי דער אידישער גורל, געפירט פון דער השגחה העליונה, האָט גענומען צוגרייטן די בויטיקע סצענעס, סיטואַציעס און האַנדלונגען פאַר דער גרויסער מכירת־יוסף דראַמע, וואָס דאַרף פאַרפירן יעקב׳ן און זיינע קינדער קיין מצרים, וואו דאָס אידיש פאָלק איז באַשטימט געוואָרן געבוירן צו ווערן, ווי זיינע אבות פאַר אים, דורך צער און יסורים, און שוין אין זיין מוטער׳ס מילך דערפילן דעם עלנט פון אונטערגעדריקטן, די ליידן פון דעם שוואַכן און דעם צער פון גלות — אויסדערוויילטער און געבענשטער גורל פון משיחים און נביאים! . . .

„ויוסף הורד מצרימה" — אל תקרי „הורד" (הוראַד), אלא „הוריד" את אביו והשבטים למצרים (תנחומא) — זאָלסט ניט לייענען „הורד", וואָס מיינט, ער

יוסף, איז געבראַכט געוואָרן קיין מצרים, נאָר „הוריד" — ער האָט געמאַכט נידערן זיין פאָטער און די שבטים קיין מצרים, וואָרום דער הויפּט־ציל פון דעם גאַנצן שפּיל איז דאָך ניט געווען, אַז יוסף זאָל קומען קיין מצרים, נאָר אַז דער גאַנצער בית יעקב זאָל דאָרט אַריינגעצויגן ווערן . . .

זאָגט ר' תנחומא: צו וואָס איז דאָס געגליכן? צו אַ קו, וואָס מען וויל אַרויפטאָן אַ יאָך אויף איר האַלז און זי לאָזט זיך ניט. וואָס האָט מען געטאָן? מ'האָט גענומען איר קעלבעלע, וואָס איז איר נאָכגעגאַנגען און מ'האָט עס געבראַכט צום פּלאַץ, וואו מ'האָט געוואָלט דאָרט, זי זאָל אַקערן. האָט דאָס קעלבעלע זיך צעשריען. און ווען די קו האָט דערהערט איר קינד'ס קולות, איז זי בעל כרחה, קעגן איר ווילן, הייסט עס, געקומען צום אַקער. כך, אַזוי האָט דער הייליקער, געבענטש איז ער, געוואָלט מקיים זיין די גזרה פון „ידוע תדע" (וואָס ג—ט האָט געזאָגט צו אברהם'ן, אַז „ידוע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם"), האָט ער באַשאַפן די אומשטענדן פאַר די האַנדלונגען, כדי די אידן זאָלן אַריין אין מצרים און באַצאָלן דעם וועקסל . . . (תנחומא).

דער מדרש ברענגט דאָ אַרויס די מאַכטלאָזיקייט און הילפלאָזיקייט פון דעם מענטשן קעגן זיין גורל. דער מענטש ד'ענקט, אַז ער איז פריי צו טאָן אַלץ וואָס ער וויל. אָבער זיין ווילן איז געבונדן מיט דער מוטער־ליבשאַפט פון דער קו צו איר קעלבעלע . . . די קו מיינט אויך, אַז זי גייט פון איר פרייען ווילן צו איר קינד. אָבער אין דער אמת'ן איז זי געטריבן געוואָרן פון אַן איינגעבאָרענעם בלינדן אינסטינקט דורך אַ סיטואַציע, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פון אַ העכערן אינטעלעקט, וועלכער האָט געהאַט זיין אייגענעם פּלאַן און צוועק . . .

דער מענטש האָט טאַקע בחירה חפשית, אַ פרייען ווילן, אָבער אויך זיין ווילן איז געבונדן פון נאַטירלעכע אינסטינקטן, מענטשלעכע געפילן און עגאָאיסטישע דראַנגען, וועלכע ווערן באַווירקט פון סיטואַציעס און אומשטענדן, וואָס ווערן געשאַפן פון דעם קאָסמישן אינטעלעקט — דער בורא און מנהיג פון דער יצירה, וועלכער רעזשיסירט מיט דעם לעבן פון מענטש און פאָלק . . .

אָט דער געדאַנק לייכט אַזוי באַדייטפול און גורל'דיק אַרויס פון דעם מאמר הגמרא (סוטה י"א), וועלכער ליגט אַריין אַ טיפזיניקן וואָרט־שפּיל־קנייטש אין דעם פסוק „וישלחהו מעמק חברון" — און יעקב האָט אַוועקגעשיקט יוסף'ן צו זיינע ברידער פון דעם טאָל חברון — גיט דאָרט ר' חנינא בר פפא אַ קנייטש דאָס וואָרט „מעמק" — „בעצה עמוקה של אותו צדיק שקבור בחברון" — ער איז געשיקט געוואָרן דורך דער טיפער עצה פון יענעם צדיק, ד. ה. אברהם אבינו, וואָס איז באַגראָבן אין חברון, וועמען עס איז געזאָגט געוואָרן „ידוע תדע כי גר יהיה זרעך". — יעקב'ס שיקן יוסף'ן צו באַזוכן זיינע ברידער אין פעלד, איז געטאָן געוואָרן דורך דער „עצה עמוקה" פון דעם וועלט־באַשאַפער דורכצופירן זיין פּלאַן . . .

יעקב האָט, אָבער, ניט געוואוסט, אַז ער אַליין פּלעכט דאָ אַן אייזערנע קייט, וואָס וועט אים ענדלעך אַריינציען קיין מצרים.

יעקב האָט געמיינט, אַז ער האָט ענדלעך געפונען זיין פּלאַץ און זיין רו. ער האָט זיך גענומען איינאָרדענען אין זיין הײם און, נאָך זיין אומרואיק יסורים־דיק לעבן, איז אים די רו זיס געווען און ער האָט זיך געקליבן צו האָבן נחת פון זיינע קינדער. האָט אים ג—ט געוויזן, אַז ניט דאָס איז דער וועג, דורך וועלכן זיינע קינדער דאַרפן דורכגיין צו דערגרייכן די געבענשטע מדרגה פון ג—ט־קעמפער און קולטור־טרעגער, פון נביאים און וועלט־משיחים . . .

ניט דורך ערדישע גליקן און מאַטעריעלער פרייד, ניט דורך זאַטער רו און זעלבסט־צופרידנקייט קען דער מענש קומען צו די הויכע אידעאַלן פון ג—ט און גערעכטיקייט . . . ניט דורך קערפּערלעכער צופרידנקייט און אייגנהאַרציקער זעלבסט־באַגנוגונג קען דער מענשלעכער גייסט ווערן שעפעריש אַקטיוו, אויסלייזן די וועלט און מתקן זיין די פּגימות פון דער יצירה, וועלכע דאָס אידישע פאָלק איז באַרופן געוואָרן אויסצובעסערן מיט דעם כח פון זיין תורה . . .

דער מענש מוז תמיד אומרואיק זיין. ער טאָר זיך ניט אָפּשטעלן און זאָגן: עד כאן — פאַר מיר איז שוין גענוג. איך בין צופרידן מיט מיין חלק. מיר איז שוין גוט . . . אני את נפשי הצלתי . . . ער מוז טראָגן די אחריות פאַר די אומגערעכטיקייטן פון אַנדערע און פאַר דעם צער פון דער וועלט . . . ער מוז תמיד געפּייניקט ווערן פון אומרואיקע דראַגעגען, צו זוכן אַ תקון פאַר זיינע מיטמענשן און שטרעבן תמיד צו אַלץ העכערע פולקאָמנהייטן . . .

אויב דער מענש איז צופרידן און דענקט, אַז ער האָט שוין אַלץ דערגרייכט, אַז אים פעלט קיין זאַך ניט, איז אַ באַווייז, אַז ער האָט דערליטן אַ ירידה . . .

וואָרום יעדער מענש דאַרף זיך פילן, ווי ער וואָלט געווען די האַרץ פון דער וועלט, און דער צער פון דער וועלט דאַרף זיין ז י י ן צער, און דער יאָמער פון דער יצירה דאַרף אים אָנפילן מיט אַ שעפערישן טרויער און מיט ברויזנ־דיקע דראַנגען זיך מתקן צו זיין . . .

דעריבער, זאָגן אונזערע חכמים, אַז וועמען ג—ט האָט ליב, גיט ער אים יסורים . . . „יסורים של אהבה" . . . דעריבער, ווען ג—ט וויל דעם מענשן אַרויספירן אויף דעם ריכטיקן וועג, וואַרפט ער אַן אין זיין האַרצן אַ טיפן טרויער, וואָס לייטערט זיינע בלוטן און דערהויבט זיין נשמה, און דאָס זיינען „יסורים של אהבה" . . .

ווייל, ווען מיר זיינען זאַט, פילן מיר ניט דעם הונגעריקן. ווען אונזער האַרץ איז פאַרגאָסן מיט פעטקייט, דערהערן מיר ניט דעם יאָמער פון דער וועלט, און אונזער נשמה ווערט שטומפּיק און פּרוכטלאָז . . . מיר לאָזן זיך דאַן אַראָפּ צו דער נידעריקער מדרגה פון בעלי חיים.

דעריבער, איז דאָס לעבן פון אונזערע אבות געווען אַזוי פרוכטבאַר, ווייל זיי

האבן געלעבט אין צער און אומרו . . . און דעריבער איז יעקב אבינו געוואָרן דער בחיר פון די אבות, ווייל זיין לעבן איז געווען, מער פון זיינע גרויסע עלטערן, אנגעפילט מיט יסורים און טרויער פון דרויסן און פון אינעווייניק.

און דעריבער איז דאָס אידיש פאָלק געבוירן געוואָרן אין דעם צער פון אונטערדריקונג, אין דעם עלנט פון דער פרעמד און אין דער שאַנד פון שקלאַפעריי, ווייל זיי זיינען באַרופן געוואָרן צו זיין די פאַרטיידיקער פון די עלנטע און פרעמדע, די אויסלייזער פון דער וועלט׳ס שקלאַפעריי, און די פראָקלאַמירער פון קדושת החיים . . .

און דאָס איז דער זין פון דעם פאַרשפּרעכן, וואָס ג—ט האָט געמאַכט צו אברהם אבינו ביי דעם ברית בין הבתרים, אַז אידן וועלן געפּייניקט און פאַרקנעכט ווערן אין אַ פרעמד לאַנד — „ועבדום וענו אותם״ — ווייל, „אחרי כן יצאו ברכוש גדול״ — דורכגייענדיק די יסורים פון גלות, וועלן זיי אָנזאַמלען אין זייער פּסיכיק אַ גרויסן גייסטיקן פאַרמעגן, וואָס וועט מיט זיין גייסטיקער גבורה באַצווינגען און אויסלייזן די פּאַגאַנישע וועלט . . .

„וישב יעקב בארץ מגורי אביו״ — און יעקב האָט זיך באַזעצט אין זיין פאָ־טער׳ס וואוין־לאַנד — זאָגט די גמרא (סנהדרין ק״ו): כל מקום שנאמר „וישב״ אינו אלא לשון צער״ — וואו עס שטייט אַ „וישב״ איז דאָס מער ניט ווי אַן אויסדרוק פון צער . . . דער גרויסער אמורא, רבי יוחנן, וואָס האָט דעם מאמר געזאָגט, דריקט אויס דעם געדאַנק, וואָס מיר האָבן פריער באַלויכטן. וואו נאָר אידן מאַכן אַ „וישב״, מ׳זעצט זיך אַוועק און מען איז צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט, מוז זיך ענדיקן מיט צער, און אַמאָל, מיט אַ טראַגעדיע . . .

אַ „וישב״ ביי אידן מיינט אַ ירידה, ווייל זיי זיינען באַשטימט געוואָרן צו גיין פאָרווערטס, מעלה מעלה, צו אַלץ העכערער השתלמות . . .

„וישב יעקב״ — בקש יעקב לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף (בראַ־שית רבה, רש״י) — יעקב האָט געוואָלט זיצן אין רו, האָט אַ שפּרונג געטאָן אויף אים דער אומרו פון יוסף׳ן.

אַ איד טאָר ניט זיצן רואיק, מיט פאַרלייגטע הענט, עסן און שלאָפן און זיך וואַרימען אויף דער זון, ווען דער בית יעקב איז צעריסן אויף שטיקער . . . אַ אידיש האַרץ מוז בלוטן, ווען ער זעט, ווי קנאה־שנאה און כבוד־זוכעריי איז גע־וואָרן די טרייב־קראַפט אין אידישן לעבן . . .

אַ אידישע נשמה טאָר ניט און קען ניט בלייבן גלייכגילטיק, ווען מכירת יוסף טראַגעדיעס ווערן געוועבט אַרום אים . . . ווען ער זעט, ווי איין ברודער טראָגט זיך אַרום מיט חלומות פון הערשאַפט און וויל, אַז אַלע זאָלן זיך בוקן צו אים, ווייל דער גורל האָט אים באַגליקט מיט אַ „כתונת פסים״, אַ זיידן העמדל . . .

ווי קען אַ מענש מיט אַ נשמה בלייבן רואיק, ווען דער געשריי פון די פאַרפּייניקטע, דערנידעריקטע און באַליידיקטע צערייסט די הימלען! . . . ווען מענשן ווערן פאַרקויפט אין שקלאַפעריי פאַר צוואַנציק זילבערנע טאַלער! . . .

ווי קען מען דאָס אַלץ צוזען און ניט מיטשרייען מיט דעם נביא עמוס, וועלכן מיר לייענען אין דער הפטרה:

„על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים" — וואָס דעם צדיק האָבן זיי פאַרקויפט פאַר געלט און דעם אָרימאַן צוליב אַ פּאָר שיך . . . „השואפים על עפר ארץ בראש דלים ודרך ענוים יטו", וואָס שטרעבן צו רייכקייט אויף דער ערד איבער די קעפּ פון אָרימעלייט און דעם באַשיידענעם וועג פון די אָרנטלעכע טוען זיי פאַר־נייגן . . .

אָט דאָס איז דער וועלט־צער, וואָס שרייט אַרויס פון „וישב" . . . יעקב'ס טראַגעדיע איז דער וועלט'ס טראַגעדיע. אַנדערע פעלקער קענען זיצן און רוהען, בעת אומגערעכטיקייט און מענשלעכע טראַגעדיעס שפּילן זיך אָפּ אויף דער וועלט, זיי קענען זיך פילן גליקלעך מיט זייער אייגענעם „וישב", אָבער ניט די אידן. ביי זיי איז „וישב" אַ „לשון צער" . . .

אָבער דער אידישער צער, דער אידישער אומרו, איז תמיד געווען אַ שעפערישער, די יסורים זיינען געווען „יסורים של אהבה" און דער טרויער האָט אונז תמיד באַפרוכפּערט מיט נייע גייסטיקע כחות און נייע שאַפונגען . . .

דער צער פון אונזער ערשטן „וישב" אין ארץ ישראל האָט אונז געבראַכט די נבואה, וועלכע האָט זיך צעבליט און צעגליט גראַדע אין דער צייט, ווען די אידישע מלוכות זיינען געווען אָפּגעשוואַכט און אָפּהענגיק פון די גרויסע אימפּעריעס: מצרים, בבל און אשור . . .

דער צער פון גלות מצרים האָט אונז געבראַכט משה רבנו . . . דער צער פון גלות בבל האָט אונז געגעבן עזרא, נחמיה און די תקופת הסופרים . . . דער צער פון צווייטן חורבן האָט אונז צוגעטראָגן רבן יוחנן בן זכאי און תקופת המשנה און שפּעטער דעם תלמוד . . .

און שפּעטער, אין גלות אדום, זעען מיר, ווי נאָך גרויסע אויפטרייסלונגען רדיפות און יסורים, איז תמיד דאָס אידיש פאָלק געוואָרן נאָך מער קרעאַטיוו פאַרגייסטיקט. די גזרות ת"ח ות"ט האָבן אונז געבראַכט די מעכטיקע דערפרישנדיקע חסיד'ישע באַוועגונג.

פון די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן אין רוסלאַנד איז אַרויסגעשפּראָצט געוואָרן די „בילו" באַוועגונג און די נאַציאָנאַלע רענעסאַנס . . .

דער דרייפוס פּראָצעס, אָנהויב די נײַנציקער, האָט געווירקט שעפעריש אויף אונזער אומשטערבלעכן דר' הערצל, דעם באַשאַפער פון פּאָליטישן ציוניזם . . .

אויך דער היינטיקער חורבן אונזערער וועט אונז זיכער ברענגען באַנייטע גייסטיקע ווערטן, וואָס וועלן פאַרשטאַרקן און נאָך מער באַפעסטיקן דאָס אידנטום אין דער וועלט . . .

דעריבער, אפשר, איז דער אידישער „וישב״ אין דייטשלאַנד, דערנאָך פוילן און אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, אַנגעגאָסן געוואָרן מיט אַזוי פיל צער און יסורים, מיט אַזוי פיל צאָרן און גיפט . . .

דעריבער גייט אונז אויך ניט אין אונזער גע‎זיכערטער „וישב״ אין דער געבענשטער אַמעריקע, וואו מיר זיינען אָנגעפילט מיט אומרו און שרעק . . .

ווייל אַזוי איז אונזער גורל . . .

מיר זיינען באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ „גר לגוים״, זיינען מיר דעריבער געבענשט געוואָרן מיט יסורים, כדי אונזער הארץ זאָל דערפילן דעם צער פון דער וועלט און כדי אונזער גייסט זאָל אויפגעברויזט ווערן מיט יענעם שעפערישן אומרו, וואָס האָט געשטורעמט אין אונזערע נביאים . . .

און דעריבער האָט ג—ט, אין זיין גרויס חסד, געפירט יוסף׳ן דורך פאַר־שיידענע וועגן קיין מצרים, כדי יעקב און זיין גאַנץ הויזגעזינט זאָלן נאָכדעם, אומ־באַוואוסט פון זיי, נאָכפאָלגן קיין מצרים, און עס זאָל מקוים ווערן דער „ידוע תדע״, וואָס איז געווען דער פאָרבאַדינג פאַר דעם גרויסן יעוד, וואָס ג—ט האָט פאַרשפּראָכן צו אברהם אבינו אין דעם ב ר י ת פ ו ן ה ב ת ר י ם . . .

זאָלן זיי דורכגיין דעם כור הברזל פון מצרים, זאָלן זיי פאַרזוכן דעם ביטערן טעם פון זיין פרעמדע אין אַ לאַנד, זאָלן זיי דערפילן דעם טעם פון שקלאַפעריי, וועלן זיי דאַן דערהערן דאָס געוויין פון דעם וועלט־צער . . . און ערשט דאַן וועלן זייערע הערצער אָנגעפילט ווערן מיט דער טראַגיק פון די מכירת יוסף׳ס, וואָס שרייט און ברומט אין דער וועלט — ערשט דאַן וועלן זיי מסוגל ווערן אויפצונעמען אַ וועלט־דערלייזנדיקע תורה; ערשט דאַן וועלן זיי קענען געבראַכט ווערן צום באַרג סיני, וואו זיי וועלן אָנפאַרטרויט ווערן מיט דער אויסדערוויילטער און געבענשטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויסצולייזן די וועלט, ווייל כל זמן די וועלט וועט ניט אויס־געלייזט ווערן, וועלן זיי אַליין, די וועלט־משיחים, זיין די ערשטע געפייניקטע קרבנות.

און דאָס איז דער זין פון דער תלמודישער לעגענדע, אַז די עשרה הרוגי מלכות זיינען אומגעקומען פאַר דעם מכירת יוסף פאַרברעכן, ווייל „דער מידת הדין״ האָט מקטרג געווען יעדן טאָג פאַר׳ן כסא הכבוד, זאָגנדיק:

„האָסטו דען געשריבן אין דיין תורה אײן־איינציקן אות אומזיסט? . . .

דו האָסט געזאָגט: „וגונב נפש ומכרו מות יומת״, און האָבן דאָך די עשרת השבטים פאַרקויפט יוסף׳ן. און ביז איצט איז ניט איינגעקאַסירט געוואָרן די שטראָף, ניט פון זיי, ניט פון זייערע קינדער״ . . . „לפיכך איז די גזרה אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף די צען גרעסטע אידישע חכמים און צדיקים, אַז זיי זאָלן באַצאָלן די שטראָף פאַר דעם מכירת יוסף פאַרברעכן — אַזוי, ווערט דערציילט אין דער מיסטישער אגדה, האָט דער מלאך גבריאל דערקלערט צו רבי ישמעאל כהן גדול, ווען ער איז

אַרויפגעגאַנגען אויפ'ן הימל, אויסצוגעפינען צי די שרעקלעכע גזרה איז טאַקע פאַר'חתמ'עט געוואָרן.

און פונקט אַזוי ווי די צען גרעסטע צדיקים און חכמים האָבן באַצאָלט פאַר דער מכירת יוסף־טראַגעדיע, וואָס האָט געשריען און געמאָנט פון כסא הכבוד גערעכטיקייט, אַזוי איז דער גורל פון גאַנצן אידישן פאָלק צו ליידן און געפייניקט צו ווערן פאַר די מכירת יוסף־טראַגעדיעס, וואָס וויינען און שרייען אין אַלע וועלט־טיילן . . .

דעריבער דאַרפן מיר אָננעמען מיט ליבע אונזער מאַרטירערטום, און אומ־דערשראָקן, מיט גלויבן אין אונזער ענדלעכן נצחון, ווייטער אָנפירן דעם קאַמף פאַר אונזערע תורה ונבואה אידעאַלן, פאַר דער אויסלייזונג פון דער גאַנצער מענשהייט...

# מקץ

## פרעה׳ס חלום איז דער חלום פון אַלע טיראַנען, דיקטאַטאָרן און אונטערדריקער וועלכע וועלן מוזן אָנקומען צו די אידישע „יוסף׳ס" פאַר אַ באַשייד

„ופרעה חולם" — וכל הבריות אינן חולמין? — אלא, חלום של מלך שחולם שכל העולם כולו שלו
א"ר יוחנן: הרשעים מתקיימים על אלהיהם — „ופרעה חולם והנה עומד על היאר"; אבל הצדיקים אלהיהם מתקיימים עליהם — „והנה ד' נצב עליו

(בראשית רבה פ"ט).

אין דער געשיכטע פון יוסף מיט זיינע ברידער, וויקלט די תורה פאַנאַנדער די גרעסטע, שטאַרקסטע מענשלעכע דראַמע אין דער וועלט־ליטעראַטור, און ניט אומזיסט האָבן די דיכטער און דראַמאַטורגן פון אַלע דורות געזוכט אויסצושעפּן דעם אייביק־מענשלעכן אינהאַלט פון דער מכירת־יוסף מעשה פאַר נייע דראַמאַטישע שאַפונגען, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון זייער צייט.

די געשיכטע אַנטהאַלט אַלע עלעמענטן פון דער קלאַסישער דראַמע, ווי דער פאַטאַלער קאַמף פון דעם מענשן מיט זיין גורל, אין וועלכן עס קומען צום שפּיל מענשלעכעליידנשאַפטן און אימפּולסן, ווי פאָטער־ליבע, פאַמיליע־גליק, מענשלעכע שוואַכקייטן, גרויס־האַלטעריי, פאַרברעכן און חרטה, אחריות־געפיל פון איין ברודער פאַרן צווייטן, און דאָס אַלץ ווערט אַרויסגעבראַכט דורך שטאַרקע, אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע פּאַסירונגען, וואָס זיינען מאָטיווירט און פאַרקייטלט איינער מיט דעם אַנדערן און ווערן געפירט און סצענירט, אָן דעם וויסן פון די האַנדלדיקע מענשן, פון דעם רעזשיסאָר, וועלכער שטייט לפנים מן הקלעים, הינטער די קוליסן פון דער לעבנסבינע, וואו ער פירט אָן מיט די פיגורן און באַשאַפט די סיטואַציעס פאַר אַ געוויסן, בלויז אים באַוואוסטן צוועק . . .

די מכירת יוסף דראַמע איז רייך מיט פּאַטאָס, טרויער, איראָניע און אפילו מיט ראָמאַנטישער פרויען־ליבע . . . זי ווייזט אונז דעם געוואַלטיקן כח פון הונגער און דעם מוסר השכל פון ריינקייט, שענקייט, און ערלעכקייט, וואָס צאָלט זיך דאָך סוף כל סוף פאַר דעם מענשן. זי לערנט אונז, אַז אַ מענש דאַרף קיינמאָל ניט פאַרצווייפלט ווערן, ווארום אין זיין גרעסטער נויט, ווען אים דוכט זיך, אַז אַלץ איז שוין פאַרלאָרן, וואַכט איבער אים אַ כח, וואָס איז שטאַרקער און מעכטיקער פון זיין

גורל — יענער אומענדלעכער כח, וואָס קען ענדערן סיטואַציעס און אַרויסרופן נייע פּאַסירונגען אויף דער סצענע — דער רעזשיסאָר פון וועלט און לעבן — ג—ט! . . .

אַט האָט ג—ט, אין זיין אומענדלעכער חכמה, באַשטימט, אַז יעקב מיט זיינע קינדער זאָלן גיין קיין מצרים, וואו דער געבורט־פּראָצעס פון אידישן פאָלק זאָל זיך אויסלייטערן אין יסורים פון גלות . . .

און עס אַנטוויקלט זיך אַ נייע סיטואַציע אין דעם בית יעקב, וועלכער האָט אפילו ניט גע׳חלומ׳ט צו גיין קיין מצרים. דאַרף מען אים פירן אַהין מיט געוואַלט און זאָל ער מיינען, אַז ער גייט פון זיין אייגענעם ווילן. דאַרף מען באַשאַפן סיטו־אַציעס, אין וועלכע די מענשלעכע געפילן זאָלן קומען אין שפּיל, און זיי וועלן אים שוין פירן קיין מצרים . . .

און אַנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ קלייניקייט. דער אַלטער טאַטע יעקב האָט זיך, נאָך אַלע צרות און וואָגלענישן, איינגעאָרדנט אין זיין היימלאַנד מיט זיינע דערוואַקסענע זין, און פירט אַ רואיק, פּאַסטאָראַל לעבן. די קינדער גיבן זיך אָפּ מיט דער פּאַשע פון די בהמות און ער זיצט און לערנט די תורה פון זיינע אבות.

האָט ער, אָבער, פון אַלע זיינע קינדער מער ליב געהאַט זיין יוסף׳קען, איז דאָך דאָס גאַנץ מענשלעך. יוסף איז דאָך אַ „בן־זקונים״, אַ מיזיניקל, הייסט עס, און זייער אַ געראָטענער, אַ שיינער, און עלטערן האָבן ליב זייער מיזיניקל — דאָס איז דאָך אַזוי אייביק־מענשלעך . . .

אָבער יעקב האָט פאַרגעסן דעם וויכטיקן פּעדאַגאָגישן כלל, אַז עלטערן און אויך לערער דאַרפן ניט אַרויסווייזן אַ גרעסערע ליבשאַפט צו איין קינד איבער דעם צווייטן. דאָס איז ניט גוט פאַר דעם קינד, ווייל דאָס אַנטוויקלט ביי אים אַ געפיל זיך צו גרויסן איבער די איבעריקע קינדער, און דאָס ברענגט קנאה און האָס אין שטוב . . .

אַט צוליב דעם אומשולדיקן, מענשלעכן עלטערן־געפיל האָט זיך אַנגעהויבן די גרויסע דראַמע, וואָס האָט פאַרפירט יעקב׳ן מיט זיין גאַנצן הויז־געזינט קיין מצרים, ווי די גמרא זאָגט (שבת י׳):

„א״ר חמא בר גוריא אמר רב: לעולם אל ישנה אדם בנו בין הבנים, שהרי בשביל משקל שני סלעים מילת לכתונת פסים שעשה יעקב ליוסף יותר משאר בניו, נתקנאו בו אחיו ונתגלגל הדבר וירדו אבותינו במצרים״ — אַ מענש זאָל קיינמאָל ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן זיין זון און זיינע אַנדערע זין, ווארום צוליב די צוויי טאָלער ווידנס פון דעם זיידענעם העמדל, וואָס יעקב האָט געמאַכט יוסף׳ן מער פון זיינע אַנדערע זין, זיינען זיינע ברידער אייפערזיכטיק געוואָרן אויף אים און די זאַך האָט זיך אַזוי פאַרקייקלט, אַז אונזערע עלטערן זיינען אַריין אין מצרים.

אונזערע חכמי התלמוד לערנען דאָ מיט אונז ניט נאָר אַ פּרק אין חכמת החנוך, נאָר אויך די שיטה פון „קאוזיאַליטעט״, פון אורזאַך און עפעקט אין דעם מענשלעכן לעבן, וואָס איז אַ קייט פון איינפלוסן און השפעות, וואָס הויבן זיך אָן,

זאָגט זיך, מיט אַ קלײנער, אומבאַדײטנדיקער האַנדלונג, אָבער וואָס פירט אונז אָפט צו די טיפסטע טראַגעדיעס. און ווען די טראַגעדיע קומט, זעען מיר בלויז די נאָענטסטע דירעקטע סיבה, וואָס האָט די אומגליקלעכע פּאַסירונג אַרויסגערופן, אָבער ניט דעם ערשטן רינג אין דער קייט פון די געשעענישן.

אונזערע חז״ל האָבן, אָבער, מיט זײערע ליכטיקע אויגן געזען ניט נאָר דאָס אַלמענשלעכע אין דער מכירת יוסף געשיכטע, נאָר דעם גורל פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, זײנע אידעאַלן, זײן קאַמף און דעם סוד פון זײן נצחון, וואָס זײ האָבן אַרויסגעלײענט פון געוויסע פּאַסירונגען און אינצידענטן, וועלכע האָבן געפירט צו יוסף׳ס דערפאָלג.

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז יוסף הצדיק איז געווען דער פּאָטער פון דעם „בית יוסף״, און דער נביא עובדיה שטעלט נאָך העכער דעם „בית יוסף״ פאַר דעם בית יעקב, ווען ער זאָגט, אַז אין דעם קאַמף קעגן דעם „בית עשו״ וועט דער בית יעקב זײן אַ פײער, אָבער דער בית יוסף וועט זײן אַ פלאַם . . .

**יוסף איז, אַלזאָ, דער צווײטער כח אין דעם אידישן פאָלק, און דעריבער** זעען מיר אים אויך פריער אין צער און יסורים, אַ פאַרוואָגלטן און פאַרקויפטן אין שקלאַפערײ. אָבער ער קומט צום סוף אַרויס דער זיגער — אַ סימבאָל פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק.

מיר זעען, ווי ג—ט וואַכט איבער אים אין אַלע זײנע וואַנדערונגען און לײדן, און ווי ער לעבט אין רײנקײט, ערלעכקײט און קדושה, און האַלט אויס אַלע נסיונות, ביז ער ווערט דערלײזט און דערהויבן, ווען ער ווערט אַרויסגעבראַכט פון טורמע פּותר צו זײן דעם חלום פון פּרעה מלך מצרים — אויך אַ סימבאָל פון דעם אידישן פאָלק, וואָס וועט דערלײזט ווערן, ווען זײנע „יוסף׳ס״ וועלן גערופן ווערן פּותר חלום צו זײן די חלומות פון די הײנטיקע טיראַנישע הערשער און וועלט־דעראָבערער . . .

פּרעה׳ס חלום, וואָס מיר לײענען אין דער סדרה „מקץ״ פון שבת חנוכה, איז דאָך אײגנטלעך געווען דערזעלביקער חלום פון די הײנטיקע וועלט־טיראַנען און דיקטאַטאָרן פון פעלקער.

„ופרעה חולם״ — פרעגט דער מדרש רבה: וכל הבריות אינן חולמין? — וואָס הײסט פּרעה חלומ׳ט? און אַלע אַנדערע מענשן חלומ׳ען דען ניט? יעדער מענש האָט זיך דאָך זײנע חלומות. אויב די תורה האָט געוואָלט דערצײלן, אַז פּרעה האָט געהאַט אַ געוויסן חלום, האָט געדאַרפט שטײן „ויחלום פּרעה״ — וואָס עפּעס „ופרעה חולם״ אין לשון הוה? — אלא, חלום של מלך שכל העולם כולו שלו — אלא מוז איך זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ חלום פון אַ הערשער, וואָס חלומ׳ם אַז די גאַנצע וועלט איז זײנע . . .

„ופרעה חולם״ — און פּרעה, דער הערשער פון מצרים, וואָס סימבאָליזירט אַלע טיראַנען און אונטערדריקער פון דער וועלט פון אַלע דורות, חלומ׳ט אַ חלום . . .

דאָס איז ניט געווען דער חלום פון אברהם אבינו, וועלכער האָט אויסגע־חלומ׳ט די גרויסע, טיפע, עטישע ג—ט־דערקענטעניש.

עס איז אויך ניט געווען דער הייליקער חלום פון יצחק אבינו, וועלכער האָט אויסגעטרוימט דעם חלום פון אהבת ד׳ און מסירות נפש, וואָס איז אַריין אין די בלוטן און ביינער פון זיין פאָלק.

עס איז אויך ניט געווען די וואונדערלעכע זעאונג, דער נביא׳ישער חלום פון יעקב אבינו, וואָס ער האָט אויסגע׳חלומ׳ט אויף זיינע וואַנדערונגען ליגנדיק אויף האַרטע, שטעכיקע שטיינער — דער חלום פון אַ לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ שפּאַרט אָן די הימלען מיט די מלאכים, וואָס גייען אויף אים אַרויף און אַראָפּ און — וד׳ נצב עליו — ג—ט שטייט איבער אים . . .

אַזעלכע ליכטיקע, וועלט־ און מענש־דערלייזנדיקע חלומות זיינען ניט אין דעם וועזן פון טיראַנען און דיקטאַטאָרן . . .

„ופרעה חולם״ — פּרעה דער פעלקער־דעראָבערער און מענשן־אונטערדריי־קער, ליגט אויפן בויך און חלומ׳ט פון דיקע, פעטע קי . . . פון מאָגערע און דאַרע בהמות . . . פון קי מיט אַ סך פלייש און שמאַלץ און פון בהמות פון הויט און ביינער . . .

מער קען פּרעה׳ס קישקע־וויזיע ניט דערגרייכן מיט אַלע קונצן, דערפינ־דונגען און דערגרייכונגען פון זיינע חרטומים און חכמים . . .

„ופרעה חולם״ — וואָס נאָך האָט פרעה געזען? דעם ברוטאַלן קאַמף אין דער בלינדער נאַטור . . . קי פאַרשלינגען זייערע שוועסטער־קי און פוסטע זאַנגען לעבן אויף דעם חשבון פון זייערע ברידער־זאַנגען . . .

די „פּרעה׳ס״ פון דער וועלט ליגן אויף זייער ערדישער זאַטקייט און חלומ׳ען פון אַ „מלך שכל העולם כולו שלו״, פון אַ וועלט־הערשאַפט אויף דעם ברוטאַלן פּרינציפּ פון „כל דאלים גבר״ — אַז מאַכט איז רעכט.

„ופרעה חולם והנה הוא נצב על היאר״ — אמר ר׳ יוחנן: הרשעים מתקיי־מים על אלהיהם. — די רשעים עקזיסטירן אויף זייערע געטער, ווייל עס שטייט: „והנה עומד על היאר״, אָבער „הצדיקים אלהיהם מתקיימים עליהם״ — דער רבונו של עולם האַלט זיך אויף די צדיקים, ווייל ביי יעקב׳ס חלום שטייט: „והנה ד׳ נצב עליו״ (מדרש רבה, פ״ט).

רבי יוחנן ציט דאָ דורך דעם פּאַראַלעל צווישן דעם אידישן גייסטיקן חלום און דעם מאַטעריאַליסטישן חלום פון דער גוי׳אישער וועלט . . .

די פּאַגאַנישע מאַטעריאַליסטישע קולטור פון די פעלקער האַלט זיך אויף די רשעים. די אידישע ג—ט־קולטור און תורה־ציוויליזאַציע האַלט זיך אויף די צדי־קים. וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט ג—ט כביכול געהאַט, ווען דאָס פאָלק ישראל וואָלט אים ניט אויסגע׳חלומ׳ט אויף דער וועלט! . . . ג—ט האַלט זיך אויף דער וועלט

דורך אונזער טיפער, עטישער דערקענטעניש, וואָס ציט זיך דורך אונזערע קדושים, מאַרטירער, צדיקים, חכמים, תנאים, נביאים ביז צו אברהם אבינו . . .

און דאָס איז דער סוד פון אונזער אייביקייט און דאָס איז די סיבה פון אונזער אומבאַזיגבאַרער גבורה . . .

אויך אנטיוכס הרשע האָט גע׳חלומ׳ט פרעה׳ס חלום. ער האָט געדענקט, אַז מיט זיינע גרויסע חיילות וועט ער קענען פאַרניכטן דאָס שוואַך, אונטערדריקט אידיש פאָלק; אַז די פאַגאַנישע גריכישע קולטור וועט פאַרשלינגען דאָס אידנ־טום . . . ער האָט פאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אַ שטאַרקערע גבורה ווי פיזישע מאַכט.

און ווען מתתיהו הכהן האָט אויסגערופן „מי לד׳ אלי!" — ווער עס איז מיט ג—ט, זאָל קומען צו מיר קעמפן קעגן די גריכיש־סירישע אַרמייען, און די אידישע העלדן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום די חשמונאים, איז געווען „וד׳ נצב אליו" — און דער רעזולטאַט איז געווען, וואָס די „חלשים", די פיזיש־שוואַכע האָבן גע־זיגט איבער די „גבורים", די פיזיש־שטאַרקע, און די „רבים" זיינען געפאַלן דורך דער האַנט פון די „מעטים", ווייל עס איז געווען „טמאים ביד טהורים . . . רשעים ביד צדיקים" . . .

פרעה האָט ביי זיינע חרטומים און חכמים ניט געקענט געפינען אַ באַשייד צו זיין מאָדנעם חלום, וואָס איז אים אויסגעקומען למעלה מן הטבע, און ער האָט געמוזט אָנקומען צו אַ אידישן געפאַנגענעם אינגל, ער זאָל אים פותר חלום זיין . . .

שפעטער האָט די פאַגאַנישע וועלט אויך געמוזט אָנקומען צו אַ אידישן סטאָליאַר־אינגל, ער זאָל זיי באַשיידן דעם חלום פון וועלט און לעבן . . . אָבער ער האָט מיט זיי קיין פעולה ניט געטאָן . . .

אין דעם היינטיקן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט לעבן נאָך די פעלקער מיט דעם ברוטאַלן פינסטערן חלום זייערן . . . אָבער דער אידישער גייסט וועט נאָך אַרויסבריינגען אונזערע „יוסף׳ס", וואָס וועלן נאָך שפילן אַ גרויסע ראָלע אין דעם באַשייד פון זייערע פינסטערע חלומות פאַר דעם גליק און פרייהייט פון דער גאַנ־צער מענשהייט . . .

# ויגש

## יהודה׳ס „ויגש״־אַפּיל, וואס איז געווען באוועגט פון אי־דישער ערבות און אחריות־געפיל און יוסף׳ס דראַמאַטישער ענטפער — דער מוסר השכל פון דער מכירת יוסף דראַמע

„ויגש אליו יהודה״ — זש״ה (משלי ו׳): „בני, אם ערבת לרעך תקעת לזר כפך״ . . . אף יהודה, לפי שהיה ערב של בנימין, לפיכך עמד מכל השבטים כנגד יוסף אלא יהודה, שנאמר: „ויגש אליו יהודה״ . . .

(ב״ר, תנחו, זוהר).

„כי למחיה שלחני אלקים לפניכם״, אלקים שלחני ולא אתם, אלקים המליכני ולא מפני שאני גדול מכם . . . כי אין זכותי גדול מזכותכם . . .

(פתיקתא זוטרתא).

„וירא את העגלות״ — ואותן העגלות ששלח פרעה היכן היו? אלא אותן העגלות ששלח פרעה לשאת אותו, היתה ע״ז חקוקה עליהן, עמד יהודה ושרפן . . . למוד הוא השבט הזה להיות שורף עבודה זרה . . .

ר׳ לוי בשם ר׳ יוחנן בר שאול אמר: אמר להם: אם יאמן לכם, הרי מוטב, ואם לאו, אתם אומרים לו: בשעה שפרשתי ממך — לא בפרשת עגלה ערופה הייתי עוסק? . . .

(ב״ר צ״ד, זוהר ויגש).

מיר שטייען איצט פאַר דעם שפּאַנענדיקסטן קלימאַקס פון דער מכירת יוסף דראַמע, ביי יהודה׳ס אַנטשלאָסענעם און געוואַגטן אויפטריט פאַר דעם מעכטיקן שני־למלך פון מצרים, צו מאַכן גוט זיין ערבות פאַר זיין ברודערל בנימין, וואָס האָט געפירט צו יוסף׳ס דערקענען־זיך צו זיינע ברידער.

די סצענע איז די שטאַרקסטע און די רירנדיקסטע אין דעם גאַנצן רינג פון דראַמאַטישע האַנדלונגען, איבערראַשנדיקע פּאַסירונגען און פאַרוויקלטע סיטואַציעס, וועלכע זיינע סצענירט געוואָרן פון דער השגחה, כדי אַרויסצורייסן דעם בית יעקב פון זיין היימלאַנד און אים אַריינציהען אין זיין ערשטן גלות־מצרים, וואו ער זאָל דורכגיין די גרעסטע און יסורים׳דיקסטע שקלאַפעריי, כדי ער זאָל נאָכדעם ווערן דער גרעסטער און יסורים׳דיקסטער קעמפער קעגן שקלאַפעריי . . .

די סצענע עפנט זיך אין יוסף׳ס פּאַלאַץ, וואו יהודה איז צוגעטראָטן מיט אַ שטאַרקן אַפּיל צו דעם הערשער פון מצרים, צו פאָדערן גערעכטיקייט פאַר זיין געפאַנגענעם ברודער.

און אַזוי ווי אַלע האַנדלונגען און סצענעס פון אַט דער גרעסטער, קלאַסיש־סטער, מענשלעכער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי דעם געבורט פון אי־דישן פאָלק, האָבן אונזערע גרויסע חכמים אָנגעלאָדן מיט דעם אידישן גורל, מיט אידישן מוסר און מיט דער מיסטיק פון היסטאָרישן אידנטום, וואָס גליהען און שפּריצן, ווי פייערדיקע פונקען פון יעדן וואָרט, פון יעדער שורה און פון יעדן אות אין דער דערציילונג פון דער תורה — אַזוי אויך איז די טיף־רירנדיקע, אַלגע־מיין־מענשלעכע סצענע פון „ויגש", אָנגעלאָדן מיט דעם ספּעציפיש־אידישן גורל פון אידישער ערבות . . . פון אידישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט איינער פאַר דעם אַנדערן . . . פון אידישער פאָלקס־אחריות . . . פון „כל ישראל ערבים זה בזה", צי מיר ווילן עס, אָדער ניט . . .

אידן זיינען געבאָרן געוואָרן אין ערבות, אין קעגנזייטיקער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, און זיי קענען זיך פון אַט דער ערבות ניט אָפּשאָקלען עד סוף כל הדורות...

„ויגש אליו יהודה" — ער, יהודה, איז אויפגעטראָטן, ווייל ער האָט ערב געווען העם פאָטער פאַר בנימינ'ען, ער האָט אים געגעבן זיין עהרנוואָרט, אַז ער וועט אים צוריקברענגען, און ערבות איז אַ הייליקע זאַך, ווען אפילו זי קען אַמאָל ווערן פאַטאַל . . .

די מדרשים פאַרבינדן דעם „ויגש" מיט דעם פּסוק פון משלי ו' : „בני, אם ערבת לרעך, תקעת לזר כפך" — אויב דו האָסט ערב געווען צו דיין פריינט, האָסט דיין האַנט צו אַ פרעמדן אַוועקגעגעבן, דו ביזט שוין ניט דיין אייגענער בעל־הבית . . .

אַט דער אחריות־מאָטיוו וויברירט דורך דער גאַנצער סצענע.

פילנדיק די אחריות פאַר זיין ברודער, האָט יהודה זיך איינגעשטעלט ביי דעם מושל פון מצרים מיט אַ שטאַרקן אַפּיל. ער רעדט, באַטירלעך, אונטערטעניק, אָבער אַנטשלאָסן, מיט ווירדע און שטאַרקייט, ווי דער מדרש תנחומא זאָגט : „מלמד שהיה מדבר אחת קשה ואחת רכה" — יהודה האָט מיט יוסף'ן גערעדט ווייכע, אָבער אויך האַרטע רייד. דאָס קען מען זען פון זיין גאַנצער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן.

שוין פון דעם אויסדרוק „ויגש אליו יהודה", זעען מיר, אַז די תורה האָט דאָ געוואָלט באַטאָנען אַ שטאַרקן, אַנטשלאָסענעם, ווירדיקן און קעמפערישן אַפּיל פאַר גערעכטיקייט.

דאָס האָבן דערפילט אונזערע חכמים, זכרונם לברכה, וועלכע האָבן דיסקו־טירט דעם באַדייט פון „ויגש".

ר' יהודה זאָגט, אַז דאָס מיינט מלחמה; ר' נחמיה זאָגט, אַז דאָס מיינט „פיוס", איבערבעטן זיך, הייסט עס; די רבנן זאָגן, אַז דאָס מיינט תפלה, און ר' אלעזר האָט אויסגעטייטשט, אַז דאָס מיינט אַלץ צוזאַמען : „אם למלחמה אני בא, אם לפיוס אני בא, אם לתפלה אני בא" (בראשית רבה, פ' צ"ג).

און באמת זעען מיר, אַז יהודה'ס אַפּיל האָט אַנטהאַלטן די אַלגעמיינע דריי־

מאַמענטן; ער טרעט אויף ווי אַן אַנקלאַגער, אַ קריגער און אַ בעטער. מיט ווער־טער שאַרפע ווי פיילן, אַנאַליזירט ער די גאַנצע „קעיס" און וויזט אַן אויף דעם נידערטרעכטיקן בלבול, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף זיינע ברידער . . . ער שילדערט מיט פּאַטעטישע, רירנדיקע ווערטער, די טראַגעדיע פון זיין אַלטע טאַטן יעקב, און ער אַפּעלירט צו אים אין דעם נאָמען פון זיין אומגליקלעכן פאָטער, און צולעצט דערציילט ער אים, אַז ער, יהודה, האָט ערב געווען פאַר זיין יונגן ברודער, און ערבות איז די היילִיקסטע זאַך ביי אידן . . . „איך וועל בלייבן זינדיק צו מיין פאָטער אויף מיין גאַנצן לעבן" . . .

און כדי צו האַלטן זיין עהרן־וואָרט און אויסלייזן זיין ערבות, באָט זיך יהודה אָן צו בלייבן יוסף׳ס שקלאַף אויפ׳ן פּלאַץ פון בנימינ׳ען . . .

אָט אַזאַ טיפע אחריות און אַזאַ ערנהאַפט־ווירדיג פליכט־געפיל האָט באַ־הערשט יעקב׳ס קינדער, וועלכע זיינען אויסגעלייטערט געוואָרן אין צער און יסורים פון דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם בית יעקב . . .

אָבער אויך יוסף איז געווען אַ קינד פון דעם בית־יעקב . . . אויך ער, דער הויפּט־העלד פון דער דראַמע, איז אויסגעלייטערט געוואָרן דורך צער און יסורים . . . און אויך ביי אים האָט זיך צעפלאַמט דאָס אידיש אחריות־געפיל, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ ברודער צו ברידער . . .

דערזעענדיק, ווי זיינע ברידער שטייען פאַר אים געפּייניקטע און געריי־ניקטע פון טיפע חרטה־געפילן פאַר דעם פאַרברעכן, וואָס זיי האָבן קעגן אים באַ־גאַנגען; צוקוקנדיק, ווי זיי שטייען פאַר אים ווי נאַבעלע און שטאָלצן מענשן און באַוואונדערנדיק דעם שטאַרקן אחריות־געפיל פון איין ברודער פאַר׳ן צווייטן, איז דאָס האַרץ פון אידישן עמיגראַנטן־אינגל, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו ווערן דער עקאָנאָמישער דיקטאַטאָר פון דער עגיפּטישער אימפּעריע, פאַרקלעמט געוואָרן מיט גרויס ליבשאַפט און רחמנות צו זיינע ברידער און:

יוסף האָט זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן — זאָגט דער פּסיקתא זוטרתא: „ולא יכול יוסף להתאפק" — מעולם אבותינו רחמנים הם; „ויתן את קולו בבכי" — לפי שנתמלא רחמים" — פון תמיד אָן זיינען אונזערע עלטערן געווען רחמנים. יוסף האָט זיך פאַנאַנדערוויינט, ווייל זיין האַרץ איז איבערגעפילט געוואָרן מיט רחמנות . . . דאָס „אידישע פינטעלע" האָט זיך צעפלאַקערט אונטער דעם שטייפן עגיפּטישן מונדיר . . . עס איז ניט געשטאַנען מער פאַר זיי דער מעכטיקער הער־שער פון מצרים, נאָר זייער אידישער ברודער, דער אַמאָליקער יוסף׳קע . . .

דער לעצטער אַקט פון דער מכירת יוסף דראַמע אַנטהאַלט ניט נאָר די פאַ־נאַנדערוויקלונג פון דער געשיכטע צום גליקלעכן סוף, נאָר אויך דעם גאַנצן מוסר השכל פון דער מעשה.

אין די ערשטע אַקטן זעען מיר די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די טראַ־געדיע אין יעקב׳ס הויז: צוערשט אַ קליינער מענשלעכער טעות פון אַ פאָטער, וואָס

האָט געליבט איין קינד מער, ווי די גמרא (שבת י׳) באַמערקט עס: לעולם אל ישנה אדם בנו בין הבנים שהרי בשביל משקל שני סלעים מילת וכ״ו — דערנאָך פאָלגט שוין גאוה, רכילות, מאַכט־לוסט, קנאה, שנאה, ליידנשאַפטלעכע עמאָציעס, אימפּול־סיווע האַנדלונגען און פאַרברעכנס, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אין אומדערוואַרטעטע עפּי־זאָדן און סיטואַציעס, וועלכע זיינען פאַרקייטלט איינער אין דעם אַנדערן, און יעדע סצענע איז דורכגעזאַפּט מיט צער און יסורים, מיט דעם הילפלאָזן מענשלעכן קאַמף קעגן דעם פאַטאַלן גורל און מיט דעם מענשלעכן זיגזאַג־מאַרש צו אויסלייטערונג און השתלמות . . .

אין דעם לעצטן אַקט זעען מיר, ווי אונזערע העלדן האָבן זיך שוין אויס־געלייטערט אין זייערע יסורים. די ברידער שטייען פאַר יוסף׳ן געריינִיקטע און גע־בראָכענע פון חרטה. יהודה איז זיך מוסר־נפש צו דערפילן זיין ערבות און איז גרייט זיך צו פאַרשקלאַפן אויף אייביק פאַר זיין ברודער׳ס פרייהייט און זיין פאָטער׳ס גליק . . .

די מענשלעכע אימפּולסן, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מכירת יוסף טראַגע־דיע, זיינען איינגעצוימט געוואָרן. דער בית יעקב שטייט שוין איצט פאַראייניקט מיט ליבשאַפט און אחריות פון איינעם פאַר׳ן אַנדערן . . .

אויך יוסף איז אַן אַנדערער. ער טראָגט זיך שוין ניט אַרום מיט קינדערשע רכילות און פלאַטקעס אויף זיינע ברידער. אויך ער איז אין יסורים און צער אויס־געלייטערט געוואָרן. ביז צום לעצטן אַקט זעען מיר אים נאָך, ווי ער קאָנטראָלירט זיין האַרץ, זיך שפּילנדיק מיט זיינע ברידער, ניט קוקנדיק, וואָס ער פאַרשאַפט זיי שמערצן.

אָבער, ווען ער האָט דערזען דעם אחריות־געפיל, וואָס אָטעמט אין זיינע ברידער, האָט אים אָט דאָזעלביקע געפיל באַהערשט און מיט אָט דעם געפיל פון אידישער ערבות האָט ער זיך צו זיי דערקענט, זאָגנדיק: „כי למחיה שלחני אלקים לפניכם״ — כדי זיי זאָלן ניט זיין אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, פאַרזיכערט ער זיי, אַז ער גיט זיי ניט קיין צדקה, נאָר ער דערפילט זיין חוב, ווארום ניט פון זיין טובה וועגן האָט אים ג—ט אַהער געשיקט, נאָר כדי צו זיין דער שפּייזער און דער רעטער פון זיינע ברידער . . .

דער פסיקתא זוטרתא האָט אין יוסף׳ס ווערטער דערהערט די פיינע, נאָבעלע שטימע פון אידישער ערבות, וואָס האָט גערעדט פון יוסף׳ס געמיט:

„אלקים שלחני ולא אתם, אלקים המליכני לא מפני שאני גדול מכם . . .
לא להנאתי, אלא לשוב לכם שארית בארץ, כי אין זכותי גדול מזכותכם״ — ג—ט האָט מיר פאַרשיקט אַהער, ניט איר . . . ג—ט האָט מיר געמאַכט פאַר אַ הערשער ניט ווייל איך בין גרעסער פון אייך און ניט צוליב מיין הנאה, נאָר כדי איר זאָלט קענען בלייבן לעבן אויף דער וועלט, ווארום איך בין ניט בעסער פון אייך און מיין זכות איז ניט גרעסער פון אייערן . . .

וואָס פאַר אַ טיפער מוסר השכל עס ליגט דאָ פאַר די אַמעריקאַנער אידן, וועלכע פאַרנעמען היינט דעם פּלאַץ פון די יוסף׳ס אין אונזער זאַטער, פרייער און גליקלעכער מדינה אין פאַרגלייך מיט די אידישע שבטים פון די אייראָפּעאישע לענדער!

אינטערעסאַנט איז ווי דער מאָטיוו פון אידישער ערבות ווערט אַריינגע־וועבט פון אונזערע בעלי אגדה און מיסטיקער אויך אין יוסף׳ס לאָזן וויסן יעקב׳ן, אַז ער לעבט. דער מדרש און אויך דער זוהר פאַרבינדן דעם פינאַל פון דער מכירת יוסף מעשה מיט דער „עגלה ערופה״ . . .

די תורה דערציילט, אַז ווען פרעה האָט דערהערט וועגן דער געשיכטע פון יוסף׳ן מיט זיינע ברידער, האָט ער געשיקט „עגלות״, וועגענער, הייסט עס, צו ברענגען יעקב׳ן מיט זיין הויזגעזינט קיין מצרים. דערנאָך זאָגט די תורה: „וירא את העגלות אשר שלח יוסף״ — און יעקב האָט דערזען די „עגלות״, וואָס יוסף האָט געשיקט — „ותחי רוח יעקב אביהם״ — און דער געמיט פון יעקב זייער פאָטער האָט אויפגעלעבט.

פרעגט דער מדרש (בראשית רבה, צ״ד): און וואו זיינען געווען די וועגענער, וואָס פרעה האָט געשיקט? און דער מדרש ענטפערט מיט אַ בליציקן גע־דאַנק, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויף דעם היסטאָרישן אידנטום און זיין קאַמף מיט דער פּאַגאַנישער וועלט.

„אויף די וועגענער וואָס פרעה האָט געשיקט, זאָגט דער מדרש, איז געווען אויסגעקריצט אַן עבודה זרה . . . די פרעה׳ס וואָס האָבן איינגעלאַדן אידן צו קומען אין זייער לאַנד, האָבן אויסגעקריצט עבודה זרה׳ס אויף זייערע איינלאַדוב־גען . . . וואו נאָר אידן האָבן געלעבט אין פרייהייט, האָבן זיי דערנאָך באַצאָלט מיט עבודה זרה׳ס . . . מיט אַסימילאַציע . . .

יהודה, דער רעפּרעזענטאַנט פון היסטאָרישן אידנטום, האָט אָבער די דאָזיקע וועגענער, וואָס פרעה האָט געשיקט, פאַרברענט . . . און דערביי גיט זיך דער מדרש אַ זאָג אַ באַדייטפול ווערטל: „למוד הוא השבט הזה להיות שורף עבודה זרה״ — דער דאָזיקער שבט איז געניט צו פאַרברענען עבודה זרה׳ס . . . ניט איין עבודה זרה האָט שוין דאָס היסטאָרישע אידנטום פאַרברענט אין זיין קאַמף מיט דער פּאַגאַנישער וועלט.

דער זוהר און אויך דער מדרש זאָגן, אַז מיט די „עגלות״, וואָס יוסף האָט געשיקט צו יעקב׳ן, האָט ער אים געוואָלט דערמאָנען, אַז בשעת ער, יוסף, האָט זיך אָפּגעשיידט פון אים, האָט זיין פאָטער געלערנט מיט אים די פרשה פון „עגלה ערופה״, וואָס איז באַזירט אויף דעם פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער אחריות . . .

דער מדרש שפּינט דאָ ווייטער דעם פאָדים פון אידישער ערבות, פון אי־דישער סאָלידאַריטעט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון איינעם פאַר׳ן אַנדערן, אויף וועלכע דער דין פון עגלה ערופה איז באַזירט —

דער דין פון „עגלה ערופה" זאָגט אונז, אַז ווען מען געפינט אַ חלל, אַ הרוג אויפ'ן פעלד, און מ'ווייסט ניט ווער ס'האָט אים גע'הרג'עט, טראָגט די שטאָט וואָס איז נעענטער צום פלאַץ פון דעם הרוג, די אחריות פאַר דעם פאַרברעכן. די עלטסטע פון דער געמיינדע מוזן שווערן „ידינו לא שפכו את הדם הזה ועינינו לא ראו" — און די ראשי העדה מוזן דערביי ברענגען אַן „עגלה ערופה", ווייל די גאַנצע שטאָט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איין אידישן חלל . . .

און אָט דעם דין האָט יעקב אבינו געלערנט מיט זיינע קינדער . . .

און יוסף האָט געוואָלט פאַרזיכערן זיין פרומען פאָטער, אַז ניט קוקנ־דיק וואָס ער געפינט זיך אין פרעה'ס פאַלאַץ און לעבט אין גרויס עשירות אין אַ פרעמדער סביבה, פילט ער זיך נאָך אַלס קינד פון דעם אידישן שטאָם און טראָגט אויף זיך די פולע אחריות פאַר דעם גורל פון גאַנצן בית יעקב . . .

און ווען יעקב האָט עס דערהערט, האָט ער אויסגעשריען „עוד יוסף בני חי, אלכה ואראנו בטרם אמות" — מיין זון יוסף לעבט נאָך מיט זיין גאַנצער אידישער נשמה, לאָמיך גיין אים אָנקוקן איידער איך וועל שטאַרבן — ווי באַלד די אידישע נשמה לעבט נאָך אין אַזעלכע פאַרפרעמדטע קינדער, איז דער נצח ישראל געזיכערט און איך קען גיין אין דעם פרעמדן גלות־לאַנד . . .

# ויגש

## יהודה׳ס רירנדיקער אַפּיל צו יוסף׳ן פאַר אַן אָרימען געפאַנגענעם ברודער איז אַ רוף צו דער אידישער ערבות און אידישער סאָלידאַריטעט פאַר אַלע צייטן . . .

„ויגש אליהו יהודה" — זהו שאמר הכתוב: וסרה קנאת אפרים (ישעיה י"א). כנגד מי אמר ישעיה מקרא זה? לא אמרו אלא כנגד יהודה ויוסף.

(תנחומא).

„וירא את העגלות" — ר' לוי בשם ר' יוחנן ב"ן שאולה אמר: אמר להם אם יאמין לכם הרי טוב, ואם לאו אתם אומרים לו: בשעה שפרשתי ממך לא בפרשת עגלה ערופה, הייתי עוסק? (בראשית רבה פ' צ"ד).

די מכירת יוסף געשיכטע איז, ניט קוקנדיק אויף איר אידיש-נאַציאָנאַלן לבוש, די שטאַרקסטע אַלמענשלעכסטע דראַמע, וואָס שטעלט פאַר די קאָנפליקטן צווישן מענשלעכע ליידנשאַפטן און אַמביציעס און די הילפלאָזיקייט פון דעם מענשן אין זיין טראַגישן געראַנגל מיט זיין גורל . . .

און ווען מיר זאָלן אַרויסנעמען די גאַנצע מכירת יוסף מעשה פון חומש, איר אויסטאָן פון דעם כתר־קדושה — קדושת התורה — און איר אַוועקשטעלן אין דעם פאַנטעאָן פון די קלאַסישע דראַמאַטישע שאַפונגען פון דער אַלטער וועלט, וואָלט זי פאַרנומען דעם אויבנאָן מיט איר אייביקער פרישקייט און קינסטלערישן אמת . . .

ניט אומזיסט האָט די מכירת יוסף געשיכטע אָנגערעגט גרויסע דיכטער און דענקער פון פאַרשידענע צייטן, צו נייע ליטעראַרישע שאַפונגען.

אין אונזער צייט האָט דער געניאַלער דייטשער שריפטשטעלער און פליכט־לינג פון היטלער־לאַנד, טאָמאַס מאַן, אָנגעשריבן אַ גרויס ווערק „יוסף און זיינע ברידער", וואו ער שילדערט די מענשלעכע כחות, דעם מענשלעכן קאַמף פאַר דער־לייזונג און די קאָנפליקטן מיט זיינע פּאַסיאָנען, וואָס ווערן ענדלעך בייגעקומען, ברענ־גענדיק מיט זיך מענשלעכע דערלייזונג, לויט דעם אינהאַלט פון דער מכירת יוסף דערציילונג, ווי עס ווערט אַזוי דראַמאַטיש־רירנדיק און אַזוי פשוט מענשלעך דער־ציילט אין אונזער חומש . . .

און באמת האָט די מכירת יוסף געשיכטע אַלע ליטעראַרישע עלעמענטן, וואָס מאַכן איר פאַר דער קלאַסישער דראַמע „פאַר עקסעלאַנס": מענשן וואָס ווערן גע־

טריבן פון זייערע גאַנצע ליידנשאַפטן, קנאה, שנאה פון איין ברודער צום צווייטן; אַ געוואַלטיקע פאַטער־ליבע; אַמביציעס צו הערשן; אינטריגעס און פאַרבּרעכן; דעגראַדירונג און געפאַלנקייט פון מענשן; זייער איבערבּרוך און אויסלייטערונג אין טרויער און צער פון חרטה, און דער ענדלעכער טריאומף פון דעם געדעכטן איבער דעם אומגערעכטן; פון דעם מלאך אין מענשן איבער דעם טייוול אין אים . . .

עס פעלט אפילו ניט אַ ליידנשאַפטלעכער ראָמאַן, וואָס שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אַלס אַ רינג אין דער קייט פון די אומדערוואַרטעטע פּאַסירונגען און געשעעניש, וועלכע דער גורל (אין דעם פאַל איז דאָס געווען די ג—טלעכע השגחה) האָט באַשטימט צו ברענגען יעקב׳ן מיט זיינע קינדער אין מצרים . . .

עס איז אַ דראַמע, וואָס קען איינגעטיילט ווערן אין אַקטן און סצענעס מיט דעם קלימאַקס אין לעצטן, שטאַרקסטן און רירנדיקסטן אַקט, וואו יהודה טרעט אויף פאַר יוסף׳ן מיט זיין מאַסטערהאַפטן דראַמאַטישן אַפּיל פאַר דער באַפרייאונג פון זיין קליינעם ברודער׳ל, בנימין — דער אַפּיל וואָס האָט געבראַכן יוסף׳ס האַרץ, ווען ער האָט אַ וואַרף געטאָן פון זיך זיין מאַסקע און, מיט טרערן אין די אויגן, זיך געלאָזן הערקענען צו זיינע צעשראָקענע, פאַרגאַפטע ברידער.

די סצענע פון „ויגש אליו יהודה״ און „ולא יכול יוסף להתאפק״ — יהודה׳ס טיף־מענשלעכע רעדע, וואָס האָט וויברירט מיט דעם געפיל פון הייליקער אחריות, מיט דער פליכט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט און מיט געמייסטערטע מענשלעכע עמאָציעס, וועלכע האָבן צעשמאָלצן יוסף׳ס האַרץ — אָט די דערגרייפנדיקע און אָטעםפאַרכאַפּנדיקע סצענע איז, פון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט, אפשר די שטאַרקסטע און אמת׳דיקסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור. די סצענע איז צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך צו מענשן פון אַלע ראַסן און פעלקער אין אַלע וועלט־טיילן, ווייל זי אַנטהאַלט דאָס אייביק־מענשלעכע, וואָס ליגט באַהאַלטן אונטער קינסטלעכע, אָרטלעכע און צייטלעכע מאַסקעס פון די מענשן . . .

דאָס איז אַלץ גערעדט, ווען מיר נעמען די גאַנצע געשיכטע פון מכירת יוסף על דרך הפשט. מיר באַוואונדערן דאַן די גרויסקייט פון דער תורה אַלס דראַמאַטישע דערציילערין . . .

אָבער, אונזער תורה האָט דאָך אַ גאַנצן פרדס פון אויסטייטשונגען, וואָס מיינט על פי פשט, רמז, דרש און סוד, און ליטעראַרישקייט איז טאַקע פשט . . . דער פשוט׳ער פשט, זיין שענקייט איז צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען, אָבער דער רמז און דרוש און סוד קען באַלויכטן ווערן בלויז פון אידן, ווייל די אינטימע, סודות׳פולע שפּראַך פון דער תורה איז געזאָגט געוואָרן בצנעא צו אידן . . .

דאָס איז דער רעיון פון דער גמרא (חולין צ״א), וואָס זאָגט, אַז ווען יעקב אבינו איז אַרויסגעגאַנגען פון באר שבע און איז געקומען קיין חרן, האָט ג—ט אויסגעלאָשן די זון, כדי צו ריידן מיט יעקב׳ן באַהאַלטענערהייט, קיינער זאָל ניט זען און ניט הערן:

„כי בא השמש — כבה השמש . . . מלמד שהשקיע הקב״ה גלגל חמה שלא בעונתה, בשביל לדבר עם יעקב אבינו בצנעא. משל לאוהבו של מלך שבא אצלו לפרקים. אמר המלך: כבו הנרות, כבו הפנסים, שאני מבקש לדבר עם אוהבי בצנעא״ — דאָס איז געגליכן צו אַ מלך׳ס געליבטן, וואָס באַזוכט דעם קעניג פון צייט צו צייט, האָט דער מלך געזאָגט: פאַרלעשט די ליכט, פאַרלעשט די לאָמטער־נעס, ווארום איך וויל ריידן מיט מיין פריינט, אַז קיינער זאָל אונז ניט זען . . .

דעריבער איז ביי אונז דאָ נאָך אַ מ י נ ד ל ע כ ע תורה, וואָס איז אַ טייל פון דער תורה שבכתב, ווייל די תורה שבעל פה האָט ג—ט געגעבן צו אונ־זערע חכמים „בצנעא״ . . . ער האָט גערעדט צו זיי אין דער שטיל, דורך דער מסורה און קיינער, אַ חוץ אידן, האָט ניט געהערט . . .

און אויך אין דער מכירת יוסף דראַמע האָבן אונזערע בעלי אגדה, די רע־ליגיעזע דיכטער און דענקער אונזערע, געהערט סודות און רמזים, וואָס קיין אַנדער מענש האָט ניט געהערט . . .

זיי האָבן אין די אַלע פּאַסירונגען, סצענעס און געשעהענישן אַריינגעבלאָזן אַ נאַציאָנאַלע נשמה און די גאַנצע דראַמע באַלעבט מיט דעם אידישן פאָלקס־גורל . . .

אַזוי, למשל, זעט דער מדרש תנחומא אין דעם „ויגש אליו יהודה״ דעם סימבאָל פון דעם שלום צווישן יהודה און אפרים, וואָס קומט פון יוסף׳ן, קעגן וועלכן ישעיה הנביא האָט נביאות געזאָגט, אַז ווען עס וועט קומען דער „אחרית הימים״, עס וועט ניט זיין קיין מלחמות און ג—ט׳ס וויסן וועט איבערפילן די ערד ווי די וואַסערן באַדעקן די ברעגן פון ים — דאַן וועט אויך „אפרים׳ס אייפערזוכט אָפּגע־שאַפט ווערן און די באַדריקער פון יהודה וועלן פאַרשניטן ווערן; אפרים וועט ניט מקנא זיין יהודה׳ן און יהודה וועט ניט אָנגרייפן אפרים׳ען״.

„ויגש אליו יהודה — זהו שאמר הכתוב: וסרה קנאת אפרים (ישעיה י״א) — כנגד מי אמר ישעיה מקרא זה? לא אמרו אלא כנגד יהודה ויוסף״ . . .

דער געדאַנק פון דעם מדרש איז, אַז דער אמת׳ער שלום צווישן אידן גופא וועט אויך מוזן וואַרטן אויף די אחרית הימים, אויף משיח׳ן . . .

„דאמר ר׳ שמואל בר נחמן אמר רבי יונתן: בשעה שהיו יהודה ויוסף מתוכחין זה עם זה אמרו מלאכי השרת זה לזה: בואו ורדו למטה ונראה שור וארי מתנגחין זה עם זה. בנוהג שבעולם שור מתירא מפני ארי, ועכשו שור וארי מתנגחין ועומדין והקנאה ביניהן עד שבא משיח, לפיכך: וסרה קנאת אפרים״ — ווען יהודה מיט יוסף׳ן האָבן זיך מתוכח געווען איינער מיט׳ן אַנדערן, האָבן די מלאכי השרת געזאָגט: קומט אַרונטער אונטן און לאָמיר זען ווי אַן אָקס (יוסף׳ס סימבאָל איז אַן אָקס — בכור שורו הדר לו) און אַ לייב (יהודה) ראַנגלען זיך איינען מיט׳ן אַנדערן, ווארום די נאַטור פון אָקס איז צו האָבן מורא פאַר׳ן לייב און איצט שטייען זיי ביידע אַנטקעגן איינער דעם אַנדערן און צווישן זיי איז דאָ די קנאה ביז משיח וועט קומען . . .

אפילו פאַר די מלאכים איז דאָס געווען אַן אינטערעסאַנטער און טשיקאַ־

ווער שפיל צו זען, ווי צוויי גרויסע אידן ראַנגלען זיך, ווערנדיג געטריבן פון קנאה...
און דער אומגליק איז, וואָס די קנאה וועט אָנהאַלטן ביז משיח וועט קומען! . . .

דער מדרש בראשת רבה זעט אין דעם „ויגש אליו יהודה" די וויכטיקייט פון ערבות, פון אידישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון איין ברודער פאַר'ן צווייטן. דער־ריבער איז יהודה אויפגעטראָטן פאַר יוסף'ן, אַנבאַטנדיק זיך אַליין פאַר אַ קנעכט אַנ־שטאָט בנימין'ען, ווייל ער האָט ערוב געווען פאַר אים צו זייער פאָטער יעקב . . .

די תורה האָט, אַלזאָ, אַריינגעשריבן דעם „ויגש אליו יהודה", כדי צו באַ־טאָנען די וויכטיקייט פון אידישער ערבות, פון אידישער אחריות פון איינעם פאַר'ן אַנדערן, פון אידישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו באַפרייען אַ געפאַנגענעם אידן אפילו מיט זיין אייגענעם לעבן . . .

ווארום יעדער איד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַן אַנדער אידנ'ס זינד. דאָס איז דער גורל פון אידישן פאָלק:

„וכשלו איש באחיו — איש בעון אחיו; מלמד, שכל ישראל ערבים זה בזה" (שבועות, ל"ט). — אַלע אידן זיינען ערבים איינער פאַר'ן אַנדערן און יעדער איינער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר'ן צווייטנס זינד, און אויב איינער וויל ניט באַצאָלן, צווינגט מען אים צו באַצאָלן אָדער באַשטראָפט צו ווערן פאַר'ן צווייטנס זינד . . .

ווייל דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ שיף, וואָס איין קאַמערל אירער איז געשפּאָלטן געוואָרן. זאָגט מען ניט: אַ קאַמערל איז געשפּאָלטן אין דער שיף, נאָר — די שיף איז געשפּאָלטן, אַזוי זיינען די אידן ערבים איינער צום אַנדערן. (תנא דבי אלהו פ׳ י"ב).

די אידישע ערבות ווערט נאָך שטאַרקער אויסגעדריקט אין דעם פאָלגנ־דיקן מאמר חז"ל:

„תני ר׳ שמעון בן יוחאי: משל לשני בני אדם שהיו נתונים בספינה" — דאָס איז געגליכן צו צוויי מענשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ שיף. האָט איינער גענומען אַן עגבויער און אָנגעהויבן בויערן אונטער זיין פּלאַץ. זאָגן צו אים זיינע חברים: וואָס טוסטו? ענטפערט ער: וואָס אַרט עס אייך? איך בויער דאָך אַ לאָך אונטער מיין אייגענעם פּלאַץ. האָבן זיי אים געזאָגט: דורך דיין לאָך דערטרינקסטו די גאַנצע שיף (ילקוט שמעוני).

„ויגש אליו יהודה" — דאָס מיינט אידישע אחדות, אידישע אחריות, אידישע סאָלידאַריטעט . . .

„ולא יכול יוסף להתאפק" — יהודה׳ס אָפּפערווילִיקייט פאַר זיין ברודער האָט אים שטאַרק גערירט און ער האָט זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן און אויס־געשריען: איך בין אייער ברודער יוסף! קוקט ניט וואָס איך בין היינט דער הער־שער פון מצרים, איך בין אָבער אַ איד ווי איר אַלע און טראָג מיין אידישע אחריות ווי דו, יהודה . . .

„כי למחיה שלחני אלקים לפניכם" — ג—ט האָט מיך אַהער געשיקט, כדי

איך זאָל זיין אייער שפּייזער: זאָגט דער פּסיקתא זוטרתא, אַז יוסף האָט געזאָגט צו זיינע ברידער: ג—ט האָט מיר געשיקט, ניט איר; ג—ט האָט מיר געמאַכט פאַר אַ הערשער ניט דערפאַר וואָס איך בין בעסער און גרעסער פון אייך און ניט פון מיין פאַרגעניגן וועגן, נאָר כדי אייך צו דערהאַלטן, ווארום „זכותי אינה גדולה מזכותכם" — מיין זכות איז ניט גרעסער פון אייערן . . .

אַזוי האָט שפּעטער די אידישע נויט אויפגעוועקט דעם טיפן אחריות־געפיל ביי אונזערע מעכטיקע און רייכע ברידער, וועלכע האָבן זיך אַמאָל געהאַלטן פון וויטנס, ווייל זיי האָבן געהאַט דאָס גליק צו קומען פריער אין אַמעריקע און די געלעגנהייט זיך אַרויפצואַרבעטן צו עשירות און מאַכט . . .

די גרויסע שרעקלעכע נויט, וואָס איז באַפאַלן דעם וועלט־אידנטום דורך דער היטלער־מגפה, האָט אַרויסגערופן צווישן אונזערע אידן, אַ שטאַרקן „ויגש אליו יהודה" — אַ דערנעענטערונג צווישן פאַרפרעמדטע ברידער און אַ דערוואַכונג פון דעם ערבות־געפיל . . .

אונזערע פאַרפרעמדטע ברידער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זייערע טראַגי־קאָמישע מאַסקעס און „ולא יכלו להתאפק" — זיי האָבן זיך דערקענט צו אונז אַלס אמת'ע ברידער . . . זיי אָרגאַניזירן ברידערלעכע הילפס־אָרגאַניזאַציעס און (הערט און שטוינט!) „דייטשע" אַסימילירטע אידן מאַכן אַפּילס פאַר ארץ ישראל און רופן אידן צו אַ פאַראייניקטן פראָנט . . .

האָט טאַקע אונזער פרומער טאַטע יעקב זיך פאַרהאַלטן מיסטעריאיש צו דער בשורה, אַז זיין זון יוסף לעבט, ביז ער האָט ניט געזען די „עגלות", די וועגע־נער, הייסט עס, וואָס יוסף האָט אים געשיקט, אַלס אַ סימן אַז ער לעבט נאָך און איז דערזעלביקער יוסף, וואָס האָט געלערנט ביי אים די פּרשה פון עגלה ערופה, איידער ער איז פון אים אָפּגעריסן געוואָרן (בראשית רבה, צ"ד).

ווארום די פּרשה פון „עגלה ערופה"? ווייל עגלה ערופה איז באַזירט אויף דער אידייע פון אידישער קאָלעקטיווער אחריות, פון אידישע ערבות פון איינעם פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם . . .

און יוסף האָט געוואָלט פאַרזיכערן זיין פאָטער, אַז נישט קוקנדיק וואָס ער געפינט זיך אין פרעה'ס פּאַלאַץ און וואָס ער לעבט אין גרויס עשירות צווישן דער עגיפּטישער אַריסטאָקראַטיע, פילט ער זיך נאָך אַלץ אַלס קינד פון דעם אידישן שטאַם און טראָגט אויף זיך די פולע אחריות און ערבות פאַר דעם גורל פון דעם גאַנצן בית יעקב . . .

אָט דאָס איז דער סוד פון „ויגש אליו יהודה" און פון „ולא יכול יוסף להתאפק" — דער סוד פון אידישער ערבות זה לזה, פון אידישער אחריות איינער פאַר'ן כלל און דער כלל פאַר'ן יחיד . . . מיר קענען זיך דערפון ניט אָפּזאָגן . . . אַזוי איז דער אידישער גורל.

# ויחי

## די נאַציאָנאַלע מאָמענטן פון „ויחי יעקב" און דער סוד פון אידישער אייביקייט אין יעקב אבינו'ס צואה צו זיינע קינדער. — יעקב אבינו לא מת. — פאַרבינדנדיק דעם ערשטן גלות מיט ארץ ישראל האָט ער אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר אונזערע היינטיקע חלוצים.

„ויחי יעקב בארץ מצרים" — למה פרשה זו סתומה מכל הפרשיות של תורה? אלא, כאן שנפטר יעקב אבינו התחילה שעבוד של מצרים.

(בראשית רבה פ' צ"ו).

אמר ר' יוחנן: יעקב אבינו לא מת . . . אמר ליה רב נחמן לרב יצחק: וכי בכדי ספדו ספדיא וחנטו חנטיא וקברו קבריא? אמר ליה: מקרא אנכי דורש: „ואתה אל תירא עבדי יעקב . . . הנני מושיעך מרחוק ואת זרעך מארץ שבים" (ירמיה מ"ו). — מקיש הוא לזרעו, מה זרעו בחיים אף הוא בחיים. (תענית ה').

בקש יעקב אבינו לגלות קץ הימין לבניו ונסתלקה ממנו שכינה, אמר: שמא חס ושלום יש פסול במטתי כאברהם שיצא ממנו ישמעאל וכיצחק אבא שיצא ממנו עשו, אמרו לו בניו: שמע ישראל ד' אלקינו ד' אחד . . . אמרו: כשם שאין בלבך אלא „אחד", כך אין בלבנו אלא „אחד" . . . באותה שעה פתח יעקב אבינו ואמר: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד . . .

(פסחים נ"ו).

ר' ברכיה ור' חלבו בשם ר' שמואל: הדא הוא שישראל משכימים ומעריבים בכל יום ואומרים: שמע ישראל אבינו ממערת המכפלה. אותו דבר שציויתנו, עדיין נוהג בנו — ד' אלקינו ד' אחד . . .

(ב"ר פ' צ"ח).

מיר קומען איצט צום לעצטן קאַפּיטל פון דער וואונדער־געשיכטע פון אונזערע אבות — יענע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע עפּאָפּייע, וואָס אַנטהאַלט די מעשה־בראשית פונ'ם אידנטום אויף דער וועלט, אין וועלכער אונזערע גרויסע חכמים און מקובלים האָבן אַנגעלאָדן אַזוי פיל קדושה און גייסטיקע גבורה.

מיר האַלטן ביים עפּילאָג פון יעקב אבינו'ס לעבן אין מצרים, מיט וועלכן עס ענדיקט זיך דער צער־פולער היסטאָרישער אָנהויב פון דער געשיכטע פון זיינע קינדער.

„ווארום איז די פרשה „ויחי" א „סתומה", א פאַרמאַכטע, הייסט עס, ניט קיין אָפּגעשלאָסענע פון דער פריערדיקער סדרה? — פרעגט דער מדרש רבה, און ענטפערט: ווייל מיט יעקב׳ס אָפּשייד פון דער ערדישער וועלט הויבט זיך אָן דער שעבוד מצרים" (ב"ר, פ׳ צ"ו).

יעקב׳ס טויט איז, אַלזאָ, אַ וויכטיקער רינג פון גרויסן נאַציאָנאַל־היסטאָרישן באַדייט אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק.

עס איז הערינבער קיין וואונדער ניט, וואָס די תורה האָט געווידמעט אַ גאַנצע סדרה צו דער סצענע, ווי יעקב האָט זיך געגרייט אין זיין אייביקן וועג אַריין, צו זיין באַשווערן יוסף׳ן, ער זאָל אים ניט באַערדיקן אין מצרים, נאָר אין ארץ ישראל... צו זיין געשפּרעך מיט יוסף׳ן וועגן זיינע, אין מצרים געבוירענע, קינדער... און צו דער לעצטער פּאָעטיש־מיסטישער צוואה צו זיינע קינדער־שבטים...

ווייל פּונקט אזוי ווי יעקב אבינו׳ס לעבן איז געווען אַ פּראָטאָטיפּ פאַר דעם היסטאָרישן לעבן פון זיינע קינדער, אַזוי איז אויך די סצענע פון זיין אַוועקגיין פון דער וועלט, אָנגעפילט מיט באַדייטפולע נאַציאָנאַלע מאָמענטן פון אידישן פאָלקס־לעבן דורך די וויטע שפּעטערדיקע דורות...

ניט אומזיסט האָט די פאָלקס טראַדיציע דערפילט אַזאַ סימפּאַטישע נאָענטקייט צו יעקב אבינו, אַז זי האָט אים געמאַכט פאַר דעם בחיר פון די אבות.

די תורה האָט זיך אפילו געהיט צו שרייבן, אַז יעקב איז געשטאָרבן, נאָר: „ויכל יעקב לצות את בניו ויאסף את רגליו אל המטה ויגוע ויאסף על עמיו" — און יעקב האָט פאַרענדיקט די צוואה צו זיינע קינדער, און ער האָט אַריינגענומען זיינע פיס אין בעט און איז פאַרגאַנגען און זיך איינגעזאַמלט צו זיין פאָלק...

ביי אברהם׳ן און יצחק׳ן שטייט „וימת" — „און ער איז געשטאָרבן" — אפילו ביי משה רבינו שטייט „וימת משה" — ביי יעקב׳ן, אָבער, שטייט בלויז „און ער איז פאַרגאַנגען און זיך איינגעזאַמלט צו זיין פאָלק... עפּעס אַזוי ווי די תורה האָט אונז געוואָלט לאָזן הערן, אַז יעקב׳ס לעבן, וואָס סימבאָליזירט דאָס לעבן פון זיינע קינדער, קען ניט שטאַרבן...

דרינגט טאַקע דערפון רבי יוחנן (תענית ה׳): אַז „יעקב אבינו לא מת" — אונזער טאַטע יעקב איז ניט געשטאָרבן... פרעגט דאָרט די גמרא: „וכי בכדי ספדו ספדיא וחנטו חנטיא וקברו קבריא?" — האָבן דען אומזיסט אים באַקלאָגט די ספדנים, און אים איינגעבאַלזאַמירט די איינבאַלזאַמירער און אים באַגראָבן די באַגרעבער? ענטפערט די גמרא, אַז דער געדאַנק פון יעקב אבינו לא מת, ווערט גאָר געדרונגען פון דעם פּסוק (ירמיה, מ"ו): „ואתה אל תירא עבדי יעקב וכו׳ הנני מושיעך מרחוק ואת זרעך מארץ שבים" — און דו האָב קיין מורא ניט, מיין קנעכט יעקב... איך וועל דיר העלפן פון דערוויטנס און דיינע קינדער פון לאַנד פון זייער געפאַנגענשאַפט — „מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" — אַזוי ווי זיינע קינדער לעבן אייביק, אַזוי איז ער, יעקב, אין דעם אייביקן לעבן...

די אגדת התלמוד ברענגט דאָ אַריין דעם גאולה־מאָמענט און דעם גרויסן סוד פון נצח ישראל אין די לעצטע מינוטן פון יעקב׳ס „איינזאַמלען זיך" צו זיין פאָלק.

יעקב איז ניט געשטאָרבן, נאָר זיין לעבן און זיין גייסטיקער מהות האָט זיך „איינגעזאַמלט" אין דעם לעבן פון זיינע קינדער פאַר אַלע אייביקייטן — „מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" . . .

ריש לקיש, דער תלמיד, חבר און אָפטער בעל־פלוגתא פון ר׳ יוחנן, ברענגט דעם געדאַנק פון אידישער אייביקייט נאָך טיפער און גורל׳דיקער אַרויס, אין אַ מאמר, וואָס ווערט געבראַכט אין מדרש תנחומא. עס ווערט דאָרט געזאָגט, אַז יעקב האָט זיך געבעטן דעם טויט און ער האָט זיך אפילו געגרייט צום טויט, אָבער דער הייליקער, געבענטש איז ער, האָט אים געזאָגט: „חייך, אתה נטמן ואין אתה מת" — איך שווער דיר ביי דיין לעבן, אַז דו וועסט ווערן באַהאַלטן, אָבער דו וועסט ניט שטאַרבן . . .

אידן קענען ניט שטאַרבן, אפילו ווען זיי זאָלן וועלן . . . דאָס אידיש לעבן זיצט אין דער אייביקייט . . . אַזוי איז דער אידישער גורל . . . דעריבער האָבן אַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן געצילט צו פאַרניכטן דאָס אידישע פאָלק, זיך ניט איינגעגעבן, ניט פון דרויסן און ניט פון אינעווייניק . . .

עס זיינען געווען, אפשר, געוויסע עפּאָכן אין אונזערע גלות׳ן, ווען די איי־דישע נשמה איז ניט געווען אַזוי אַקטיוו שעפעריש, אונטער דעם דרוק פון גזירות און רדיפות, אָבער זי איז קיינמאָל ניט געווען טויט . . . זי איז בלויז געווען „באַהאַלטן" הינטער די וואָלקנס, און אַזוי שנעל ווי די וואָלקנס זיינען פאַרשוואונדן, איז זי אַרויס, ווי אַ ליכטיקע, גרויסע זון, צו באַלייכטן די וועלט . . .

דער זוהר, וועלכער האָט אָט די סצענע פון יעקב׳ס „איינזאַמלען זיך" באַ־וועבט מיט אַ געוואַלטיק קאָסמיש בילד, וואָס בלענדט מיט זיינע מיסטישע געדאַנ־קען־שפּריצן, האָט אַרויסגעלייענט פון איין וואָרט דעם סוד פון אידישער אייביקייט, מיט וועלכער יעקב האָט פאַרבונדן זיינע קינדער דורך זיין צוואה.

די תורה דערציילט: „ויכל יעקב לצות את בניו" — און יעקב האָט פאַר־ענדיקט אָנצוזאָגן זיינע קינדער — פרעגט דער זוהר: „לצות?" „לברך" מבעי ליה — וואָס עפּעס לצות, אָנזאָגן? עס האָט דאָך געדאַרפט שטיין „לברך" — „בּע־נטשן" — אלא הפקיד לון לגבי שכינתא לאתקשרא בהדה" — אלא, מוז איך זאָגן, אַז יעקב אבינו האָט זיי אָנגעזאָגט וועגן דער שכינה, זיי זאָלן זיך מיט איר פאַרבינדן . . .

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אונזערע חכמים, מקובלים און בעלי אגדה האָבן אַריינגעלייגט אַזעלכע טיפע, גליענדיקע, זוניקע און מיסטישע געדאַנקען און נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין יעקב׳ס לעצטן מעסעדזש צו זיינע קינדער.

ווען מיר קוקן זיך צו צום לעבן פון דעם בחיר פון אונזערע אבות, פון

זיין געבורט ביז צו זיין לעצטן אָטעם־צוג, דערזעען מיר ממש דעם גאַנצן וועג פון אידישן היסטאָרישן לעבן.

שוין אין זיין מוטער׳ס לייב האָט ער זיך געבאָרעט מיט זיין ברודער עשו׳ן. ער ווערט געבוירן שוואַך און בלאַס, אַ באַנק־קוועטשער „אין די געצעלטן פון שם ועבר״, בעת זיין ברודער קומט ארויס רויט־האָריק און שטאַרק און גיט זיך אָפּ מיט פייל און בויגן.

פאַרפאָלגט פון עשו׳ס רציחה, אַנטלויפט יעקב, דער „איש תם יושב אהלים״, פון זיין היימלאַנד, מיטנעמענדיק מיט זיך די גייסטיקע ירושה פון זיינע עלטערן און אויך זייער ברכה . . .

ער וואַנדערט אין פרעמדע לענדער, און וואו ער קומט, ווערט אים פּינס־טער . . . כי בא השמש . . . די זון גייט אונטער פאַר אים . . . ער שלאָפט אויף האַרטע, שטעכיקע שטיינער און חלום׳ט אויס אַ גייסטיק־מיסטישן וועלט־באַנעם, פאַרבינדנדיק די ערד מיט דעם הימל, דורך אַ לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ שפּאַרט אָן די הימלען . . . מלאכים ציען זיך דורך זיין געמיט און אין זיין וויזיע זעט ער אומעטום „וד׳ נצב עליו״ — ג—ט וואַכט איבער אים . . . ער האָרעוועט שווער, מאַכט רייך די „לבן׳ס״ און ווען ער אַרבעט זיך ארויף אַ דאַנק זיין פייאיקייט, חכמה און שווערער האָרעוואַניע, מוז ער ווידער אַנטלויפן, ווידער וואַנדערן.

ער קומט ענדלעך אַהיים, אין זיין לאַנד, און ער וויל זיך שוין אָפּרוהען, מיטאַמאָל „קפץ עליו רוגזו של יוסף״ . . . אַ חורבן אין יעקב׳ס הויז צוליב שנאת חינם און קנאה צווישן זיינע קינדער . . . און ווידער ליידן, ווידער הונגער און נויט און נאָכאַמאָל נעמען דעם אַלטן, אויסגעפּרוווטן וואַנדער־שטעקן . . .

און אויסוואַנדערנדיק אין פרעמדן לאַנד צו אַ רייכן זון, וואָס האָט זיך דאָרט אַרויפגעאַרבעט צו גרויס מאַכט און פּאָליטישן איינפלוס, באַווייזט זיך ג—ט צו אים און פאַרשפּרעכט אים, אַז אויך ער, די שכינה, הייסט עס, „בידערט״ מיט אים אין און אַז ניט קוקנדיק אויף דעם געדריקטן געטאָ־לעבן אין גושן, וועט דאָך זיין שטאַם זיך שטאַרקן און מעהרן און וועט זיך אַנטוויקלען צו אַ גרויס פאָלק — „כי לגוי גדול אשימך שם״ . . .

איז דאָס ניט אַ גליהענדיק שטיק היסטאָריש אידיש לעבן דורך די אַלע דורות ביז אויף העד היינטיקער צייט ? . . .

און אפילו די סצענע וואו יעקב באַגעגנט זיך מיט זיינע אייניקלעך, יוסף׳ס קינדער, וועלכע זיינען געקומען מיט זייער פאָטער, זען דעם אַלטן פרומען זיידן פאַר זיין טויט — איז דאָס ניט אַ נאָענטע מאָדערנע אַמעריקאַנער סצענע, וואו דער פרו־מער, אַלטער און קראַנקער זיידע, וואָס איז געקומען אַלס אימיגראַנט צו זיין רייכן זון אין דער זאַטער, גאָלדענער מדינה, באַגעגנט זיך מיט זיינע, אין לאַנד געבוירענע, אייניקלעך, און ער, דער זיידע, דערקענט זיי ניט . . . קען זיך מיט זיי ניט צו־נויפרײדן . . .

און יעקב מוסר׳ט אים אויס, זאָגנדיק: „דיינע צוויי קינדער, וואָס זיינען דיר געבוירן געוואָרן אין לאַנד מצרים איידער איך בין געקומען אַהער, „לי הם" — זיי זיינען מיינע . . . ווי ראובן און שמעון זאָלן זיי מיר זיין . . . אידישע קינדער דאַרפן קריגן אַ אידישע דערציאונג . . . זיי דאַרפן קענען זייער שפּראַך, זיין באַקאַנט מיט די גייסטיקע אוצרות פון אַט דער שפּראַך און בילדן אַ ווייטערדיקן רינג אין דער היסטאָרישער גאָלדענער קייט . . .

מיר זעען עפּעס אַזוי ווי אונזער תורה וואָלט אין יעקב׳ס צוואה צו זיינע קינדער, ביים אָנהויב פון אונזער ערשטן גלות, געוואָלט כולל זיין אַלע אונזערע אָנגעווייטאָקטע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, מיט וועלכע מיר ראַנגלען זיך היינט אין אונזער לעצטן גלות . . .

ווי כאַראַקטעריסטיש איז פאַר דער היסטאָרישער אידישער ווירקלעכקייט יעקב׳ס בקשה צו זיין זון, ער זאָל אים מקבר זיין אין ארץ ישראל, אינ׳ם לאַנד פון אידישן עבר און אידישן עתיד . . .

יעקב אבינו, שטייענדיק אויפ׳ן שוועל פון אַ ביטערן און בלוטיקן גלות, אין אַ לאַנד פון טומאה און פּאַגאַנישער קולטור, האָט געזוכט צו פאַרבינדן דאָס אידישע פאָלק מיט זיין האָפענונג, מיט ארץ ישראל . . . אויב אידן קענען ניט לעבן אין ארץ ישראל, זאָל ארץ ישראל לעבן אין זיי . . .

אויב זיי קענען ניט מיט זייערע לעבעדיקע קערפּערס באַפרוכפּערן דאָס לאַנד פון זייערע האָפענונגען, זאָלן זיי כאָטש מיט זייערע טויטע גופים היטן דעם הייליקן באָדן פאַר די קומענדיקע דורות, ווען די נאַציאָנאַלע דערוואַכונג וועט אויפברויזן מיט שעפערישער ענערגיע צווישן די קינדער פון אידישן פאָלק, וועלכע וועלן קומען אין מחנה׳ס צו באַפרוכטן דאָס לאַנד מיט זייערע לעבעדיקע קערפּערס, לייטזעליקן די ערד מיט זייער שוייס און בלוט און הייליקן זי מיט זייער „יגיע־כפּים"־דיקער האַרעוואַניע . . .

האָט דען יעקב אבינו, מיט זיין בקשה צו פאַרבינדן זיינע ביינער מיט ארץ ישראל, ניט געגעבן אַ ביישפּיל צו אונזערע „יעקב׳ס" דורך די הונדערטע דורות — יענע אבות אונזערע, די צדיקים, גאונים, קדושים און מקובלים, וועלכע זיינען געפאָרן קיין ארץ ישראל; וואו זיי האָבן, ווי געטרייע שומרים — די „שומרי החומות" — ווי פאַרגייסטיקע מיסטישע חלוצים, געהיט דאָס הייליק לאַנד ביי זייער לעבן און מיט זייערע הייליקע קברים נאָך זייער טויט . . .

און ניט נאָר די גרויסע גייסטיקע פירער, ניט נאָר די רעליגיעזע אינטעליגענץ, נאָר אויך פּשוט׳ע אידישע פאָלקס־מענטשן, אַלטע פרומע תהלים־אידן האָבן זיך מקריב געווען, איינגעשטעלט זייער לעבן אין סכנות און זיך געשלעפּט צופוס דורך לאַנגע, פרעמדע און פיינטלעכע וועגן, אַבי צו קומען שטאַרבן אין ארץ ישראל און מיט זייערע קברים היטן דאָס לאַנד פאַר דער אידישער לעבעדיקער צוקונפט . . .

און ווען אַ איד האָט ניט געקענט פאַרן שטאַרבן אין ארץ ישראל, האָט ער זיך צוגעגרייט אַ זעקעלע מיט ארץ ישראל ערד פאַר צוקאָפּנס אין דעם קבר פון אַ פרעמדער, קאַלטער ערד . . .

און אַזוי האָט ארץ ישראל געגליט אין דער אידישער פּסיכיק דורך אַלע דורות אין אַ מיסטיש־רעליגיעזער פאָרמע, ביז די אידישע נויט, די פאַרשאַרפטע אידישע ווירקלעכקייט האָט איר פאַרוואַנדלט אין לעבעדיקע מעשים, אין דינאַמישע האַנדלונגען פון אונזערע חלוצים, וועלכע האָבן אין זייער אַרבעט און פּראַצע אַריינ־געלייגט די טויזנטער יאָרן בענקשאַפט פון זייערע עלטערן, די קדושה פון דורות און די גאולה־דראַנגען פון דעם אויסגעחלומ׳טן אידישן משיח, וואָס האָט זיך גע־ריסן פון זיינע קייטן ביי די טויערן פון רוים . . .

באַזינגענדיק אונזערע מאָדערנע חלוצים, פאַרגעסן מיר אָפט אָפּצושאַצן די גרויסע חלוציש־היסטאָרישע דערגרייכונגען פון אונזערע צדיקים, גאונים, מקובלים און פרומע פאָלקס־מענשן, וועלכע האָבן געגרינדעט און געשטיצט ישיבות אין ארץ ישראל און געהאַלטן לעבעדיק אונזער היימלאַנד אין די הערצער פון אידישן פאָלק.

דער רעליגיעז־מיסטישער גייסט פון יענע „יעקב אבינ׳ס“, וועלכע האָבן געגלויבט באמונה שלמה, אַז ארץ ישראל איז דאָס אייגנטום פון אידישן פאָלק, און מיט זייערע טויטע ביינער אין די הייליקע קברים האָבן זיי געהיט דאָס לאַנד און געוואַרט אויף דעם שופר של משיח, אויף דעם גאולה־אַנזאָג — אָט יענער טיפער פאַר׳חלומ׳טער פאָלקס־גייסט האָט געלויכטן און געוואָרעמט, אין קדושה און טהרה, אין אונזערע פרומע און פאַסיווע עלטערן און האָט ענדלעך געפונען זיין תקון אין דעם מאָדערנעם אַקטיוון חלוציזם . . .

דעריבער זאָלן מיר קיינמאָל ניט פאַרגעסן די ראָלע, וואָס דאָס רעליגיעזע אידנטום האָט געשפילט, און שפילט נאָך היינט, אין דעם אויפבוי פון אונזער היימלאַנד.

אַ וואונדערלעך קאָלירפולער פּערל אין דער קרוין פון אונזער רעליגיעז־פּאָעטישן פאָלקלאָר, איז די אגדה פון דער גמרא און אויך פון מדרש, אַז „בקש יעקב אבינו לגלות קץ הימין לבניו“ — ווען יעקב אבינו האָט צוזאַמענגערופן זיינע זין צו הערן זיין לעצטע צואה, האָט ער געוואָלט זיי אַנטפּלעקן דעם קץ, דאָס הייסט, דעם אחרית הימים, האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן די שכינה . . . האָט ער געזאָגט: טאָ־מער חס ושלום איז דאָ אַ פּסול, אַ פּגם, אין מיין בעט, ווי ביי מיין זיידן אברהם, וואָס פון אים איז אַרויסגעקומען ישמעאל . . .

האָבן זיינע קינדער אים געזאָגט: „שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד — כשם שאין בלבך אלא אחד, כך אין בלבנו אלא אחד“ — זיי האָבן אים באַרואיקט, זאָגנ־דיק, אַז אַזוי „ווי אין דיין האַרץ איז ניטאָ מער ווי דער „אחד“, אַזוי איז אין אונזער האַרץ ניטאָ מער ווי דער „אחד“ . . .

באותה שעה, אין דעם מאָמענט, האָט יעקב אבינו אָנגעהויבן און געזאָגט: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד“ (פּסחים, נ״ו).

דער מדרש (ב״ר צ״ח) לייגט־צו צו אָט דער אגדה דעם מאמר: ,,הדא הוא שישראל משכימים ומעריבים בכל יום ואומרים: שמע, ישראל אבינו ממערת המכפלה, אותו דבר שצויתנו, עדיין נוהג בנו — ד׳ אלקינו, ד׳ אחד״.

דער רעיון פון אָט דער מערקווירדיקער אגדה איז, אַז יעקב אבינו, איבער־לאָזנדיק זיינע קינדער אין אַ פינסטערן גלות, איז געווען באַזאָרגט, צי די אידן וועלן האָבן די גייסטיקע גבורה אויסצוהאַלטן זייערע יסורים . . . טאָמער, חלילה, איז דער סוד פון נצח ישראל, דער ,,ד׳ אחד״, ניט דאָס אייגנטום פון אַלע שבטים . . . טאָמער האָט אויך זיין בעט געהאַט אַ פגם אַזוי ווי אברהם, וואָס האָט געהאַט אַ ישמעאל, אַזוי ווי יצחק, וואָס האָט געהאַט אַן עשו . . .

און דאָ זעט ער די טומאה פון מצרים . . . עס ווערט געריסן שטיקער פון דער אידישער נשמה . . . אידן זיינען פאַריאָגט מיט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף פאַר׳ן קיום און האָבן קיין צייט ניט פאַר גייסטיקע ענינים ,,מקצר רוח ומעבודה קשה״ . . .

בקש יעקב אבינו לגלות קץ הימין — יעקב האָט געוואָלט אויפדעקן דעם קץ הימין פון זיינע קינדער . . . ווי וועט זיך דאָס אַלץ ענדיקן? . . . ווי אַזוי וועט קומען דער גליקלעכער אחרית הימים, ווען די אידישע אידעאַלן וועלן באַהערשן פעלקער און לענדער און ג—ט׳ס קעניגרייך וועט הערשן אויף דער וועלט — טאָמער וועלן די אידישע שבטים ניט קענען אויסהאַלטן דעם בלוטיקן נסיון פון אַזעלכע פינ־סטערע גלות׳ן? . . .

,,ונסתלקה ממנו שכינה״ — און דאָ איז מיטאַמאָל אָפּגעטאָן געוואָרן פון אים די שכינה . . . אין מצרים איז ניטאָ קיין שכינה, און דאָס אידיש לעבן איז צעפרעסן פון דער מצרישער קולטור . . . ניטאָ קיין הייליקייט אויף דער אידי־שער גאַס . . . די אידישע היים איז אויסגעליידיקט פון תורה און טראַדיציעס . . .

האָבן די קינדער דערפילט וואָס עס מאַטערט דעם אַלטן טאַטן, האָבן זיי אים מגלה געווען דעם קץ הימין . . . זיי האָבן אַלע אינאיינעם אַ זאָג געטאָן: ,,שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד״ — די פּראָקלאַמאַציע פון אחדות הבורא, מיט וועל־כער זיינע קינדער זיינען געשפּרונגען אין די פייערן פון אַלע גלות׳ן . . . דאָ האָט יעקב דערזען דעם סוד פון נצח ישראל און דער ,,קץ הימין״ איז פאַר אים אַנטפּלעקט געוואָרן . . . ער האָט דערזען דעם ,,אחרית הימים״, וואָס זיינע אייניקלעך, די נביאים, האָבן פאַראויסגעזאָגט, דעם גרויסן גליקלעכן נצחון, וואָס דער ,,שמע ישראל״ וועט ברענגען צו זיינע קינדער, ווען די אידישע ג—ט־קולטור פון צדק און יושר, פון אהבה און רחמים וועט באַהערשן די וועלט . . .

באותה שעה, אין דעם מאָמענט, האָט יעקב אויסגערופן: ,,ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״, באַגריסנדיק דערמיט די מלכות ד׳, וואָס וועט געבראַכט ווערן אויף דער גאַנצער וועלט דורך זיינע קינדער, די אויסטייטשער פון ,,רזא דאחד״ . . .

ציענדיק אָט דעם ליכטיקן גאָלדענעם פּאָדים דורך דעם היסטאָרישן אידנ־טום — דעם פּאָדים פון „אחד“ און דעם „שמע ישראל“, האָט דער מדרש עס דער־פירט צו יעקב אבינו, דערקלערנדיק אַז דאָס, וואָס מיר זאָגן יעדן טאָג אינדערפרי און אָוונט „שמע ישראל“, איז דאָס אַ ווענדונג צו אונזער פאָטער אין דער מערת המכפלה — ד׳ אלקינו ד׳ אחד — דאָס וואָס דו האָסט אונז אָנגעזאָגט ביי דיין לעבן איז נאָך אַלץ דאָ ביי אונז — דיין ירושה לעבט נאָך ביי אונז מיט דערזעלביקער שטאַרקייט . . . דאָס „פינטעלע איד“ לעבט אין אַלע דיינע קינדער און קען ניט פאַרלאָשן ווערן דורך די אַלע גלות׳ן . . . „ד׳ אלקינו ד׳ אחד“ . . .

# שמות

## דער ערשטער גלות אין מצרים איז כאַראַקטעריסטיש מיט זיין צער און זיין האָפענונג פאַר אַלע אידישע גלות׳ן . . .

„ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה" — וכי היום באים? והלא ימים רבים היו להם שבאו למצרים. אלא, כל זמן שיוסף היה קיים, לא היה להם משוי של מצרים. מת יוסף — נתנו עליהם משוי, לפיכך כתיב „הבאים", כאלו אותו יום נכנסו למצרים . . .

(שמות רבה פ' א').

„ותמלא הארץ אותם" — דבר אחר: שנתמלאו בתי טרי־אטראות ובתי קרקיסאות מהם, מיד גזרו עליהן שיפרשו מהם.
(ילקוט שמעוני).

„הבה נתחכמה לו" — „להם" מבעי ליה? — אמר ר' חמא בר חנינא: „בואו ונתחכם למושיען של ישראל" . . .
(סוטה י"א).

„ותרד בת פרעה לרחוץ על היאור" — א"ר יוחנן משם ר' שמעון בן יוחאי: מלמד, ש י ר ד ה לרחוץ מגלולי אביה.
(שם י"ב).

מצרים . . . „זבוב היאור", די שטעך־פליג פון נילוס . . . דאָס גרויליק לאַנד פון ערשטן אידישן גלות . . . דאָס שקלאַפן־וויגל פונ׳ם ערשט־געבאָרענעם אידישן פאָלק! . . . די סצענע פון דעם ערשטן רעוואָלוציאָנערן פרייהייטס־קאַמף קעגן טיראַנען אויף דער וועלט! . . .

ווי טיף האָסטו זיך איינגעגעסן אין אונזערע אידישע ביינער, אָ, מצרים, דו לאַנד פון טויטן־קולטור און די שרעק און די פרייד פון דער אַלטער וועלט! . . .

דו האָסט געזוכט אייביקייט אין די מומיעס פון דיינע חרטומים און אין די פיראַמידן פון דיינע שקלאַפן, און דיין גרעסטן און לעבעדיקסטן מאָנומענט פאַר אַלע אייביקייטן האָסטו גאָר געפונען אין דעם פאָלק ישראל, ווען דו האָסט דערקלערט אַ פאַרניכטונגס־קריג מיט דיין ערשטן „הבה נתחכמה לו" . . .

דו האָסט באַשאַפן די ערשטע טיוולשע „אידעאָלאָגיע" פון רשעות און רציחה פאַר אַלע שוואַכע מינאָריטעטן אין אַ פרעמד לאַנד . . . אונזער ערשטער גלות אין דיין זאַט לאַנד איז געווען דער קלאַסישער מוסטער פאַר אַלע אונזערע שפּעטערדיקע גלות׳ן, און אין דער וואונדער־געשיכטע פון אונזער ערשטן גאולה־קאַמף — יציאת מצרים — ליגט פאַרבאָרגן דער גרויסער, ענדלעכער נצחון פון אונזער לעצטן גאולה־קאַמף אויף דער וועלט . . .

דעריבער האָבן מיר דיך מיטגענומען אין אונזער קאָלעקטיוון זכרון אויף אַלע אונזערע וואַנדערונגען . . . דעריבער ביזטו געוואָרן די היימישע שטוב־פליג אין דעם הויז פון ישראל, אַרומפליענדיק פון טיש צו טיש, ביי אַלע אונזערע סעודות, אין אַלע אונזערע שבתים און ימים טובים, זיך אַוועקשטעלנדיק אין אַלע אונזערע תפלות און זשומענדיק אין אונזערע אויערן ביי יעדער תפלה און ביי יעדער מצוה „זכר ליציאת מצרים . . . „למען תזכור כל ימי חייך את יום צאתך מארץ מצרים״ . . .

וואָרום האָט מצרים פאַרדינט, אַז זי זאָל אַזוי פאַראייביקט ווערן אין דעם היסטאָרישן אידנטום ? אַז איר נאָמען זאָל זיך דורכוואַרפן דורך אַלע אונזערע תפלות און כמעט אַלע מצוות פון דער תורה ? וואָס פאַר אַ זכות האָט מצרים געהאַט, אַז איר „אָנדענק״ זאָל ווערן איינער פון די הויפּט־יסודות פון דער תורה־קולטור ? . . .

און מ׳קען דאָך ניט זאָגן, אַז די סיבה איז אַ נעגאַטיווע, ווייל דאָס אידנטום טראָגט אַן אייביקע שנאה צו זיין ערשטן באַדריקער. דער פאַקט איז, אַז מיר טראָגן ניט קיין שום האַס צום אַלטן מצרים ; און די תורה האָט אונז אויסדריקלעך אָנגע־זאָגט „לא תתעב מצרי״, ווייל מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז מיר זיינען געווען גרים אין זיין לאַנד . . .

אָט אַזאַ טיף געפיל פון אומפאַרגעסלעכער דאַנקבאַרקייט גליט אין דעם אידנטום ! . . .

אָט אַזוי לייכט קענען אידן פאַרגעסן די לענדער פון זייערע רדיפות און פאַרפאָלגונגען ! . . .

און ווי האָבן טאַקע די אידן געקענט פאַרגעסן מצרים, ווען אין דעם לאַנד איז דאָך זיין ערשטער און גרעסטער גואל, תורה־געבער און גרעסטער נביא פון אַלע צייטן, משה רבנו, געבוירן געוואָרן! . . .

אַ פאָלק, וואָס קען אין זיין ביטערסטן גלות, אין וועלכן ער האָט שיער ניט זיין נשמה פאַרלאָרן, אַרויסגעבן אַ משה רבנו, אַזאַ פאָלק קען מען ניט פאַרניכטן ניט דורך בלוט־בעדער, ניט דורך פייער, ניט דורך וואַסער, און אפילו ניט דורך קאָנ־צענטראַציע לאַגערן און טויטנקאַמערס . . .

מיר האָבן פאַר נאָך אַ זאַך דאַנקבאַר צו זיין מצרים, און דאָס איז פאַר דער טאָכטער פון דעם טיראַן פרעה, וועלכע האָט געראַטעוועט אונזער גואל . . .

שוין ביי אונזער ערשטן גלות, פאָרשטעלנדיק פרעה׳ן אַלס די פאַרקער־פערונג פון אַלץ וואָס איז שלעכט און פאַרדאָרבן, האָט דאָך די תורה גראַדע געפו־נען פאַר נויטיק צו דערמאָנען לטובה אַ מצרית און פרעה׳ס טאָכטער דערצו, ווע־מען עס איז צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן פון משה רבנו און, אומדירעקט, די גאולה פון אונזער ערשטן גלות . . .

אונזערע חכמים און מקובלים האָבן אָט די פרעה׳ס טאָכטער געמאַכט פאַר אַ גרויסער צדקנית. דער זוהר שטעלט איר אַוועק אין דעם ערשטן היכל צווישן די היכלות פון די נשים צדקניות.

די גמרא (סוטה י״א), וויל האָבן, אַז זי האָט אָוועקגעוואָרפן איר פּאָטער׳ס געצנדינסט און זיך מטהר געווען אין דעם רײנעם ג—ט־גלויבן:

„ותרד בת פּרעה לרחוץ על היאור״ — זאָגט דאָרט ר׳ יוחנן אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן יוחאי: „מלמד שירדה לרחוץ מגלולי אביה״ — דאָס לערנט אונז, אַז פּרעה׳ס טאָכטער איז אַרונטערגעגאַנגען זיך אָפּוואַשן פון איר פאָטער׳ס געצנדינסט.

דער פײנער עטישער געדאַנק פון דער גמרא איז, אַז איר גרויסער רחמנות־אַקט צו ראַטעווען דעם אידישן קינד, האָט איר שוין אָפּגעוואַשן פון איר פאָטער׳ס געצנדינסט. ווארום ווען זי האָט געקראָגן רחמנות איבער דאָס קלײן נפש׳ל, ניט קוקנדיק וואָס זי האָט דערקענט, אַז ער איז „מילדי העברים״, באַווײזט, אַז זי האָט געהאַט „ג—ט אין האַרצן״, טראָצדעם וואָס זי איז געווען אַ טאָכטער פון דעם טי־ראַן פּרעה . . .

בתיה האָט אָט די גוטע טאָכטער פון דעם רשע געהײסן, לויט די חז״ל, וואָס מײנט: בת־יאָ, די טאָכטער פון ג—ט . . . אָט מיט אַזאַ נאָמען האָבן אונזערע חכמים באַקרוינט די רעטערין פון משה רבנו . . .

און דערצײלנדיק ווי אַזוי דער גרעסטער גואל פון אידישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענשהײט איז געראַטעוועט געוואָרן, האָט זי איבערגעלאָזן אַ זכות אויף די מצרים, אַ זאָמען פון גוטסקײט, וואָס ליגט אין דעם ערגסטן פאָלק אויף דער וועלט . . . דעריבער טאָרן מיר ניט פאַרדאַמען קײן פאָלק, מעג ער האָבן אַזוי פיל רשעים און רוצחים. ערגעצוואו געפינט זיך אַ זאָמען פון גוטסקײט, פון מענשלעכ־קײט, אַ בתיה בת פּרעה, וואָס וועט זיך שפּעטער פאַנאַנדערבליהען מיט גאולה־קאָלירן . . .

איז דאָך אויך הײנט די האָפענונג פון דעם אידישן פאָלק דער קלײנער פּראָג־רעסיווער טײל, וואָס איז נאָך געבליבן אין די פאַשיסטישע לענדער . . .

אָט איז געווען אײן טאָכטער אין מצרים, אַ קינד פון טיראַנישן פּרעה, וועלכע האָט געראַטעוועט דעם אידישן גואל און דעם ליכט־ברענגער צו דער גאַנצער מענש־הײט, און זעט וואָס פאַר אַ וויכטיקײט די תורה האָט איר צוגעשריבן, אַז זי האָט אפילו אָנגענומען דעם נאָמען וואָס זי, די פּאַגאַנקע, האָט אים געגעבן — משה!

דער מדרש (שמות רבה) באַמערקט טאַקע אויף דעם מיט באַוואונדערונג: „מכאן אתה למד שכרן של גומלי חסדים, אף על פי שהרבה שמות היה למשה, לא נקבע לו שם בכל התורה, אלא כמו שקראת לו בתיה בת פרעה, ואף הקדוש ברוך הוא לא קראהו בשם אחר״ — דערפון לערנסטו דעם לוין פון גומלי חסדים, הגם משה האָט געהאַט אַ סך נעמען, פונדעסטוועגן האָט אים די תורה ניט באַשטימט קײן אַנדער נאָמען אַ חוץ ווי בתיה, פּרעה׳ס טאָכטער, האָט אים גערופן, און אויך דער הײלי־קער, געבענשט איז ער, האָט אים ניט גערופן מיט אַן אַנדער נאָמען.

אינטערעסאַנט איז די אגדה פון דער גמרא (סוטה י״ב): אַז דער מלאך גבריאל איז געקומען צו הילף פּרעה׳ס טאָכטער, ווען אירע הויף־דאַמען האָבן איר

ניט געוואָלט לאָזן ראַטעווען משה׳ן. עס ווערט דאָרט דערציילט, אַז די הויף־דאָמען האָבן געזאָגט צו בתיה׳ן: „האַרנטע אונזערע, עס פּירט זיך, אַז ווען אַ מלך איז גוזר אַ גזירה, אפילו ווען די גאַנצע וועלט וויל איר ניט מקיים זיין, איז אָבער זיין פאַמיליע פאַרפליכטעט איר אָפּצוהיטן, און דו גייסט איצט און ברעכסט דעם פאָטער׳ס גזירה". איז געקומען דער מלאך גבריאל און זיי אַריינגעקלאַפּט אין דער ערד.

דער געדאַנק פון דער תלמוד׳ישער אגדה איז צו באַווייזן, אַז פּרעה׳ס טאָכטער איז געווען אין מצרים די איינציקע פרוי מיט רחמנות אין האַרצן . . .

און כל זמן עס איז נאָך דאָ איין מענש אין לאַנד פון רשעים, וואָס האָט נאָך ג—ט אין האַרצן, דאַרפן מיר האָפן, אַז דאָס הייליק פייער פון זיין האַרץ וועט זיך פאַנאַנדערברענען און אָנשטעקן אַלע אַנדערע מענשן מיט דעם שלהבת־יה, וואָס וועט אויסברענען די שלעכטסקייט פון די מענשלעכע הערצער —

און אין דעם ליגט די האָפענונג פון דער היינטיקער מענשהייט — אין די „בתיה׳ס", וואָס ליגן ערגעץ באַהאַלטן צווישן די רשעים פון די פאַשיסטישע לענדער און נאַצי־בעסטיעס . . .

* * *

עס איז צו באַוואונדערן דעם טיפן אַנאַליז פון דעם גלות־פּראָבלעם אין אַלע לענדער אין צייטן פון אונזער צעשפּרייטונג, מיט וועלכן אונזערע גרויסע רעליגיעזע דיכטער־דענקער, די פּאָעטישע און מיסטישע בעלי אגדה, האָבן כאַראַקטעריזירט דעם ערשטן גלות אין מצרים, אַלס קלאַסישער מוסטער פאַר אַלע אונזערע גלות׳ן.

שוין ביים ערשטן פּסוק פון דער היינטיקער סדרה „שמות", וואו די תורה פירט אַריין די סיבות פון גלות מצרים, האָט דער מדרש דערהערט דעם טיפּישנעם גלות־אַנטיסעמיטיזם.

די תורה זאָגט: „ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה" — און אָט זיינען די נעמען פון די בני ישראל, וואָס קומען אין מצרים — פרעגט דער מדרש: וואָס עפּעס „הבאים" אין לשון הוה! — זיינען זיי דען ערשט היינט אָנגעקומען? זיי זיינען דאָך פון פילע יאָרן פריער שוין געווען אין מצרים. אלא, מוז איך זאָגן, אַז כל זמן יוסף האָט געלעבט, האָבן די מצרים ניט באַלעסטיקט די אידן. אַזוי שנעל ווי יוסף איז געשטאָרבן, האָט מען זיי אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן, אַזוי ווי זיי וואָלטן ערשט היינט אָנגעקומען אין לאַנד (שמות רבה, פ׳ א׳).

איז דאָס ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אונזערע גלות׳ן? אידן מעגן זיין אין לאַנד הונדערטער יאָרן, אַזוי שנעל ווי מען דאַרף צו זיין מער ניט אָנקומען, ווי די יוסף׳ס שטאַרבן אויס, ווערן זיי באַטראַכט פאַר פרעמדע, ערשט היינט אָנגעקומענע, וואָס קומען פאַרנעמען די פּאָזיציעס פון די איינגעבוירענע . . .

און די ערשטע סיבה איז אַ „ויקם מלך חדש" . . .

פאַר די איינגעבוירענע אין מצרים איז דאָס ניט געווען קיין גרויסע וועלט־

איבערקערנדיקע פּאַסירונג. מילא, האָט אַן אַנדער קעניג איבערגענומען די לייצעס פון דער מלוכה. נאָך אַלעמען זיינען זיי דאָך די בעלי בתים פון לאַנד, און אויב דער נייער הערשער וועט זיי דערגיין די יאָרן, האָבן זיי געקענט מאַכן אַ רעוואָלוציע און אים אַרונטערוואַרפן פון טראָן.

אָבער פאַר אַ פאָלק וואָס איז געקומען ווי אַ גאַסט אין לאַנד, און זיין לעבן ענגט אָפּ פון דעם קאַפּריז פון זיינע רעגירער, פון זיינע פּריצים און טשינאָווניקעס — ביי אַזאַ פאָלק איז דער „ויקם מלך חדש" תמיד אַ טראַגעדיע. . . .

ווארום ווען אפילו דער נייער מושל זאָל זיין אַ מלך של חסד, איז דאָס לעבן פון דעם גלות־פאָלק תמיד פול מיט שרעק פאַר דעם מאָרגן . . .

און עס מאַכט ניט אויס, צי דער „ויקם מלך חדש" מיינט „חדש ממש" — אַ נייער קעניג, הייסט עס, ווי רב זאָגט, אָדער: „שנתחדשו גזרותיו", וואָס זיינע גזירות זיינען באַנייט געוואָרן, ווי שמואל מיינט עס אין דער גמרא (סוטה י"א), וואָרום איןביידע פאַלן איז פאַר דעם גלות־פאָלק ביטער . . .

עס איז ממש צו באַוואונדערן, ווי ביי אונזערע חכמים בליצט אָפט אויף אַ ניצוץ פון נבואה. אָט האָט איר אַ קליין אגדה'לע פון דעם ילקוט שמעוני אויף דעם פסוק „ותמלא הארץ אותם", און איר וואָלט געקענט מיינען, אַז דאָס איז איצט געזאָגט געוואָרן אויף דייטשלאַנד, וואו פרעה־היטלער מיט זיינע באַנדעס מצרים־נאַציס האָבן גוזר געווען צו פאַרניכטן דאָס אידישע פאָלק.

„ותמלא הארץ אותם" — מלאו את בתי הטאטריאות וקרקיסאות — די אידן האָבן איבערגעפילט אַלע טעאַטערס און צירקוסן פון מצרים, און ווען די עגיפּטער האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי גוזר געווען, אַז זיי זאָלן זיך אָפּשיידן . . .

איז דאָס ניט געווען די הויפּט־סיבה פון דעם קאַניבאַלישן אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד, ווייל די אידן האָבן פאַרכאַפּט די טעאַטערס, די אָפּעראַס, די קונסט און די פּרעסע און אַלע אַנדערע אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, וואו זיי זיינען געווען אין דער בחינה פון „וירבו ויעצמו במאד מאד?" . . .

און אין דער באַלייכטונג פון דער אגדה זעען מיר אויך היטלער'ס ווילדע שנאה צום אידנטום, וואָס שרייט אַרויס פון די פּרעה'ס „הבה נתחכמה לו".

די גמרא (סוטה י"א) פרעגט: עס האָט דאָך געדאַרפט שטיין „להם" — צו זיי, צו די אידן, הייסט עס — ווארום שטייט „לו", צו אים? זאָגט ר' חמא בר חנינא: פרעה האָט געזאָגט: „בואו ונתחכם למושיעם של ישראל" — קומט לאָמיר זיך קליגן קעגן דעם העלפער פון אידישן פאָלק, קעגן זייער ג—ט און זיין תורה, וואָס ווערט געטראָגן פון דעם אידנטום.

פרעה האָט געציטערט פאַר דעם אידישן גייסט, וואָס האָט טיראַנען און האָט דערקלערט מלחמה דעם אידישן ג—ט, זיך באַדנדיק אין אידיש בלוט, און דאָסזעלביקע טוט היינט היטלער, ימח שמו, וועלכער צילט צו באַקעמפן די אידישע

ג—ט קולטור, פאַרברענענדיק אידישע ביכער, פאַרניכטנדיק אידישע לעבנס און זיך באַדנדיק אין טייכן אידיש בלוט . . .

אָבער, „ויקם מלך חדש אשר לא ידע את יוסף״ — טייטשט דער כלי יקר: „לא ידע מה שקרה ליוסף״ — פרעה האָט ניט געוואוסט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט יוסףן . . . ווען דער טיראַן וואָלט געוואוסט יוסף׳ן לעבנס־געשיכטע, וואָלט ער זיך מיט די אידן ניט אָנגעהויבן . . .

יוסף איז געווען פאַרפאָלגט, מ׳האָט אים געוואָלט אומברענגען צוליב זיינע חלומות . . . מ׳האָט אויף אים געמאַכט בלבולים און ער איז אַריינגעוואָרפן גע־וואָרן אין תפיסה — אָבער, פון דער שקלאַפעריי און זיין געפאַנגענשאַפט איז ער אַרויס אַ מעכטיקער הערשער . . .

וואָלט פרעה געוואוסט די איבערנאַטירלעכע געשיכטע פון יוסף׳ן, וואָלט ער אפשר גאָר ניט אָנגעהויבן צו באַקעמפן די אידן ווארום ער וואָלט דאַן געוואוסט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אומשטערבלעך און אומבאַזיגבאַר, ווייל זיין לעבן איז פאַרבונדן מיט דער אייביקייט . . .

די צרה מיט אָט די אַלע צוררי ישראל, זינט פרעה מלך מצרים ביז אויף דעם היינטיקן טאָג, וואָס זיי האָבן גאָר ניט געלערנט פון דער געשיכטע . . .

האָבן דאָך נבוכדנצר, המן, אנטיוכס, טאָרקוועמאדא און די רוסישע צאַרן געדאַרפט וויסן פון דער געשיכטע, אַז די אַלע, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט׳ן אי־דישן פאָלק, האָבן סוף כל סוף באַקומען פינסטערע מפּלות. דאָסזעלביקע איז מיט היטלער׳ן און מיט זיין אַנטיסעמיטישן נאַכטאַנצער מוסאליני — זיי האָבן גאָר ניט געלערנט פון דער געשיכטע און וויסן ניט „מה שקרה ליוסף״ . . .

זיי וועלן עס, אָבער, באַלד דערוויסן, ווען זיי וועלן אָנהויבן צו קריגן די גרויסע, וויסטע, פינסטערע מפּלות און מיר, צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּראָגרעסי־ווער מענשהייט, וועלן זינגען דעם גרויסן „אז ישיר״ צו ג—ט, וואָס וועט פאַרקלינגען לענדער און פעלקער, מסוף העולם ועד סופו . . .

# שמות

## דער פינסטערער בלוטיקער געשריי פון „הבה נתחכמה״ וואָס ציט זיך פון פרעה ביז היטלער

„הסנה בוער באש והסנה איננו אכל״ — למה הראה לו הקדוש ברוך הוא למשה כענין הזה? לפי שהיה משה מחשב בלבו ואומר: שמא יהיו המצרים מכלים את ישראל. לפיכך הראהו הקב״ה אש בוערת והסנה איננו אוכל, כך המצרים אינם יכולם לכלות את ישראל״.
(שמות רבה, פ׳ ב׳).

די לעבנס-געשיכטע פון דעם ערשטן אידישן שטאַם-פאָטער הויבט זיך אָן מיט דעם צער פון „לך לך״, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע קינדער, די „זרע אברהם אוהבי״ . . .

און די געשיכטע פון דער ערשטער אידישער געמיינדע הויבט זיך אָן מיט די יסורים פון אַ ביטערן און פינסטערן גלות אין אַ פרעמד, באַרבאַריש לאַנד, וואָס שפיגלט אָפּ דעם גורל פון זייערע קינדער ביז אויף היינטיקן טאָג . . .

און פונקט אַזוי ווי אברהם אבינ׳ו „לך לך״ האָט אים געפירט צו דער העכ־סטער גייסטיקער אויסלייטערונג, צו דער טיפער עטישער ג—ט-דערקענטעניש, צו אהבת ד׳ און צום קאַמף פאַר גערעכטיקייט און, ענדלעך, צום יעוד, אַלס דער שטאַם־פאָטער פון אַ גרויס און אייביק פאָלק — פונקט אַזוי האָט די השגחה געוואָלט ,אַז די ערשטע אידישע געמיינדע פון בית יעקב, זאָל זיך אויסלייטערן אין די יסורים פון גלות, אויף זייער וועג צום באַרג סיני, איידער זיי דערגרייכן די מדרגה פון אַ „ממלכת כהנים וגוי קדוש״ און איידער זיי ווערן געבראַכט צוריק צו זייער פאַר־שפּראָכן הימלאַנד, וואו זיי זאָלן אַרויסשטראַלן פון זיך די אייביקע, מענטש־ און וועלט־דערלייזנדיקע אידעאַלן פון זייער ג—ט-קולטור און תורה־ציוויליזאַציע דורך זייערע נביאים, חכמים, גאונים וקדושים . . .

אומגלייך צו אַנדערע פעלקער, וועלכע וויסן צו דערציילן לעגענדעס און פאָלקס-מעשיות פון דעם גליקלעכן לעבן פון זייערע אור־עלטערן, איז דער געבורט־פּראָצעס פון דעם אידישן פאָלק צוגעגאַנגען אין מורא׳דיקע חבלי לידה, אין יסורים־דיקע געבורט-וויייעניש . . .

אָבער, וואָרום האָט די השגחה באַשטימט אַזוי פיל צער און יסורים פאַר דעם אידישן פאָלק? וואָרום האָט ג—ט געדאַרפט וואַרטן ביז דער יאָמער פון די

געפייניקטע אידן האָט אַרויסגעשריען פון די געביידעס און פון די ווענט, וואו אידישע הרוגים זיינען איינגעמויערט געוואָרן?

ווי רבי עקיבא זאָגט: „אספקלטורין של פרעה היו מחנקין את ישראל בקי־רות הבתים לבנין, והיו צועקים מתוך הבנין, צועקים מתוך הקירות — והקדוש ברוך הוא שומע נאקתם" — פרעה׳ס טשינאָווניקעס פלעגן דערווערגן די אידן אין די ווענט פון די הייזער, וואָס זיי האָבן געבויט, און זיי פלעגן שרייען פון די געביי־דעס, שרייען פון די ווענט, און ג—ט ברוך הוא פלעגט הערן זייער געשריי.

דער מדרש רבה שטעלט זיך אויף דער פראַגע און ענטפערט, אַז ג—ט האָט געוואָלט אויסלייטערן זיין פאָלק דורך יסורים. דורך וואוילטיק און ערדישע גליקן קען דער מענש ניט דערגרייכן צו דער מדרגה פון דער העכסטער השתלמות. דעריבער זיינען די דריי גרעסטע זאַכן אויף דער וועלט: די תורה, ארץ ישראל און עולם הבא, געגעבן געוואָרן דורך יסורים . . .

און דעריבער האָט דאָס אידיש פאָלק אָנגעהויבן זיין נאַציאָנאַל לעבן אין דעם ביטערן גלות מצרים, כדי ער זאָל זיך אויסלייטערן דורך יסורים . . .

אין צער און פיין איז אונזער פאָלק געבוירן געוואָרן און דורך צער און יסורים איז אויך אונזער ערשטער גרעסטער גואל, משה בן עמרם, דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן און אַלע דורות, אויף דער וועלט געקומען.

און ווי קליין און נישטיק קוקן אויס די יסורים פון גלות מצרים, וואָס האָט אונז דעם גרויסן משה רבנו געגעבן! . . .

און פונקט אַזוי ווי אין דעם לעבן פון אונזערע ערשטע אָבות געפינען מיר אָנדייטונגען אויף דעם לעבן פון זייערע קינדער („מעשה אבות סימן לבנים"), אַזוי איז אונזער ערשטער גלות כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזער היינטיקן לאַנגן, ביטערן און לעצטן גלות.

און דאָס איז געווען דער סימבאָל פון דער וואונדערלעכער סצענע מיט דעם „סנה", דעם ברענענדיקן דאָרן, דורך וועלכן ג—ט האָט זיך באַוויזן צו משה רבנו, ווען ער, אַלס פליכטלינג פון מצרים, האָט געפיטערט די שאָף אין מדבר.

„הסנה בוער באש והסנה איננו אכל" — למה הראה לו הקדוש ברוך הוא למשה כענין הזה? לפי שהיה משה מחשב בלבו ואומר: שמא יהיו המצרים מכלים את ישראל. לפיכך הראהו הקב"ה אש בוערת וסנה איננו אוכל. אמר לו: כשם שהסנה בוער באש ואיננו אוכל, כך המצרים אינם יכולים לכלות את ישראל (שמות רבה, פ׳ ב׳) — וואָרום האָט ג—ט ברוך הוא געוויזן משה׳ן אַזאַ דערשיינונג? ווייל משה האָט זיך געטראַכט: טאָמער וועלן די מצרים טאַקע פאַרטיליקן די אידן? דעריבער האָט גב"ה אים געוויזן אַ ברענענדיק פייער אין דעם דאָרן און דער דאָרן ווערט ניט פאַרברענט. האָט ער אים געזאָגט: אַזוי ווי דער דאָרן ברענט אין פייער און ווערט ניט פאַרצערט, אַזוי קענען ניט די שונאי ישראל פאַרטיליקן די אידן . . .

דערמיט איז געשטאַרקט געוואָרן דער גלויבן אין אונזער ערשטן און גרעסטן גואל, משה רבנו, וועלכער האָט שוין אויך גענומען צווייפלען אין דער אייביקייט פון אידישן פאָלק, זעענדיק ווי זיין געפייניקט און פאַרשקלאַפּט פאָלק האָלט שוין ביי די מ״ט שערי טומאה . . . און מיט דעם שטאַרקן גלויבן אין זיין גרויס האַרץ האָט זיך משה אַוועקגעלאָזן אין דער שליחות פון דער גאולה, אָנהויבנדיק דעם באַ־פרייאונגס־קאַמף פון דעם אידישן פאָלק — און אָט דער „סנה" דאַרף אונז אָנפילן מיט בטחון און גלויבן אין דעם ענדגילטיקן נצחון פון אונזער איצטיקן באַ־פרייאונגס־קאַמף . . .

# וארא

## משה רבנו, אונזער ערשטער און גרעסטער גואל האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פון צער, אַנטוישונג און טראַגישן גורל פאַר אַלע גואלים און פרייהייטס־קעמפער

„וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב" — תניא, אמר רבי אלעזר ב"ר יוסי פעם אחת נכנסתי לאלכסנדריא של מצרים מצאתי זקן אחד ואמר לי: בא ואראך מה עשו אבותי לאבותיך. מהם טבעו במים, מהם הרגו בחרב, מהם מעכו בבנין . . . ועל דבר זה נענש משה רבנו. שנאמר „ומאז באתי אל פרעה לדבר בשמך הרע לעם הזה" . . . אמר לו הקדוש ברוך הוא: חבל על דאבדין ולא משתכחין! הרי כמה פעמים נגליתי על אברהם יצחק ויעקב באל שדי, ולא הרהרו על מדותי וכ"ו . . .
(סנהדרין קי"א).

„ומאז באתי אל פרעה הרע לעם הזה והצל לא הצלת את עמך" — אמר רבי עקיבא: אמר יודע אני שאתה עתיד להצילם אלא למה לא אכפת לך באותן הנתונין תחת הבנין? . . .
(שמות רבה פ' ה').

משה רבנו! . . .

אונזער ערשטער און גרעסטער גואל! . . .

אונזער ג—ט־געקושטער תורה־געבער, וועלכער איז, ווי יעקב אבינ'ס לייטער, געשטאַנען מיט די פיס אויף דער ערד און זיין קאָפּ האָט דערגרייכט די הימלען.

ווער קען אַרויפקוקן צו אים, דעם געבענשטן זון פון עמרם, אַריינבליקן אין זיין בלענדנדיקער פערזענלעכקייט און באַנעמען זיין גרויסקייט? . . .

פאַרשידענע חכמים, פילאָזאָפן, פסיכאָלאָגן און קינסטלער האָבן עס פאַרזוכט. און די באַגאַבטסטע און ווייט־זעענדיקסטע צווישן זיי איז געלונגען צו דערבליקן בלויז ביז צו די קנעכלען פון משה רבנו'ס ריזן־פיגור, וואָס טורעמט איבער דער גאַנצער מענשהייט דורך אַלע צייטן און דורות, אָבער צו זיין לויכטנדיק געזיכט, וואָס האָט אַריינגעקוקט דער ג—טהייט פנים אל פנים, האָט קיינער נאָך ניט דערלאַנגט . . .

מיכל אַנזשעלא, דער קלאַסישער רענעסאַנס־סקולפּטאָר, האָט פאַרזוכט צו שאַפן אַ „משה" אין מירמלשטיין. און דורך פּלאַסטישע ליניעס אַרויסצוברענגען די פערזענלעכקייט פון דעם פאָלקס־באַפרייער און תורה־געבער, אָבער ער איז שרעקלעך דורכגעפאַלן. זיין „משה" איז צופיל מגושמ'דיק, פרימיטיוו, זינלעך און פאַגאַניש . . .

היינריך היינע, אָט דער געניאַלער אידיש־דייטשער דיכטער, וועלכער איז איצט פאַרבאָטן אין נאַצי־לאַנד צוזאַמען מיט משה׳ס תורה, האָט אין איין קורצן אַפאָרזים געבראַכט אונז נעענטער צו דערפילן די יראת־הרוממות פון משה׳ס רי־זיקער פיגור.

„ווי קליין האָט דער באַרג סיני אויסגעזען, ווען משה איז געשטאַנען אויף אים!“ — זאָגט היינע.

אחד העם, דער גרויסער העברעאישער דענקער און באַגרינדער פון דער מאָדערנער אידישער רענסאַנס, זאָגט אין זיין עסעי איבער משה, אַז אונזער באַפרייער און תורה־געבער איז אַזוי געוואַלטיק גרויס, אַז אפילו די וואָס לייקענען אָפּ זיין היסטאָרישע עקזיסטענץ, מוזן צוגעבן, אַז זיין געשטאַלט איז די געניאַלסטע שאַפונג פון אידישן פאָלק און, אַלס אַזעלכעס, איז עס רעאַל און ממשות׳דיק, ווייל עס עק־זיסטירט און לעבט אין דער אידישער היסטאָרישער ווירקלעכקייט . . .

אָבער מיר אַלע, וואָס גלויבן אין דער היסטאָריציטעט פון משה רבנו, שטייען פאַרגאַפט פאַר זיין קאָלאָסאַלער איבערמענשלעכער פערזענלעכקייט — א י ב ע ר מ ע נ ש ל ע ך, ווייל אַזוי טיף  מ ע נ ש ל ע ך  אין זיינע עמאָציעס און האַנדלונגען אַלס קעמפער און גואל, אין זיין מיטפילנדיקן צער מיט די געקריוו־דעטע און געפייניקטע, מיט די באַליידיקטע און דערנידעריקטע, און אין זיין אומ־קאָמפּראָמיסלעכן האַס צו די אונטערדריקער און פייניקער פון זיין פאָלק.

אַלס נביא, זאָגט דאָך אויף אים די תורה אַליין עדות, אַז ער איז געווען דער גרעסטער פון אַלע צייטן און דורות, פאַר אים און נאָך אים.

„ולא קם נביא עוד בישראל כמשה אשר ידעו ד׳ פנים אל פנים“ (דברים ל״ד, י׳).

דער מדרש ברענגט אונז פאָלגנדיקע אגדה, וואָס דינט אונז, ווי אַ פּראָ־זשעקטאָר צו באַלייכטן משה׳ס גרויסקייט.

„רבי איז געזעסן און געהאַלטן זיין דרשה. איז דער עולם איינגעשלאָפן, האָט ער זיי געוואָלט אויפוועקן, האָט ער געזאָגט: איין פרוי אין מצרים האָט גע־בוירן זעקס מאָל הונדערט טויזנט קינדער אויף אַמאָל (ששים רבוא בכרס אחד). איז דאָרטן געווען אַ תלמיד מיט׳ן נאָמען ישמעאל בר׳ יוסי, וועלכער האָט אים געפרעגט: ווער איז עס געווען אָט די פרוי? האָט אים רבי געענטפערט: „זו יוכבד שילדה את משה ששקול כנגד ששים רבוא מישראל“ — דאָס איז געווען יוכבד, וואָס האָט געבוירן משה׳ן, וועלכער באַשטייט קעגן אַלע ששים רבוא אידן, וואָס זיינען אַרויס פון מצרים (שיר השירים רבה).

משה און דאָס אידיש פאָלק ווענן גלייך אויף גלייך . . .

ביידע האָבן איין ראָלע און איין גורל אויף דער וועלט! . . .

משה איז דער גואל פון אידישן פאָלק, כדי דאָס אידנטום זאָל ווערן דער משיח פון דער וועלט . . .

און זיין אַ גואל מיינט קאַמף, צער, פאַרפאָלגונג, יסורים, ביטערע אַנטויי־שונג און, אָפטמאָל, פאַרצווייפלונג פון די „חבלי משיח" און פון די געבורט־ווייענישן פון דער גאולה . . .

זיין אַ גואל מיינט: אויסער דעם קאַמף קעגן די טיראַנען און אונטער־דריקער, אויך קאַמף קעגן דער אומוויסנקייט, פאַרגרעבטקייט און געזונקענקייט פון די געליבטע פאָלקס־מאַסן, פאַר וועלכע ער שטעלט איין זיין לעבן אויסצולייזן, און וועלכע פאַרשטייען ניט זייער דערלייזער און באַוואַרפן אים מיט זלזולים און, אפט, מיט שטיינער . . .

דאָס איז דער גורל פון דעם גואל, און אַזוי איז דער היסטאָרישער גורל פון דעם אידישן פאָלק — די גואלים פון דער וועלט . . .

און פונקט אַזוי ווי ביי אברהם אבינו, ווען ג—ט האָט אים געזאָגט „לך לך", איז דאָס געווען אַ גורל'דיקער אָנזאָג, אַז ער זאָל „אויסטרעטן אַ גלות־וועג פאַר זיינע קינדער" (בראשית רבה, מ'), אַזוי האָט אויך משה רבנו, אונזער ערשטער גואל און נביא, אויסגעטראָטן אַ צער־פולן דערנער־וועג פאַר אַלע גואלים און פרייהייטס־קעמ־פער און פאַר אַלע נביאים און ליכט־ברענגער, וואָס וועלן קומען נאָך אים . . .

דאָס לערנען מיר פון משה'ס לעבן, ווי עס ווערט אַזוי דראַמאַטיש און באַ־דייטפול געשילדערט אין חומש, און פון דעם קאָלירפולן קונסט־געוועב, וואָס אונ־זערע רעליגיעזע דיכטער און דענקער פון תלמוד און מדרש האָבן אַריינגעוועבט אין דער געשיכטע פון משה'ס לעבן און שאַפן, ווי אין דער גאַנצער וועלט־היסטאָרישער פאַסירונג פון יציאת מצרים.

שוין איידער ג—ט האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים, טראָגט משה אין זיינע בלוטן דעם אומרו פון דעם גואל, דעם צער פון די אונטערדריקטע און דעם דראַנג זיי צו העלפן.

ניט קוקנדיק וואָס ער איז דערצויגן געוואָרן אַלס אַ פּרינץ אין דעם קע־ניג'ס פּאַלאַץ, איז ווי נאָר „ויגדל משה" — ווי נאָר ער איז אויפגעוואַקסן — „ויצא אל אחיו" — איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער, און דאָ האָט ער דערזען זייער בלוטיקע נויט. זיין האַרץ ווערט צעבראָכן אין אים. דער מדרש (שמ"ר פ' א') גיט אַ כאַראַקטעריסטישע שילדערונג, ווי אַזוי דער צוקונפטיקער גואל ווערט איבער־געוועלטיקט פון דעם פאָלקס־צער און ווי אַזוי ער וואַרפט זיך אַריין אין פאָלק און טיילט זיין שווערן יאָך:

„ויצא אל אחיו וירא בסבלותם" — מהו „וירא"? שהיה רואה בסבלותם ובוכה ואומר — וואָס מיינט, „ער האָט געזען" אין זייער שווערער אַרבעט? — ווייל ער האָט געזען און געוויינט, זאָגנדיק: ווי מיר אויף אייך! . . . איך וואָלט בע־סער געשטאָרבן, איידער אייך צו זען אַזוי . . . און ער האָט אונטערגעשטעלט זיינע פּלייצעס און יעדן איינעם געהאָלפן וויפל ער האָט נאָר געקענט . . .

משה איז ניט אַראָפּגעקומען פון זיין קעניגלעכן פּאַלאַץ, ווי אַ רייכער תקיף־

דיקער ברודער, נאָר ער האָט זיך געפילט ווי איינער פון זיי, געאַרבעט מיט זיי און געזוכט צו נעמען אַ טייל אין דעם פאָלקס־גורל . . .

אַזוי האַנדלט דער אמת׳ער פרייהייטס־קעמפער און פאָלקס־דערלייזער . . . דעריבער, זאָגט דער מדרש, איז משה אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין דער גואל פון די אידן:

„אמר לו הקדוש ברוך הוא: אתה הנחת את עסקיך והלכת לראות בצערם של ישראל ונהגת בהם מנהג אחים, אני מניח את העליונים ואת התחתונים ואדבר עמך" — דו האָסט פאַרלאָזן דיינע אינטערעסן און ביזט געגאַנגען באַקוקן די אידישע נויט און דו האָסט זיך אויפגעפירט ווי אַ ברודער מיט זיי, וועל איך דעריבער אַוועק־לאָזן מיינע אויבערשטע און אונטערשטע אינטערעסן און ריידן מיט דיר . . .

ג—ט אַנטפּלעקט זיך צו דעם גואל דורך די יסורים, וואָס ער ליידט פאַר זיינע מיטמענטשן . . .

דער מדרש גייט נאָך ווייטער אין זיין שילדערן די גרויסקייט פון משה רבנו, נאָך איידער ג—ט האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים. דער מדרש שרייבט צו צו משה׳ן די שאַפונג פון דער גרויסער וועלט־דערלייזנדיקער אידייע — דער שבת.

דבר אחר: „וירא בסבלותם" — אַן אַנדער פּשט איז אויף „וירא בסבלותם" — אַז ווען משה האָט געזען ווי זיי האָבן קיין אָפּרו ניט, איז ער געגאַנגען צו פּרעה׳ן און געזאָגט: ווער עס האָט אַ קנעכט, מוז ער אים לאָזן רוען איין טאָג אין וואָך, אַניט וועט ער שטאַרבן, און אָט די אידישע קנעכט דיינע, אויב דו וועסט זיי ניט לאָזן רוען איין טאָג אין וואָך, וועלן זיי אויסשטאַרבן און דו וועסט פאַרלירן דיינע שקלאַפן. האָט אים דער טיראַן געזאָגט: גיי און טו ווי דו זאָגסט. „הלך משה ותקן להם את יום השבת לנוח" — איז משה געגאַנגען און האָט איינגעפירט דעם טאָג פון שבת פאַר אָפּרו (שמות רבה, פ"א).

פון וואַנעט האָט זיך גענומען צו דעם יונגן משה אַזעלכע נאָבעלע וועלט־דערלייזנדיקע געדאַנקען, אַזעלכע אומרואיקע גאולה־דראַנגען, וועלכע האָבן אים געטריבן פון זיין פּרינצלעכן פּאַלאַץ צו זיינע אָרימע אונטערדריקטע ברידער?

ווער קען וויסן? אפשר האָט ער עס איינגעזויגן מיט דער כשר׳ער מילך פון זיין מוטער יוכבד, פאַרשלינגענדיק אירע טרערן, וואָס זיינען געפאַלן אויף אירע בריסט! . . . אפשר האָבן אירע אומעטיקע, האַרץ־רייסנדיקע וויג־לידעלעך, מיט וועלכע זי האָט אים צום שלאָף איינגעוויגט, אים אָנגעפילט מיט אַ נאָגנדיקן טרויער פאַר זיין גאַנצן לעבן! . . .

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז די מעשה׳לעך, וואָס יוכבד האָט אים דערציילט וועגן דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, האָבן דעם, אין פרייהייט דערצויגענעם משה׳ן, געוועקט שטאָלץ און קאַמף־געפיל פאַר פרייהייט.

עס איז אויך צו באַגרייפן, אַז דער עטישער ג—ט־באַגריף פון אברהם אבינו און די אידעאַלע טראַדיציעס פון די אבות, מיט וועלכע זיין מוטער׳ס מעשה׳לעך זיי־

נען געווען דורכגעפלאָכטן, האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער נשמה פון דעם גע־ניאַלן משה, ווי די זון־שטראַלן אין אַ ברען־גלאָז. און דאָס האָט געברענט אין זיינע ביינער מיט אַ הייליק פייער, ווי דער „סנה״, און אים ניט געלאָזן שלאָפן ביינאַכט און ניט רוען בייטאָג, און דעריבער איז ער טאַקע אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דער קלאַסישער גואל, וואָס דאַרף זיין אַ מוסטער פאַר אַלע גאולה־קעמפער מיט זיין אומענדלעכער פאָלקס־ליבע, מיט זיינע ביטערע אַנטוישונגען אין דעם קאַמף־פּראָצעס פאַר דער גאולה, און מיט זיין טראַגישן גורל . . .

און וועלכע ביטערע אַנטוישונגען און יסורים משה האָט איבערגעלעבט גלייך נאָכדעם ווי זיין פאָלקס־ליבע האָט אים אַריינגעצויגן אין דעם קאַמף פאַר דער גאולה!

נאָך דעם ערשטן „ויצא אל אחיו״ מאַכט ער נאָך אַ „ויצא״, ביי וועלכן ער האָט דערזען, אַז דער שווערסטער און יסורים־דיגסטער פּראָבלעם פון דער גאולה איז ניט דער טיראַן און ניט די אונטערדריקער, נאָר גראָדע די אונטעדריקטע און פאַרשקלאַפטע, וואָס נויטיקן זיך אין אויסלייזונג . . .

דאָס פאָלק איז פאַרגרעבט און פאַרטעמפּט געוואָרן. האָט פאַרגעסן די שטאָלצע שפּראַך פון מענשלעכער פרייהייט, און איז טויב געוואָרן צו דעם רוף פונ׳ם גואל —

„מקצר רוח ומעבודה קשה״! . . .

און דאָ שטייט ער, דער גואל, דער געטרייסטער פאָלקס־פירער, משה בן עמרם, אַ פאַרצווייפלטער, אַן אַנטוישטער, מיט אַ ברענענדיקער ליבע צו זיין אומגליקלעך פאָלק און מיט אַ פאַרצערנדיקן יאוש אין זיין אַנגעוויטאַקט האַרץ . . .

„ויאמר: אכן נודע הדבר״ . . .

עתה ידעתי על איזה דבר הם משתעבדים: לשון הרע יש ביניהם והאיך יהיו ראוים לגאולה? — איצט ווייס איך וואָרום זיי זיינען פאַרפאַלגט: עס איז דאָ לשון הרע צווישן זיי . . . זיי זיינען צעריסן צווישן זיך . . . טאָ ווי אַזוי קענען זיי זיין ראוי פאַר דער גאולה? (שמ״ר פ׳ ב׳).

און אין אַ ביטערער אַנטוישונג אַנטלויפט ער פון זיינע ברידער. איז ער דאָך אָבער דער גואל פאַר עקסעלאַנס, ער העלפט שוואַכע און געקריוודעטע אפילו זייענדיק אַ פליכטלינג אין מדין. ער העלפט יתרו׳ס טעכטער קעגן די שלעכטע פּאַסטוכער. ער העלפט אַנטרינקען די שאָף, און שפּעטער, ווען ער פיטערט יתרו׳ס שעפּסן אין דעם מדבר, ווייזט ער אַרויס זיין ליבשאַפט און רחמנות צו די אָרימע, דורשטיקע שעפּסעלעך, ווי עס ווערט אַזוי שיין געשילדערט אין דעם מדרש. ער איז, אָבער, נאָך אַלץ פאַרביטערט קעגן די מענשן און עס וויינט אין אים זיין איינזאַמער טרויער. וואָרום מוז עס אַזוי זיין? . . .

און ווען ג—ט באַווייזט זיך צו אים אין דעם „סנה״, באַשטימענדיג אים פאַר זיין שליח צו פּרעה׳ן, וויל משה די שליחות ניט אָננעמען. ער זוכט זיך אַרויסצודרייען . . . עס פעלט אים גלויבן אין פאָלק . . . ער קען זיך, אָבער, ניט

קעגנשטעלן זיין גורל, און ער גייט אויספירן זיין שליחות. אָבער אַזוי שנעל, ווי דער קאַמף פאַר דער גאולה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט דער טיראַן, ווי דער שטייגער איז ביי טיראַנען און דיקטאַטאָרן, נאָך שווערער געמאַכט די אידישע לאַגע . . .

די פאַר'חושכ'דיקע און פאַר'צרה'טע אידן קומען דאַן צו אים מיט טענות און פאַרוואורפן . . . משה און אהרן זיינען שולדיק אין זייער פאַרערגערטער לאַגע. זיי, מיט זייערע גאולה־חלומות, האָבן „פאַרשטונקען זייער ריח אין די נאָזלעכער", פון דעם טיראַן און האָבן געגעבן פרעה'ן אַ שווערד נאָך מער צו שלאָגן די אידן.

און משה ווערט ווידער אַנטוישט . . .

דאס מאָל ניט אין די אידן, ווענעס צער עס ווייגט אין זיין האַרץ, נאָר קעגן ג—ט אַליין.

און משה, דער דרייסטער גואל, קומט מיט תרעומות כלפי שמיא . . . ער פאָדערט פון ג—ט אַ לאָגיק אין זיין השגחה איבער דער וועלט . . . ער מאָנט אַ דין וחשבון פאַר אַלע הרוגים און קדושים, פאַר אַלע געשאָכטענע קינדער און זקנים, וועלכע זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אין פרעה'ס קאָנצענטראַציע לאַגערן . . . ער פאַרלאַנגט צו וויסן, ווי אַזוי דענקט דער מקור הרחמים צו פאַרגיטיקן אַלע אומ־שולדיק־פאַרגאָסענע בלוטן. אַלע גרויזאַם אומגעקומענע לעבנס, וואָס זיינען פאַר־מויערט געוואָרן אין די ווענט פון פתום און רעמסס, ווען אפילו די גאולה וועט שוין קומען ?! . . .

„יודע אני שאתה עתיד להצילם אלא למה לא אכפת לך באותן הנתונין תחת הבנין ?" — איך וויס, זאָגט משה, אַז דו וועסט זיי ענדלעך באַפרייען, אָבער וואָרום קימערן דיך ניט יענע, וואָס זיינען אַריינגעמויערט אין די געביידעס ? ווער וועט זיי פאַרגיטיקן ? (שמות רבה, פ' ה').

און ג—ט ענטפערט אים, אַז דער ערשטער באַדינג פונ'ם גואל איז אמונה. דער קעמפער פאַר אויסלייזונג מוז האָבן אַ פעסטן גלויבן אין זיין זאַך . . . זע, ווי דיינע אבות: אברהם, יצחק און יעקב, האָבן געגלויבט אין מיר. קיינע אַנטוישונ־גען האָבן ניט צעטרייסלט זייער גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון דער השגחה . . .

זע, איך האָב זיך באַוויזן צו זיי אַלס „אל שדי" — אַלס אַלמעכטיקער ג—ט און בין געבליבן ביי זיי אַלמעכטיק און גערעכט, ניט קוקנדיק, וואָס זיי האָבן זיך אַנ־טוישט אין מיינע פאַרשפּרעכונגען און דו, משה, ביזט שוין געוואָרן סקעפּטיש אין דיין שליחות, אַזוי שנעל ווי די באַדינגונגען האָבן זיך פאַרערגערט . . . דער גואל טאָר ניט פאַרצווייפלט ווערן. דער אמת'ער גואל ווייסט ניט פון קיין יאוש.

אתה תראה, דו, משה, וועסט זען, וואָס איך וועל טאָן צו פרעה'ן, אָבער דו ביזט ניט ווערט צו דערפירן די גאולה ביז צו איר גליקלעכן סוף . . . דו וועסט ניט אַריינפירן די אידן אין ארץ ישראל . . .

און משה רבנו, אונזער ערשטער און גרעסטער גואל, איז באַשטראָפט גע־וואָרן מיט דעם פאַטאַלן גורל פון אַלע גואלים און פאָלקס־באַפרייער — מיט דעם

שיקזאַל פון „ושמה לא תבוא" — דו וועסט ניט קומען אַהין צו זען דעם נחת פון דיין אויסגעקעמפטן אידעאַל.

און זינט דאַן טראָגן אַלע גואלים און פאָלקס־באַפרייער דעם גורל פון יע־נער באַשעפעניש, וועלכע פאַרלירט איר אייגן לעבן ביים געבורט פון איר קינד . . . דאָס לעבן פון דעם גואל ווערט פאַרצערט מיט דער געבורט פון זיין אויסגעקעמפ־טער גאולה . . .

אַט דאָס טראַגיש בילד פון משה רבנו, דעם פאָרגענגער פון אַלע פריי־הייטס־קעמפער און גואלים, ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער טיפזיניקער און מיס־טישער אגדה פון דער גמרא (סנהדרין קי"א):

„אמר רבי אלעזר ב"ר יוסי: איינמאָל בין איך אַריינגעגאַנגען אין אלכ־סנדריה של מצרים, האָב איך דאָרט געטראָפן אַן אַלטן מאַן, וועלכער האָט מיר גע־זאָגט: קום און איך וועל דיר ווייזן וואָס מיינע עלטערן האָבן געטאָן צו דיינע על־טערן. מאנכע פון זיי האָבן זיי דערטרונקען אין ים, אַנדערע האָבן זיי אויסגע־שאָכטן מיט'ן שווערד. אַנדערע פון זיי האָבן זיי צעריבן אין די געביידעס, וואָס אידן האָבן געבויט. און איבער אַט דער דאָזיקער זאַך איז משה באַשטראָפט גע־וואָרן, ווייל ווען משה איז געקומען צו ג—ט מיט דער טענה „ומאז באתי אל פרעה וג"ו" — האָט אים דער הייליקער, געבענשט איז ער, געזאָגט: אַ שאָד אויף די פאַרלאָרענע וואָס קענען מער ניט געפונען ווערן! וויפיל מאָל האָב איך זיך אַנט־פּלעקט פאַר אברהם, יצחק און יעקב מיט אל שדי און זיי האָבן ניט נאָכגעטראַכט (סקעפּטיש) איבער מיינע מדות, מיינע פירונגען, און זיי האָבן מיר ניט געפרעגט „מה שמך". זיי האָבן ניט געזוכט קיין מענשלעכע לאָגיק אין מיין השגחה . . . און דו קומסט צו מיר מיט טענות פון „והצל לא הצלת" . . .

די אגדה זוכט דאָ צו געבן אַן ענטפער ניט נאָר אויף דעם גלות מצרים, נאָר אויף דער אידישער טראַגעדיע פון אַלע אונזערע גלות'ן, וואו מיר ווערן גע־פייניקט, געשאָכטן און געוואָרפן אין אַלע פייערן און וואַסערן.

אויך היינט גייען אידן אום צעטומלטע און צעפּייניקטע פון די פראַגן: וואו איז ג—ט? וואו איז גערעכטיקייט? וואָס איז די לאָגיק פון זיין השגחה? . . .

ווי אַזוי וועלן אַט די אַלע אומשולדיק־פאַרפייניקטע לעבנס פאַרגיטיקט ווערן, ווען אפילו היטלער וועט שוין איינעמען אַ מיתה משונה? . . . ווער וועט אויפמאָנען זייער פאַרגאָסן בלוט, וואָס שרייט צום הימל? . . .

אָבער דאָ מוזן מיר בלייבן שטיין. ווייל „על דבר זה נענש משה רבנו" . . . אפילו פון משה'ן האָט ג—ט געפאָדערט בלינדן גלויבן . . . דעם פולסטן צוטרוי און בטחון פון אונזערע אבות . . . אפשר שפּעטער, אין דעם אחרית הימים, ווען עס וועט זיין „ומלאה כל הארץ דעת ד' כמים לים מכסים" — וועלן מיר באַגרייפן דעם זין פון דער מענשלעכער טראַגעדיע בכלל און פון דער אידישער בפרט.

ביז דאַן, אָבער, מוזן מיר האָבן אמונה און בטחון און קעמפן מיט האָפע־נונג פאַר אונזער ענדלעכער גאולה . . .

# וארא

## די חבלי משיח אין דעם גאולה־קאַמף פון מצרים און דער צער פון אונזער ערשטן גואל

„ומאז באתי אל פרעה הרע לעם הזה והצל לא הצלת את עמך" — אמר ר' עקיבא: אמר: יודע אני שאתה עתיד להצילם, אלא למה לא א אכפת לך באותן הנתונין תחת הבנין? באותה שעה בקשה מדת הדין לפגוע במשה, וכיון שראה הקב"ה שבשביל ישראל הוא אומר, לא פגעה בו מדת הדין.
(שמות רבה, ה').

מיר האַלטן איצט ביים וואונדערלעכן קאַסמישן פאַרשפּיל צו דער גרויסער וועלט־היסטאָרישער יציאת־מצרים דראַמע, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן פון ג—ט אַליין, בכבודו ובעצמו, אין קאַמף פאַר אונזער ערשטער גאולה . . .

און מיר זעען, ווי דער געטלעכער וועלט־באַשאַפער שטודירט איין מיט משה רבנו די וואונדערלעכע פיר־אַקטיקע גאולה־דראַמע פון „והוצאתי" — איך וועל זיי אַרויסציען — „והצלתי" — איך וועל זיי ארויסראַטעווען — „וגאלתי" — איך וועל זיי אויסלייזן און „ולקחתי" — איך וועל זיי צו מיר נעמען אַלס פאָלק — יענע פיר גאולה־פאָרמען פון יציאת מצרים, וועלכע ווערן סימבאָליזירט דורך די פיר כוסות וויין, וואָס מיר טרינקען פּסח ביים סדר, ווי רבי יוחנן זאָגט: (אין ירו־שלמי, פסחים):

„מניין לארבע כוסות בפסח? — א"ר יוחנן: כנגד ארבע גאולות: והו־צאתי, והצלתי, וגאלתי ולקחתי" . . .

עס איז אָבער אַ גרויסע נפקה־מינה צווישן די פיר פּראָזאאישע, מגושמ־דיקע כוסות וויין, וואָס מיר טרינקען אַזוי לייכט און בהרחבה'דיק אַרונטער, זיצנדיק ווי די מלכים, אָנגעשפּאַרט אויף די הסכה־בעטן, ביי טישן געדעקט מיט כל טוב — און די פיר גייסטיקע, פּאָעטיש־מיסטישע סימבאָלן, וואָס די כוסות שטעלן מיט זיך פאָר ביים סדר . . .

עס איז גאַנץ אַנגענעם פאַר אַ אידן צו זיצן אַ יום־טוב'דיקער, אַ פריילע־כער, ביי אַ רייך־געדעקטן טיש, זיך אָפּזאָגן אַ „הנני מוכן ומזומן לקיים מצות כוס ראשון", אויסזינגען אַ ברכה און אויסטרינקען דעם „והוצאתי" . . . דערנאָך אַ זאָג טאָן אויף גיך דעם „הנני מוכן", מאַכן אַ ברכה און אַריינקערן דעם „והצלתי" . . . דאַן פאַרטרינקען די קניידלעך מיט דער סעודה מיט אַ „וגאלתי" . . . און צום סוף אַריינגיסן דעם פערטן כוס און זיך פאַסמאַקעווען מיט'ן „ולקחתי" — און יוצא . . .

דאָס אַלץ ווערט דורכגעפירט לייכט, אַנגענעם, געמיטלעך און זינגענדיק...

ניט אַזוי לייכט און שוין גאָר ניט אַזוי געמיטלעך זיינען דידאַזיקע פיר גאולה־אַקטן דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן . . .

מיט דעם טיפן צער און פאַרצווייפלונג פון די חבלי משיח, מיט די גאולה־יסורים און יצירה־ווייעניש, אין וועלכע מענש און נאַטור זייגען איינגעשפּאַרט געוואָרן, איז באַגלייט געוואָרן די ערשטע גרויסע, רעוואָלוציאָנערע דערלייזונג, וואָס האָט אַ שקלאַפן־פאָלק אין אַן „אור לגוים" פאַרוואַנדלט . . .

און דער צער פון דער גאולה איז ניט געלעגן אין דער שווערקייט פון דעם קאַמף קעגן די באַדריקער, קעגן וועלכע ג—ט האָט אַרויסגערופן די כחות פון דער נאַטור און זיי צווינגען צו באַפרייען דאָס אידיש פאָלק. דאָס איז דאָך געווען פון די לייכטסטע זאַכן פאַר דעם וועלטן־באַשאַפער. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט זיך געקענט גאַנץ לייכט איספּראַווען מיט דעם טיראַן פּרעה און מיט זיינע אַנטי־אידישע ראַטגעבער, שוואַרצע חרטומים און פינסטערע חכמים . . .

דער שווערסטער און אַנגעווייטאָקסטער פּראָבלעם פון דער גאולה איז געווען דאָס אידיש פאָלק גופא . . . דאָס פאָלק וואָס איז אַסימילירט און פאַרטעמפּט געוואָרן אין די מ"ט שערי טומאה פון מצרים . . . דאָס פאָלק וואָס האָט אין זיין מורא׳דיקער קנעכטשאַפט אַנטוויקלט אַזאַ פאַרגרעבטע און שקלאַפישע פּסיכאָלאָגיע, דאָס זיינע אויערן זיינען פאַרשטאָפּט געוואָרן צו דערהערן דעם געטלעכן רוף פון דער אויסלייזונג . . .

„מקצר רוח ומעבודה קשה" ! . . .

און דאָ שטייט דער אויסדערוויילטער און געבענשטער גואל, דער געטרייער פירער און גרעסטער נביא פון אַלע צייטן, משה בן עמרם, אַן אַנטוישטער, אַ פאַר־צווייפלטער, מיט אַ ברענענדיקער ליבע צו זיין פאָלק און מיט אַ שאָטן פון יאוש אין זיין הייליק האַרץ . . .

אין אַ ביטערער אַנטוישונג איז ער אַנטלאָפן פון זיינע ברידער אין דעם מדבר ווען ער איז באַוואוסט געוואָרן פון זייער גייסטיקער ירידה (אכן נודע הדבר)...

אָבער דאָ באַווייזט זיך ג—ט צו אים אין אַ טרייסט־דערשיינונג, אין דעם ברענענקיקן „סנה", וואָס ווערט קיינמאָל ניט פאַרברענט . . . ג—ט אַנטפּלעקט זיך צו אים אין דעם סוד פון דער אידישער אייביקייט, אין דעם „אהיה אשר אהיה"... און משה דערזעט דעם סימבאָל פון „לא מאסתים ולא געלתים לכלותם להפר בריתי אתם" — ווי פאַרדאַרט אידן זאָלן ניט ווערן אין זייערע גלות׳ן, בלייבן נאָך אַלץ אין זייער לעבן די אייביקע זאַפטן, וואָס לאָזן ניט די פייערן זיי אינגאַנצן פאַרניכטן...

פעלקער ווערן פאַרצערט אין די פייערן פון זייערע גלות׳ן. זייערע קרע־אַטיווע זאַפטן ווערן אויסגעטריקנט ווי אַ דאָרן . . . ניט אַזוי, אָבער, איז דאָס אידיש פאָלק. דער גלות קען אים פאַרוואַנדלען אין אַ דאָרן, אָבער די פייערן פון גלות קענען אים ניט פאַרברענען . . .

אַט זיינען מיר שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר אין אַ ביטערן גלות, און אירגענד־וועלכעס פאָלק אויף אונזער פּלאַץ וואָלט שוין לאַנג געהאַט אומגעקומען — אָבער ניט מיר! אונזער לעבן איז ניט אין די גרעניצן פון דער פיזישער נאַטור . . . מיר זיינען למעלה מן הטבע . . .

און ווען משה האָט דערזען „את המראה הגדול הזה", האָט ער צוריק גע־וואונען דעם גלויבן אין פאָלק און האָט אָנגענומען די געטלעכע שליחות אָנצופירן דעם באַפרייאונגס־קאַמף.

אָבער באַלד האָט דער גואל ווידער דערליטן אַן אַנטוישונג. אָנהויבנדיק זיין פרייהייטס־פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אידן און זיין קאַמף קעגן די אונטערדריקער פון זיין פאָלק, האָט דער טיראַן פרעה, ווי דער שטייגער איז פון טיראַנען, אַרויפ־געלייגט נייע גזירות און נאָך מער געפּייניקט די געפּייניקטע. די אידישע פירער קומען צו אים מיט דעם פאָרוואורף, אַז ער האָט זייער לעבן ערגער געמאַכט . . . אַזוי איז שוין דער שטייגער פון גלות־מענשן, וועלכע זיינען אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז זיי קענען זיך ניט אויפהויבן צו דעם צער און פיין פון דעם גאולה־קאַמף . . .

און דאָס האַרץ פון דעם גואל ווערט אָנגעפילט מיט טרויער איבער דעם גורל פון זיין פאָלק. ער האָט דעם גלויבן אין ג—ט, אָבער ער פילט־מיט זיין פאָלק'ס ליידן און ער פרעגט זיך: וואָרום זאָל די גאולה אַזוי שווער צוגיין? וואָ־רום זאָל זייער לאַגע פאַרערגערט ווערן גראַדע מיט דעם אָנהויב פון דעם גאולה־פּראָצעס?

און ער קומט צוריק צו ג—ט מיט תערומות און רעדט דברים קשים כלפי שמיא:

„ומאז באתי אל פרעה הרע לעם הזה והצל לא הצלת את עמך" — און זינט איך בין געקומען צו פרעה'ן, האָט ער נאָך מער שלעכטס געטאָן און ראַטע־ווען האָסטו ניט געראַטעוועט דיין פאָלק —

„אמר רבי עקיבא: אמר: יודע אני שאתה עתיד להצילם אלא למה לא אכפת לך באותן הנתונין תחת הבנין? באותה שעה בקשה מדת הדין לפגוע במשה, וכיון שראה הקב"ה שבשביל ישראל הוא אומר, לא פגעה בו מדת הדין" — משה האָט געזאָגט צו ג—ט: איך ווייס אַז דו וועסט זיי ראַטעווען, אָבער וואָס אַרט דיר ניט פאַר יענע, וועלכע ליגען טויטע און פאַרפּייניקטע אונטער די געביידעס פון מצרים? אין דעם מאָמענט האָט דער מדת הדין געוואָלט אַטאַקירן משה'ן, אָבער ווען גב"ה האָט דערזען, אַז משה רעדט דאָ צוליב די אידן, האָט אים דער מדת הדין ניט אַטאַקירט (שמות רבה, ה').

רבי עקיבא, דער גרויסער מאַרטירער־תנא און רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט אָנגעפירט דעם גאולה־קאַמף קעגן רוים, האָט דאָ אויסגעדריקט אַ טיפן אוניווער־סאַל־עטישן געדאַנק, וואָס האָט געפּייניקט אונזער ערשטן גואל: — גוט, די גאולה וועט שוין קומען. איך ווייס, אַז דו וועסט ראַטעווען די אידן, אָבער וואָס איז מכח

די אַלע קרבנות פון דעם גלות ? . . . די אַלע הרוגים, פאַרפייניקטע און אומגעקומענע דורך די אַלע דורות פון דעם בלוטיקן גלות — ווי וועלן זיי באַצאָלט ווערן ? ווי וועט זייער צער אויסגעלייזט ווערן ? . . . וואו איז דיין גערעכטיקייט פאַר יענע, וועלכע וועלן זיך ניט קענען פרייען מיט דער גאולה? . . .

משה האָט, אַלזאָ, געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון דעם מדת הדין פון דער וועלט און עס זאָל זיין כלו רחמים. דאַן וועט ניט זיין קיין אונטערדריקונג און קיין גאולה־קאַמף צווישן מענש און מענש און צווישן פאָלק און פאָלק . . . דער מדת הדין האָט אים דעריבער געוואָלט אַטאַקירן, ווייל וואָס קען אַ מענש און אפילו אַ משה, וויסן די וועגן פון ג—ט און זיינע צילן אויף דער וועלט? אָבער ווען הקב״ה האָט דערזען, אַז עס רעדט אין אים דאָס ריינע אידישע האַרץ, וואָס איז דער קוואַל פון רחמנות, האָט אויף אים דער מדת הדין קיין שליטה ניט געהאַט . . .

און דעריבער, ווען ג—ט שטעלט זיך ווידער פאַר פאַר משה׳ן, זאָגט ער אים: „אני ד׳ . . . וארא אל אברהם, אל יצחק ואל יעקב באל שדי ושמי ד׳ לא נודעתי להם״ — איך האָב זיך באַוויזן צו אברהמ׳ן, צו יצחק׳ן און צו יעקב׳ן מיט אל שדי, אָבער מיט מיין נאָמען ד׳ האָב איך צו זיי זיך ניט דערקענט.

די גמרא (סנהדרין קי״א) לייגט נאָך צו: „אמר לו הקב״ה: חבל על דאבדין ולא משתכחין״ — גב״ה האָט געזאָגט צו אים: אַ שאָד אויף די פאַרלוירענע, וואָס קענען ניט געפונען ווערן. איך האָב געמאַכט הבטחות צו די אבות און קיינער פון זיי האָט מיך ניט געפרעגט „מה שמך ?״ און דו קומסט נאָך מיט דעם ניט־גלויבן פון „והצל לא הצלת״ . . .

די דאָזיקע אגדה אַנטהאַלט אַ טיפן מיסטיש־פילאָזאָפישן געדאַנק, וואָס איז איינער פון די יסודות פון דער אידישער רעליגיעזער וועלט־אנשויאונג, וועלכע באַטראַכט די יציאת־מצרים פאַר דעם גרעסטן און וויכטיקסטן אַקט פון ג—ט, וואָס קען בלויז פאַרגליכן ווערן מיט דעם אַקט פון בריאת העולם פון דעם גאַנצן וועלט־באַשאַף, און אויב ניט נאָך העכער, לויט די מקובלים.

דעריבער זיינען אַלע אונזערע ימים טובים און די מערסטע פון אונזערע מצוות, אפילו די מצוות פון בין אדם לחברו, פאַרבונדן און מאָטיווירט געוואָרן מיט דעם אָנדענק פון יציאת־מצרים.

אַ פיל העכערע חשיבות ווערט צוגעטיילט דער יציאת־מצרים אין די עשרת הדברות, וואו דער ערשטער געבאָט פון „אנכי״, זאָגט ניט איך בין דיין ג—ט, וואָס האָט באַשאַפן דעם גאַנצן קאָסמאָס, ווי עס האָט אייגנטלעך געדאַרפט זיין — נאָר: איך בין דיין ג—ט, וואָס האָט דיר אַרויסגעצויגן פון מצרים, פון הויז פון קנעכטשאַפט.

דאָס באַווייזט, אַז די אויסלייזונג פון מצרים אַנטדעקט פאַר אונז מער דעם מהות פון ג—ט, ווי דער וועלט־באַשאַף . . .

דער טעם דערפון איז, וואָס ביים וועלט־באַשאַף האָט זיך ג—ט אַנטדעקט דורך דעם מדת הדין . . . די בלינדע באַשאַפענע נאַטור־כחות, דער קאַמף אין

דער נאַטור און די ווילדע, ברוטאַלע אינסטינקטן פון דעם מענשן זיינען געווען אַן אַ תקון . . . די גאַנצע בריאה האָט געדאַרפט נאָכאַמאָל דערגאַנצט ווערן דורך דעמזעלביקן ג—ט־לעכן קוואַל, וואָס שטאַמט מיט דעם מדת הרחמים . . .

ביי יציאת־מצרים האָט זיך די ג—טהייט אַנטדעקט איןביידע עמאַנאַציעס — דעם מדת הדין פאַר מצרים און דעם מדת הרחמים פאַר די אידן, וואָרום לויט דער אגדת חז״ל, האָבן אונזערע עלטערן ניט פאַרדינט אויסגעלייזט צו ווערן, ווי די גמרא זאָגט: „הללו עובדי עבודה זרה והללו עובדי זרה״ — האָט גע־טענה׳ט דער שר של מצרים ביי דער סצענע פון בקיאת ים־סוף. ג—ט האָט אָבער אָנגעווענדט פאַר די אידן דעם מדת הרחמים און דעריבער איז די ג—טלעכע התגלות דורך יציאת־מצרים חשוב׳ער ביי דער תורה ווי דורך דער בריאת העולם, און דע־רום איז דער ג—ט־באַגריף אידענטיפיצירט געוואָרן אין די עשרת הדברות אין זיין סאָציאַלער און עטישער דערקענטעניש.

# בא

## די וועלט־היסטאָרישע פאַסירונג פון יציאת מצרים, וואָס האָט געקרוינט דעם חודש ניסן פאַר אונזער ערשטן שענסטן און געבענשטן חודש פון אַלע חדשים אין יאָר

„בא אל פרעה" זהו שאמר הכתוב (תהלים ס"ו): „אמרו לאלקים מה נורא מעשיך . . ." מה דתילין אינון מנגניא דידך! הנהרגין הורגין את הורגיהן. והנצלבין צולבין את צולביהן. והנשקעין בים שוקעין את שוקעיהן . . .

(פסיקתא).

„החודש הזה לכם" — הוא מסור בידכם ואין אתם מסורין בידו.

(ילקוט שמעוני).

„החדש הזה לכם" — משל למלך שהיה לו אורלוגין והיה מביט בו ויודע איזו שעה ביום. כיון שעמד בנו על פרקו. מסר לו אורלוגין שלו. כך אמר הקב"ה: עד עכשיו חשבונו של חדשים ושל שנים בידי, מכאן ואילך הרי הן מסורין בידכם.

(שם).

„החדש הזה לכם" — רבי מאיר אומר: לי ולכם היא הגאולה . . . כביכול אני נפדיתי עמכם. שנאמר (שמואל ב' ז'): „אשר פדית לך ממצרים גוים ואלקיו".

(שמות רבה פ' ט"ו).

„החדש הזה לכם" — אמר ר' יצחק לא היה צריך להתחיל את התורה אלא מ„החדש הזה לכם". ולמה התחיל מ„בראשית"? משום (תהלים קי"א): „כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גויים" . . .

(תנחומא).

ניסן! . . .

אונזער ערשטער, שענסטער און געבענשטער חודש! . . .

יענער הערליכער און זוניקער פרילינג־חודש, וועלכער איז אויסדערוויילט געוואָרן פאַר דעם דאַטום פון אונזער ערשטער גאולה — יציאת מצרים — ווען מיר זיינען, מיט עטלעכע און דרייסיק הונדערט יאָר צוריק, אַרויס אויף דער וועלט־אַרענע, אַלס אַ פריי פאָלק מיט אַ נייער עטישער ג—ט־קולטור . . .

אין יענעם ליכטיקן און גליקלעכן טאָג פון פערצנטן ניסן, ווען עס איז אויסגעפירט געוואָרן די וועלט־היסטאָרישע פיר־אַקטיקע דראַמע פון „והוצאתי", „והצלתי", „וגאלתי" און „ולקחתי", איז געפייערט געוואָרן דער ערשטער און

גרעסטער נצחון אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, פון פרייהייט איבער קנעכט־שאפט, פון ליכטיקייט איבער פינסטערניש און פון גערעכטיקייט איבער רשעות...

אין יענעם וואונדערלעכן זוניקן טאג, ווען דאס יונג, באפרייט אידיש פאלק איז ארויסגעפירט געווארן דורך אונזער ערשטן און גרעסטן גואל, משה בן עמרם, מעבדות לחירות, פון שקלאפעריי צו פרייהייט, משעבוד לגאולה, פון אונ־טערדריקונג צו אויסלייזונג, און מאפלה לאור גדול, פון פאגאנישער פינסטערניש צו דעם גרויסן ליכט פון תורה ונבואה — אין יענעם אנטשיידנדיקן טאג — איז א גרויסע, דינאמישע, מיט גבורה און אומרו אנגעלאדענע, און וועלט־און־מענש־באַ־פרייענדיקע קראפט ארויסגעלאזן געווארן אויף דער ארענע פון דער וועלט־געשיכטע, משפיע צו זיין אויף פעלקער און מתקן זיין דאס לעבן במלכות שדי . . .

אין יענעם וועלט־היסטארישן מאמענט, ווען די אידן זיינען ארויס פון מצרים ביד רמה, האבן זיי מיטגעטראגן מיט זיך טרייסט און האפענונג צו אלע פארשקלאפטע און אונטערדריקטע, צו אלע באליידיקטע און דערנידעריקטע, אז זיי זאלן קעמפן פאר זייער מענשלעך רעכט און ניט פארלירן זייער מענשלעכע חשיבות און די קרוין פון דעם צלם אלקים . . .

אין דערזעלביקער צייט האבן די אידן ארויסגעטראגן דאן א ווארנונג צו אלע טיראנען, דיקטאטארן און מענש־פארשקלאפער פון אלע צייטן, אז ניט אויף לאנג קענען זיי אנהאלטן זייער ג—טלאזע הערשאפט איבער זייערע מענשן . . .

זייער ברוטאל הארץ מעג, ווי ביי פרעה מלך מצרים, פאר א ווײַלע נאך מער פארהארטעוועט ווערן און זייערע, מיט רציחה פארלאפענע, אויגן מעגן זיין פארבלענדט ניט צו דערזען די צייכנס אויף דער וואנט, פונקט ווי זייער פארגענגער פון דעם אלטן עגיפטן האט עס ניט געזען — אבער, זאלן די היטלערס, מוסאליניס, און אלע טיראנען און פעלקער־פארשקלאפער געדענקען, אז זייער בלוטיקע ממשלה איז ניט אויף לאנג, אז פריער אדער שפעטער וועלן זיי ביטער באצאלן פאר זייערע מעשים תעתועים, אזוי ווי פרעה מיט זיינע בלוט־הינט האבן באצאלט! . . .

ווארום אין דעם טאג, ווען אידן זיינען ארויס פון מצרים, איז פראקלאמירט געווארן צו דער וועלט פאר אלע דורות די דערהויבנקייט פון דעם מענשן, פון יחיד ווי פון כלל, די חשיבות פון דער מענשלעכער פערזענלעכקייט, די הייליקייט פון מענשלעכער פרייהייט, וואס טאר ניט אונטערדריקט ווערן און טאר זיך ניט לאזן אונטערדריקן פון קיינעם,ווייל: „כי לי בני ישראל עבדים — עבדי הם ולא עבדים לעבדים!" . . .

דעריבער איז יציאת מצרים געווארן דער באדן, אויף וועלכן דער גאנצער בנין פון דער אידישער תורה־קולטור איז אוועקגעשטעלט געווארן — „למען תזכרו את יום צאתך מארץ מצרים" און „זכר ליציאת מצרים" איז צוגעשטעלט געווארן אין דער תורה צו אלע אונזערע ימים טובים און מצוות, באזונדערס, צו די מצוות פון בין אדם לחברו . . .

דעריבער האָט די פּאַסירונג פון יציאת מצרים אַזוי באַגייסטערט אונזערע נביאים און חכמים. דעריבער ווערט דער אַקט פון יציאת מצרים פאַרגעשטעלט אין אונזערע אגדות חז״ל, אַלס דער צווייט־גרעסטער אַקט פון הקדוש ברוך הוא נאָך דער יצירה, און אין דער קבלה ווערט יציאת מצרים געשטעלט נאָך העכער פון דעם וועלט־באַשאַף, ווייל מיט דער באַפרייאונג פון אידישן פאָלק האָט ערשט די מעשה־בראשית באַקומען איר תקון . . .

יציאת מצרים זיינען, אַלזאָ, צוויי ווערטער, וואָס זיינען אָנגעלאָדן מיט אַ דינאַמישן, וועלט־ און מענש־דערלייזנדיקן אינהאַלט, מיט מענשלעכער דערהוי־בונג און עטישער קדושה, מיט גבורה און נצחון פאַר אַלע קעמפער פאַר גערעכטיקייט און מיט אַ וואָרנונג צו אַלע טיראַנען — מיט מידת הרחמים פאַר די אָרימע און באַ־דריקטע און מיט מידת הדין פאַר די באַליידיקער און אונטערדריקער . . .

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דער מעסעדזש פון יציאת מצרים האָט אויפגעהויבן די מענשלעכע חשיבות ביי די אונטערדריקטע מאַסן פון אַלע פעלקער, אַזוי שנעל ווי די ביבל איז איבערגעזעצט געוואָרן אין זייערע פאָלקס־שפּראַכן און זיי האָבן געהאַט אַ דירעקטן צוטריט צו ג—ט׳ס וואָרט אין אונזער תנ״ך . . .

ווייסן מיר דאָך, אַז די היינטיקע געבענשטע אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז אַ קינד פון דער רעוואָלוציע פאַר אומאָפּהענגיקייט, וועלכע האָט געצויגן איר אינ־ספּיראַציע פון אונזער תנ״ך.

און אין אונזער אייגענער טראַדיציע ווייסן מיר, אַז ווען ג—ט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די אידן ביים באַרג סיני, האָט ער זיין אנכי אידענטיפיצירט מיט יציאת מצרים און ניט מיט דעם וועלט־באַשאַף, ווי עס האָט, אייגנטלעך, געדאַרפט זיין: „אנכי ד׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים״ — איך בין ד׳ דיין ג—ט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים פון קנעכטן־הויז . . .

מיר זעען, אַלזאָ, אַז ג—ט אַליין האָט באַטראַכט דעם אַקט פון יציאת מצרים פאַר וויכטיקער ווי דעם וועלט־באַשאַף, וואָס איז, לויט דער גמרא אין ראש השנה, פאָרגעקומען אין תשרי, מיט וועלכן די חדשים פון יאָר האָבן זיך, אייגנטלעך, גע־דאַרפט אָנהויבן צו ציילן, אָבער צוליב דער יציאת מצרים, וואָס האָט פּאַסירט אין ניסן, איז די צייט־רעכענונג געענדערט געוואָרן, געבנדיק דעם פרייהייט־חודש ניסן די בכורה, ווי די תורה זאָגט אונז אָן אין דער סדרה „בא״:

„החדש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לכל חדשי השנה״ — אָט דער חודש (ניסן) איז פאַר אייך דער הויפּט פון אַלע חדשים, דער ערשטער זאָל ער אייך זיין פאַר די חדשים פון יאָר . . .

די בעלי אגדה, אונזערע רעליגיעזע דיכטער־דענקער, וועלכע האָבן מיט זייערע ליכטיקע אויגן און פּאָעטישער פאַנטאַזיע אַריינגעבליקט אין דעם אוניווער־סאַלן אינהאַלט פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער פּאַסירונג פון יציאת מצרים, האָבן

אַנגעלאָדן דעם „החדש הזה לכם" מיט אַ וועלט פון טיפזיניקע, ליכטיקע, און אויך מיסטישע געדאַנקען פון מענש און לעבן, מיט דעם סוד פון נצח ישראל אין צענטער.

שוין אין דעם אַריינפיר פון דער סדרה „בא", וואו ג—ט זאָגט משה'ן, ער זאָל „קומען צו פּרעה'ן" און אים דערלאַנגען די לעצטע קלעפּ, וואָס וועלן אים צווינגען צו באַפרייען די אידן, האָט דער פּסיקתא דערהערט די וואָרנונג צו אַלע אונטערדריקער, די מערדער, וועלכע וועלן ענדלעך אומקומען דורך זייערע אייגענע קרבנות, וואָס זיי האָבן אומגעבראַכט . . .

„בא אל פרעה" — קום צו דעם טיראַן און זאָג אים, אַז די רציחות, וואָס ער באַגייט, וועלן זיך אויסלאָזן צו זיין קאָפּ . . .

די השגחה פון דער מענשלעכער געשיכטע בלייבט קיינעם ניט שולדיק, זי רעכנט זיך אָפּ מיט די טיראַנען דורך ז י י ע ר ע אייגענע אומגעבראַכטע קרבנות.

„בא אל פרעה" — אויף דעם זאָגט דער פּסוק (אין תהלים ס"ו): מה נורא מעשיך ד'!" — פאַרטייטשט דער פּסיקתא: „מה דחילין מנגניא דידך" — ווי שרעקלעך זיינען דיינע קונציקע המצאות!

„הנהרגין הורגין את הורגיהן" — די הרוגים דער'הרג'ענען זייערע מערדער, די געקרייציקטע קרייציקן זייערע קרייציקער, און די דערטרונקענע דערטרינקען זייערע דערטרינקער . . .

דער היסטאָרישער אמת פון אָט דעם מערקווירדיקן מאמר איז דאָך שוין אַזוי פיל מאָל באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער אידישער געשיכטע, זינט יציאת מצרים. די אידישע קדושים און הרוגים, די פאַרפּייניקטע און געשאָכטענע, זיינען שפּעטער אויפגעשטאַנען תחית המתים און זיך אָפּגערעכנט מיט זייערע טיראַנען . . .

די נבוכדנצר'ס, די אנטיוכס'עס, די המן'ס און די אַלע צוררי ישראל זיינען געגאַנגען דעמזעלביקן וועג פון פּרעה מלך מצרים . . .

רוים, די אַמאָליקע מעכטיקע פּאַגאַנישע רוים, האָט זיך פאַרמאָסטן צו דעראָבערן דאָס קליינע יהודה. האָט די דעראָבערטע יהודה שפּעטער דעראָבערט רוים . . .

הנהרגין הורגין את הורגיהן! . . .

די מערדערייען פון די וועלט־הערשער דינען ווי אַ בומעראַנג קעגן זיי אַליין. זיי אַליין מוזן אומקומען פון דער שווערד, וואָס זיי האָבן באַשאַפן, פון די פייערן, וואָס זיי האָבן אָנגעצונדן . . . אָט דאָס איז די המצאה פון דער השגחה! . . . מה נורא מעשיך ד'! . . .

אויך היטלער און מוסאליני — און מיר וועלן עס נאָך דערלעבן צו זען — מיט זייערע באַנדעס וועלן אַליין פאַרניכטעט ווערן פון זייערע פאַרפּייניקטע קרבנות...

„החדש הזה לכם" — הוא מסור לכם ואין אתם מסורין בידו — מיט יציאת מצרים איז דאָס אידיש פאָלק אַוועקגעשטעלט געוואָרן איבער דער צייט. דאָס אידנטום איז ניט אונטערגעוואָרפן אונטער דער ממשלה פון צייט, וואָס איז דער בעל הבית איבער דעם לעבן, פירנדיק דאָס מאַטעריעלע אין דער נאַטור צו אומקום און טויט...

„דאָס איז געגליכן צו אַ מלך, וואָס האָט געהאַט אַ זייגער, אין וועלכן ער פלעגט קוקן צו וויסן די צייט פון טאָג. אַזוי שנעל אָבער ווי זיין זון איז אַרויס פאַר זיך, האָט ער אים אַוועקגעגעבן זיין זייגער. אַזוי האָט דער הייליקער, געבענטש איז ער, געזאָגט: ביז איצט איז דער חשבון חדשים און יאָרן געווען ביי מיר. פון היינט אָן און ווייטער — הרי הן מסורין בידכם — זיינען זיי איבערגעענטפערט אין אייער האַנט... (ילקוט שמעוני)

דאָס אידישע פאָלק איז געוואָרן דער בעל הבית איבער דער צייט. פעלקער קענען אַלט ווערן דורך דער צייט. מאַנכע קענען פאַרדאַרט און פאַרוועלקט ווערן, אָבער ניט דאָס אידיש פאָלק, וואָס איז איבער רוים און איבער צייט...

דעריבער איז דער חודש ניסן ביי אונז דער ערשטער, ווייל מיט אים הויבט זיך אָן אונזער אומאָפּהענגיקייט פון דרויסנדיקע כחות... מיר זיינען געוואָרן פריי און שעפעריש אינערלעך און בעלי בתים איבער אונזער לעבן, ווייל מ י ט אונז און א י ן אונז איז אויך ג—ט, כביכול, באַפרייט געוואָרן דורך יציאת מצרים...

„החדש הזה לכם" — לי ולכם היא הגאולה... כביכול, אני נפדיתי עמכם (שמות רבה, פ' ט"ו). — ג—ט זאָגט: די גאולה איז פאַר מיר און פאַר אייך, כביכול, איך בין אויסגעלייזט געוואָרן מיט אייך צוזאַמען...

ווארום כל זמן דער מענש ווערט געטראָטן, געפייניקט און באַליידיקט פון אַנדערע מענשן, כל זמן אין לאַנד הערשן טיראַנען און בלוט־פאַרגיסער, דאַן איז ג—ט כביכול, צווישן די באַליידיקטע און געפייניקטע... ווייל ג—ט, ווי דאָס אידנטום פאַסט אויף אים אויף, איז תמיד מיט די נרדפים און ניט מיט די רודפים, תמיד מיט די פאַרפאָלגטע...

זאָגט ר' יהודה ב"ר סימון אין נאָמען פון ר' נהוראי: „לעולם הקדוש ברוך הוא תובע דמם של נרדפים מן הרודפים" — דער הייליקער, געבענטש איז ער, מאָנט תמיד אויף דאָס בלוט פון די פאַרפאָלגטע פון די פאַרפאָלגער (ויקרא רבה, פ' כ"ז).

און דאָס גיט אונז מוט און האָפענונג אין דעם היינטיקן שווערן און בלוטיקן קאַמף פון דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער מענשהייט קעגן די פאַשיסטישע און נאַציסטישע טיראַנען, אַז מיר וועלן ענדלעך דאָך זיגן, ווייל ג—ט איז אויף דער זייט פון די פאַרפאָלגטע...

ווי ווייט דער חודש ניסן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פון אונזערע חכמים, אַלס דער שליסל צו דעם גאַנצן וועלט־באַשאַף צוליב זיין פאַסירונג פון יציאת מצרים, קען מען זען פון דער פאָלגנדיקער אינטערעסאַנטער אגדה:

אמר ר׳ יצחק: לא היה צריך להתחיל את התורה אלא „מהחדש הזה לכם״ — האָט ר׳ יצחק געזאָגט: אייגנטלעך האָט זיך די תורה געדאַרפט אָנהויבן פון דעם פסוק „החדש הזה לכם״, און פאַרוואָס האָט ער אָנגעהויבן פון „בראשית״, ווייל „כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים״ — דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט אָנגעהויבן די תורה פון מעשה בראשית, כדי צו דערציילן זיין פאָלק דעם כח פון זיינע מעשים, צו באַווייזן, אַז ער איז דער וועלט־באַשאַפער און דער בעל הבית פון דער יצירה און אַזוי אַרום צו באַשטעטיקן, אַז די נחלה וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן דעם אידישן פאָלק, איז פאַר אַלע אייביקייטן . . . (תנחומא)

דער „החדש הזה לכם״ ווערט, אַלזאָ, אין זיין וויכטיקייט גלייכגעשטעלט מיט „בראשית״, „אויב ניט נאָך העכער״ . . . און דאָס אַלץ צוליב דער וועלט־היסטאָרישער פאַסירונג פון יציאת מצרים . . .

דעריבער איז דער חודש ניסן, דער זוניקער פרייהייט־חודש. ווען די גאַנצע נאַטור הויבט אָן צו קומען צום לעבן: ווען אַלע שעפערישע כחות אונטער דער ערד ווערן פריי; ווען דער הימל ווערט קלאָרער און בלאָהער און די זון־שטראַלן אנגענעמער און וואַרימער און זיסע, מילדע ווינטעלעך גלעטן בוים און פעלד, מענש און חיה — דאַן ברענגט אונז אויך דער חודש ניסן די פרוכטבאַרע פרייהייט־זאָמען פאַר מענש און פאָלק . . .

דעריבער האָבן אונזערע חכמים געזאָגט: „בניסן נגאלו ובניסן עתידים להגאל״ . . .

# בשלח

## דער „ויהי״ פון „בשלח׳׳ אין אַ ווארנונג צו די היינטיקע פרעה׳ס. — די שירה ביים ים. — אונזער ערשטע נאַציאָנאַלע פרייהייט־הימנע צו ג—ט. — דער טאַנץ פון די אידישע מוטערס—וואָס אידן האָבן „געזען״ ביים ים.

„ויהי בשלח פרעה״ — מי צווח וי? פרעה . . .

אמר ר׳ לוי: משל לאחד שהיה לו שדה והיה בה גל של צרורות. עמד ומכרה לאחר. עמד אותו האיש שקנאה והעביר את הגל מתוכה ומצא תחתיו מים חיים; נטעה גפנים, עשאה שורות־שורות; נטע בה כל מיני בשמים וגו . . . עבר עליה אותו האיש שמכרה, ראה אותה מלאה כל טוב, אמר: אוי לי שכך מכרתי, אוי לי שכך הוצאתי מידי! כך היו ישראל במצרים וגו׳.

דבר אחר: „ויהי בשלח פרעה״ — מי אמר „וי״ — משה.

(שם).

דרש ר׳ יוסי הגללי: בשעה שעלו ישראל מן הים נתנו עיניהם לומר שירה. וכיצד אמרו שירה? עולל מוטל על ברכי אמו ותינוק יונק משדי אמו, כיון שראו את השכינה — עולל הגביה צוארו ותינוק שמט דד אמו מפיו ואמרו: „זה אלי ואנוהו״.

תניא, היה רבי מאיר אומר: אפילו עוברים שבמעי אמם אמרו שירה.

(סוטה ל׳).

„כי יד על כס יה״ — ר׳ לוי בשם ר׳ חמא בר חנינא אמר כל זמן שזרעו של עמלק בעולם, לא השם שלם ולא חכם שלם; אבד זרעו של עמלק מן העולם חכם שלם והשם שלם.

(תנחומא הקדום, תצא).

„אז ישיר משה ובני ישראל״ . . .

ערשטן דאָן, נאָך דער קאָסמישער וואונדער־סצענע ביים ים, וואָס האָט פאַרענדיקט דעם פּראָצעס פון יציאת מצרים, האָבן משה און די אידן, דער גואל און די גאולים, אויסגעדריקט זייער פרייד איבער זייער געוואונענער פרייהייט אין אַ הערלעכער הימנע צו ג—ט . . .

און צום ערשטן מאָל אין דער וועלט־געשיכטע האָט אַ באַפרייט פאָלק אויס־געזונגען אַ פרייהייט־ליד פון גבורה און נצחון פאַר אַלע פאַרשקלאַפטע און אונטער־

דריקטע, און אַ געזאַנג פון נקמה צו אַלע טיראַנען און פאָלקס־באַדריקער פון אַלע צייטן, וואָרנענדיק זיי, די בלוטיקע הרעשער, אַז זיי האָבן קיין פלאַץ ניט אונטער דער ליכטיקער זון, אַז זיי וועלן מוזן גיין דעם וועג וואָס זייער פאַרגאַנגער פרעה איז געגאַנגען — אין די טיפענישן פון פינסטערן ים . . .

אין יענעם וואונדערלעכן טאָג, ווען דער ים האָט זיך געשפּאָלטן און מיט גרויס יראת הכבוד געמאַכט אַ וואָרע פאַר דעם באַפרייטן אידישן פאָלק, וואָס איז אַרויס אויף זיין היסטאָרישן וועג, צו פּראָקלאַמירן אַ נייע תורה, אַ וועלט־ און מענש־דערלייזנדיקע תורה, אַ רעוואָלוציאָנערע תורה פון אַ פאָלק, וואָס איז פון זיין ג—ט אין אַ שרעקלעכער שקלאַפעריי געוואָרפן געוואָרן, כדי עס זאָל וויסן דעם ביטערן טעם פון עלנטן, פון פרעמדן, אונטערדריקטן און באַליידיקטן, און כדי אין זיינע בלוטן זאָל גליהען דער עטישער און שעפערישער אומרו פאַר פרייהייט און מענשלעכער דערהויבנקייט — אין יענעם זוניקן טאָג, ווען פרעה, ווי אַלע טיראַנען און פאָלקס־באַדריקער, איז פון זיין אייגענער פאַרהאַרטעוועטער שלעכטסקייט דערפירט געוואָרן צו זיין אייגענער מפּלה — האָבן אידן דערזען דעם נצח ישראל אין זיין גאַנצער אַלמאַכט און שענקייט . . . זיי האָבן דערזען איבער זיך די אויסשטראַלונג פון דעם כתר . . . און אין זיך די גבורה שבתפארת און דעם סוד שבנצח . . . אַז קיין קראַפט אין דער וועלט, אפילו די נאַטור אַליין, איז ניט בכח זיי צו פאַרניכטן.

און נאָך מער האָבן זיי געזען . . .

לויט אונזערע בעלי אגדה פון תלמוד און מדרש, איז ביי דער קריעת ים־סוף סצענע געווען אַזאַ התגלות, אַז יעדער איינער האָט געקענט אַריינבליקן אין די מיסטעריעס פון מעשה בראשית און מעשה מרכבה . . .

„וואָס אַ פּראָסטע דינסטמויד האָט געזען ביים ים, האָט ניט געזען יחזקאל ביים טייך כבר" — אַזוי באַשרייבן די חכמים, אונזערע רעליגיעזע דיכטער־דענקער, די „העל־זעהערישקייט", מיט וועלכער די אידן זיינען געבענשט געוואָרן ביים מאָמענט פון בקיעת ים־סוף . . .

די אידן האָבן דאַן דערזען די שטאַרקע האַנט פון זייער אַלמעכטיקן אייביקן שותף אינ'ם קאַמף קעגן זייערע פינסטערע שונאים, וועלכע זיינען תמיד אויך די שונאים פון דער גאַנצער מענשהייט . . .

און אַ טיפער גלויבן אין ג—ט און אין זיין שליח, דעם גרעסטן נביא און געטרייסטן פירער, משה בן עמרם, האָט זיך דערוועקט אין זייערע זינגענדיקע הערצער:

„ויאמינו בד' ובמשה עבדו!"

און צום ערשטן מאָל נאָך אַזוי פיל פינסטערע, ביטערע יאָרן פון צער און אונטערדריקונג, פון אומעט און פיין, פון יסורים און געוויין, האָט דאָס אידיש פאָלק זיך פאַנאַנדערגעזונגען אין אַ פריילעכער, הערלעכער און הייליקער הימנע צו זיין ג—ט, דעם ג—ט פון אַלע אונטערדריקטע און באַליידיקטע און קעמפער קעגן אַלע טיראַנען און פאָלקס־פיינט . . .

און דאָס געזאַנג איז געווען פאַר אַלע צייטן, אַ שירה לדורות . . . און די תורה האָט טאַקע אַזוי באַדייטפול געשריבן „אז ישיר״ — דאַן וועט ער זינגען לעתיד און ניט „אז שר״, ער האָט דאַן געזונגען, ווי עס האָט אייגנטלעך געדאַרפט שטיין.

דער גרויסער תנא רבי מאיר האָט טאַקע פון אָט דעם לשון עתיד אין דעם „אז ישיר״ געדרונגען, אַז תחית המתים איז מן התורה, ווי ער זאָגט דאָרט: מניין לתחית המתים מן התורה שנאמר „אז ישיר משה״ — „שר״ לא נאמר, אלא „ישיר״. (סנהדרין צ״א)

יאָ, די שירהביים ים איז געווען אַ געזאַנג פאַר פעלקער, וואָס זיינען שוין געווען פאַררעכנט פאַר טויט און זיינען דערנאָך אויפגעשטאַנען תחית המתים . . . אַ נצחון־ליד פאַר אַלע אָרימע און הילפלאָזע, אַ פרייהייט־ליד פאַר אַלע פאַרשקלאַפטע און אונטערדריקטע פעלקער, וועלכע וועלן דאָך ענדלעך באַפרייט ווערן, ווארום אויב ניט, וואָלט די שירה פון משה רבנו און די אידן געבליבן אַ „שירה יתומה״, אַ פאַר־יתומ׳ט ליד . . . עס וואָלט דאָך ניט געווען קיין האָפענונג, חלילה, פאַר דעם אי־דישן פאָלק, וואָס דאַרף נאָך דורכמאַכן פאַרשידענע גלות׳ן, און פאַר אַנדערע פעל־קער, וועלכע וועלן דאַרפן נאָך קעמפן פאַר זייער פרייהייט אין פאַרשידענע צייטן ביז דער אידישער ג—ט־געדאַנק וועט באַצווינגען די גאַנצע וועלט . . .

אָט דאָס איז דער געדאַנק אין דער סימבאָליש־בילדערישער אגדה פון דער גמרא, אַז אַ קינד אין דעם שויס פון זיין מוטער און אַ וויגלינג ביי זיין מוטער׳ס ברוסט האָבן געזונגען שירה . . . און דער תנא רבי מאיר וויל האָבן, אַז אפילו „עוברים שבמעי אמס״ — קינדער וואָס זיינען נאָך געלעגן אין זייער מוטער׳ס לייב, האָבן געזאָגט שירה . . . פרעגט די גמרא: „והא לא חזו?״ זיי האָבן דאָך ניט געזען — ענט־פערט ר׳ תנחום „כרס נעשה להם כאספקלריא המאירה וחזו״ — זייער מוטער׳ס לייב איז זיי געוואָרן ווי אַ ליכטיקער שפיגל און זיי האָבן אַלץ געזען . . . (סוטה ל׳)

אָט אַזוי האָבן אידן דאַן געזאָגט שירה . . . דורך זייערע קינדער, דורך זייערע עופה׳לעך און דורך די צוקונפטיקע דורות, וואָס דאַרפן נאָך געבאָרן ווערן. אַזעלכע העלזעהערישע וויזיעס האָבן אידן באַקומען ביים ים . . .

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דאָס אידיש פאָלקס־געמיט איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט אמונה און בטחון פאַר אַלע צייטן, און וואו עס איז דאָ אמונה — אַ דינאַמישער, אַ לעבעדיקער, אַ שפרודלדיקער ג—ט־גלויבן, דאָרט מוז זיין גע־זאַנג, דאָרט איז דאָ שמחה, חדוה, שירה . . . ווארום וואו עס איז דאָ אַ „ויאמינו בד׳״ מוז אויך זיין „אז ישיר״ . . .

און „דערזעענדיק״ די גרויסע צוקונפט פון אידישן פאָלק, האָבן די אידישע פרויען, די מוטערס פון אונזערע צוקונפטיקע דורות, וועלכע וועלן נאָך דורכגיין פאַר־שידענע רדיפות און פאַרפאָלגונגען, באַגלייט דעם געזאַנג, אונטער דער אָנפירערשאַפט

פון מרים הנבואה, מיט פריילעכע פאָלקס־טענץ און פויקן־געקלאַנג, אונטערזינ־גענדיק דעם רעפריין:

„שירו לד׳ כי גאה גאה,
סוס ורוכבו רמה בים" —
זינגט אַ ליד צו ג—ט,
ווארום גרויסן האָט ער געגרויסט,
פרעה׳ס פערד און זיין רייטוואָגן
האָט ער געשליידערט אין ים! . . .

ג—ט האָט דערקלערט, אַז עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ אונטער דער זון פאַר פינסטערע טיראַנען, פאַר פרעה׳ס, המנ׳ס און היטלערס . . . זייער פּלאַץ איז אונ־טער די כוואַליעס פון ים . . .

און נאָך אַ זאַך האָט ג—ט באַוויזן, אַז ער איז אַ „איש מלחמה" — אַ קריגס־פירער קעגן די פרעה׳ס און היטלערס, אַז ער איז אַן „אל קנא ונוקם" קעגן טיראַנען, ניט קוקנדיק, וואָס ער איז דער „אל רחום וחנון" . . .

*****

די וואונדער־סצענע ביים ים האָט אָנגעצונדן די פאַנטאַזיעס פון אונזערע בעלי אגדה, וועלכע האָבן, ווי זייער שטייגער איז, אַריינגעפלאָכטן אין איר אַ גאַנצע וועלט פון הערלעכע פּאָעטישע און מיסטישע בילדער און געדאַנקען, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם אידישן פאָלקס־כאַראַקטער און דעם היסטאָרישן גורל פונ׳ם אידנטום.

דער מדרש (שמות רבה, פ׳ כ׳) שטעלט זיך אויף דעם ערשטן וואָרט פון דער סדרה „בשלח", וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ „ויהי" — ויהי בשלח פרעה — און, ווי באַקאַנט, איז ביי אונזערע בעלי מדרש פאַראַנען אַן אַלטע מסורה, אַז וואו עס שטייט אין תנ"ך „ויהי", איז דאָס פאַרבונדן מיט עפּעס אַ צרה, און וואו עס שטייט „והיה", האָט עס צו טאָן מיט עפּעס אַ שמחה (זע בראשית רבה, פ׳ מ"ב).

פרעגט דער מדרש:

„ויהי בשלח פרעה" מי צווח „וי", ווער האָט דאָ געשריען ווײ־מיר־ניט־געשען? און דער מדרש גייט דאָ אַוועק אין אַ גאַנצער ריי פון גייסטרייכע אַנווייַ־זונגען, פאַר וועמען דער „ויהי" מיינט עפּעס אַן אומגליק.

קודם כל, זאָגט דער מדרש, האָט פרעה געשריען „געוואַלט" ווען ער האָט אַרויסגעשיקט די אידן. ער האָט דערזען די גרויסע אבידה, וואָס ער האָט פאַר־לאָרן . . . דעם טייערן אוצר, וואָס ער האָט אַליין אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט . . .

„זאָגט ר׳ לוי: דאָס איז אַ משל צו איינעם וואָס האָט געהאַט אַ פעלד, איז עס געווען פאַרלאָזט און פאַרדאַרט, און אַ באַרג מיט שטיינער איז דאָרט געלעגן. האָט ער דאָס פעלד פאַרקויפט צו אַן אַנדערן. האָט דער קויפער זיך גענומען באַאַרבעטן דאָס פעלד, האָט ער פריער אָפּגעראַמט דעם באַרג מיט שמוץ. האָט ער אונטער דעם באַרג געפונען אַ קוואַל מיט פרישע לעבעדיקע וואַסער. האָט ער פאַרפלאַנצט אַ ווייגאָרטן, וועלכן ער האָט איינגעאָרדענט אין גאַנצע רייען. דערנאָך האָט ער פאַרפלאַנצט שמעקנדיקע בלומען און בשמים. דאַן האָט ער אויפגעבויט אַ פּראַכטיקן טורעם און דאָרטן אַריינגעזעצט אַ וועכטער, וואָס זאָל אויפּפּאַסן אויף דעם שיינעם בליענדיקן ווייגאָרטן. יעדער איינער, וואָס פלעגט פאַרבייגיין דעם גאָרטן, האָט זיך ניט געקענט געגוג אַנלויבן פון זיין שענקייט און בליהונג.

„איז איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען דער געוועזענער בעל הבית און האָט דערזען ווי דאָס פעלד, וואָס ער האָט אויסגעבראַקירט, איז פול מיט כל טוב, האָט ער אויסגעשריען: „אוי לי שכך מכרתי" — ווי איז מיר, וואָס אַזעלכעס האָב איך פאַרקויפט! ווי מיר וואָס אַזעלכעס האָב איך אַרויסגעלאָזן פון מיינע הענט!

„כך, אַזוי זיינען געווען די אידן אין מצרים. אַ באַרג מיט שטיינער האָט פאַרדעקט דעם שעפּרישן קוואַל, וואָס האָט אין זיי געשפּרודלט און אַזוי שנעל ווי זיי זיינען אַרויס פון דאָרטן, האָבן זיי זיך צעבליט אין אַ הערלעכן גאָרטן פון ווייטרויבן, מילגרוימען און פּראַכטפולע בלומען, מיט וועלכע יעדער איינער, וואָס איז געקומען אין באַריר מיט זיי, האָט זיך מחיה געווען. ווען פרעה האָט עס דערזען, האָט ער אָנגעהויבן שרייען: ווי צו דעם מאַן, וואָס האָט אַזעלכעס אַרויסגעלאָזן פון זיינע הענט! דעריבער שטייט „ויהי בשלח פרעה" . . ."

דער מדרש מיינט דאָ ניט דוקא פרעה׳ן, נאָר אַלע טיראַנען, רשעים־הערשער און אַרויסטרייבער פון אידן אין דער געשיכטע . . . די אַלע המן׳ס פון פערזיע, די פערדינאַנדס און איזאַבעלאַס פון שפּאַניע, די היינטיקע היטלערס פון דייטשלאַנד און די מוסאָליניס פון איטאַליע . . . זיי האָבן ניט געזען און זעען אויך היינט ניט די גרויסע קרעאַטיווע כחות אין דעם אידישן פאָלק, וואָס האָט באַרייכערט זייערע לענדער אויף אַלע געביטן פון לעבן. זיי, די אידישע שונאים, זעען אין דעם אידן אַ „גל של צרורות", אַ באַרג פון שערבלעך און אַלטע טראַנטעס . . . זיי ווייסן ניט, אַז אונטער דעם באַרג געפינט זיך אַ קוואַל פון פרישע, לעבעדיקע וואַסערן, וואָס קענען באַלעבן, באַפרוכפּערן און דערקוויקן די לענדער, וואו זיי געפינען זיך.

שרייט טאַקע היינט שפּאַניע: „אוי לי שכך הוצאתי מידי!" — ווי אונז, וואָס מיר האָבן אַרויסגעטריבן די אידן! ווען די אידן זיינען געווען מיט אונז, האָבן מיר געבליט און געוואַקסן. מיר זיינען געווען די גרעסטע וועלט־מאַכט, און היינט זיינען מיר איינגעדאַרט און פאַראָרימט געוואָרן, עפּעס אַזוי ווי די געשיכטע, אָדער די השגחה, אויב איר ווילט, וואָלט געקומען נעמען נקמה פון שפּאַניען פאַר דעם אידישן פאָלק . . .

און דאָס זעלביקע וועט אויך שרייען דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך געלאָזן פאַר־פירן פון אַזאַ טיװולשן רוצח, היטלער וכת דיליה, ימח שמם, ווען דייטשלאַנד וועט ווערן יודן־ריין. זיי וועלן זיך בייסן די נעגל און שרייען „ווי, ווי״,ווי פרעה בשעתו, אָבער עס וועט שוין זיין צו שפּעט . . .

„דבר אחר״ — זאָגט דער מדרש — „ויהי בשלח פרעה — מי אמר וי ? משה״.

דער „ויהי״ פון „בשלח פרעה״ אַנטהאַלט דעם טרויער פון משה רבנו, וועל־כער האָט מיט אַזוי פיל מסירות נפש און גאולה־יסורים אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים, און ער האָט דערזען מיט רוח הקודש, אַז ער וועט ניט האָבן די זכיה זיי אַריינ־צופירן אין ארץ ישראל — האָט ער געשריען „וי וי״ — ווי געשריען, וואָס איך, זייער גואל, וועל ניט קענען דערלעבן אַביסל נחת פון מיין פאָלק אויף זיין אייגן לאַנד . . .

דער געדאַנק דערפון איז, אַז דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן האָט דאָ ניט באַווײנט זיין פערזענלעכן גורל, נאָר דעם טראַגישן שיקזאַל פון אַלע גואלים און פאָלקס־באַפרייער, וועלכע קעמפן פאַר דעם גליק פון דער מענשהייט, און ווען דאָס גליק קומט שוין, איז „ושמה לא תבוא !״ זיי אַליין איז פאַרבאָטן צו געניסן די פרייד פון זייער הייליקער, יסורים׳דיקער אַרבעט, צו וועלכער זיי האָבן זייער לעבן געווידמעט.

און אפשר האָט די תורה דאָ אָנגעוואונקען מיט דעם גורל׳דיקן „ויהי״, אַז מיט פרעה׳ס בשלח האָבן זיך ניט געענדיקט די „בשלח׳ס״ פון דער געשיכטע . . . די אידן זיינען נאָך ניט באַפרייט געוואָרן פאַר אַלע אייביקייטן. עס שטייט זיי נאָך פאַר שווערע און ביטערע קאַמפן אויף דער וועלט . . . פרעה איז טאַקע אומגעקומען, אָבער עס וואַרטן נאָך זיינע יורשים, וואָס ווילן אומברענגען דאָס אידיש פאָלק . . . אָט וואַרט דאָרט עמלק ביי רפידים . . . און זיינע אייניקלעך וואַרטן אין אשור, אין בבל, אין פערזיע, אין שפּאַניע און גרמניה . . .

דעריבער הויבט אָן די תורה מיט „ויהי בשלח פרעה״ און שליסט די סדרה מיט דער נחמה׳דיקער פאַרזיכערונג : „כי יד על כס יה מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור״. ג—ט האָט געהויבן זיין האַנט מיט דער שבועה פון אַן אייביקער מלחמה מיט די עמלקים פון דור צו דור . . .

ווייסן מיר טאַקע, וואָס דער סוף פון אָט דעם קאַמף פון ג—ט מיט עמלק׳ן וועט זיין, און ווער עס וועט מנצח זיין אין אָט דער מלחמה קעגן דעם ערגסטן טיראַן פון דער געשיכטע, היטלער הרשע . . .

„כי יד על כס יה״ — ר׳ לוי בשם ר׳ חמא בר חנינא אמר : כל זמן שזרעו של עמלק בעולם — לא השם ולא הכס שלם ; אבד זרעו של עמלק מן העולם, הכס שלם והשם שלם (תנחומא הקדום, תצא).

כל זמן עס לעבן נאָך די קינדער פון עמלק׳ן אויף דער וועלט, איז ג—ט׳ס טראָן ניט גאַנץ — פון „כסא״ ווערט „כס״ אָן דעם אַלף און אויך ג—ט׳ס נאָמען איז ניט גאַנץ — פון דעם שם הויה ווערט „יה״ . . . דעריבער מוז דאָס געדעכעניש פון עמלק׳ן אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד און ערשט דאַן וועט ג—ט׳ס טראָן זיין גאַנץ און זיין נאָמען וועט זיין גאַנץ . . .

דעריבער, מיינע ליבע אידן, דאַרפן מיר ניט פאַרצווייפלט ווערן אין אונזער היינטיקן בלוטיקן קלעם. מיר מוזן, מיט אמונה און בטחון, אָנפירן אונזער קאַמף קעגן די היינטיקע עמלקים, ביז זיי וועלן אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד . . . אונזער קאַמף איז אַ געוואונענער, ווארום מיר האָבן אַן אַלמעכטיקן אייביקן שותף שהגבורה שלו, און ער האָט געשוואָרן ביי זיין טראָן און ביי זיין נאָמען: „כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים״ און ווען אָט די שבועה וועט דערפילט ווערן, וועט מען דאַן ערשט זינגען דעם אמת׳ן „אז ישיר״ ניט נאָר ביי אונדז אידן, נאָר ביי דער גאַנצער מענשהייט . . .

# יתרו

## דאס פייער פון באַרג סיני ברענט נאך אינ׳ם אידנטום און יעדער איינער „זעט די קולות״ פון „אנכי״ לויט זיינע גייסטיקע כחות. — דער פראַקטישער „נעשה״ וואָס איז געקומען פאַר דעם טעאָרעטישן „נשמע״.

„וישמע יתרו״ — מה שמועה שמע ובא ונתגייר? ר׳ יהושע אומר: מלחמת עמלק שמע. ר׳ אליעזר המודעי אומר: מתן תורה שמע. שכשנתנה תורה לישראל היה קולו הולך מסוף העולם ועד סופו וכל מלכי עכו״ם אחזתן רעדה בהיכליהן ואמרו שירה . . .

(זבחים קט״ז).

מאי „הר סיני״ — שירדה שנאה לעובדי כוכבים עליו. ולמה נקרא „הר חורב״? שירדה חורבה לעובדי כוכבים עליו...

(שבת פ״ט).

„ויחנו במדבר״ — מפני מה נתנה תורה במדבר? שלא להטיל מחלוקת בין השבטים שלא יהא זה אומר: בארצי נתנה וזה אומר: בארצי נתנה, לפיכך נתנה תורה במדבר דימוס בפרהסיא, במקום הפקר.

(ילקוט שמעוני).

שאלו נתנה בארץ ישראל, היו אומרים לאומות העולם: אין להם חלק בה, לפיכך נתנה דימוס פרהסיא במקום הפקר שכל העולם אין להם חלק בה. שכל הרוצה לקבל יבא ויקבל.

(מכילתא).

אמר ר׳ אלעזר: בשעה שהקדימו ישראל „נעשה״ „לנשמע״ יצתא בת־קול אומרה: מי גילה לבני רז זה שמלאכי השרת משתמשין בו? דכתיב: „ברכו ד׳ מלאכיו גבורי כח עושי דברו לשמוע בקול דברו״ — ברישא ע ו ש י והדר ל ש מ ו ע.

(שבת פ״ח).

„ומי כל בשר אשר שמע קול אלקים חיים מדבר מתוך האש״ וכ״ו — בוא וראה היאך הקול יוצא אצל כל ישראל כל אחד ואחד לפי כחו: הזקנים לפי כחם, הבחורים לפי כחם, הקטנים לפי כחם והנשים לפי כחן.

(שמות רבה פ׳ ה׳).

הר סיני! קבלת התורה! . . .

א נ כ י ! . . .

וואָס פאַר אַ גייסטיקע דערהויבונג, וואָס פאַר אַן איבערמענשלעכע איבער־לעבונג אין דעם געמיט פון אַ פאָלק, וואָס איז ערשט פון אַ פינסטערער פאַרקנעכטונג באַפרייט געוואָרן!

פון פתום און רעמסס צום באַרג סיני!

פון אַ שקלאַפנפאָלק צו אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש! . . .

וואָס פאַר אַ קפיצת הדרך! וואָס פאַר אַ ריזיגער פלי צו די העכסטע הויכן מיט דעם כח פון שם המפורש! . . .

שוין איבער דריי טויזנט יאָר, ווי אונזערע עלטערן האָבן זיך גע׳טובל׳ט אין קדושה ביים באַרג סיני, וואו זיי האָבן „געזען די קולות” פון דער נשמה פון דער יצירה, פון דער האַרץ פון דער וועלט — יענע קאָסמישע שטים פון דעם „אנכי”, וואָס האָט דורכגעבליצט דעם אויר העולם מיט די אייביקע, מענש־ און פאָלק־באַפרייענדיקע צען געבאָטן, וואָס זענען די יסודות פון אַ פריי און גליקלעך לעבן צווישן מענש און מענש און צווישן פאָלק און פאָלק — און נאָך עד היום איז יענע קאָסמישע וואונדער־סצענע ביים באַרג סיני איינגעקריצט אין יעדן אידנ׳ס נשמה, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט פון אים אַליין . . .

דער באַרג סיני איז ניט נאָר געווען אַ ווענד־פונקט אינ׳ם לעבן פון אידישן פאָלק, וואָס האָט באַשטימט זיין קולטור־היסטאָרישן מאַרשרוט, נאָר אויך אַ נייע אויפטרייסלענדיקע עפּאָכע פאַר אַלע פעלקער, וועלכע זיינען, קעגן זייער ווילן, באַ־ווירקט געוואָרן פון זיין תורה . . .

פון דעם באַרג סיני הויבט זיך אָן דער קאַמף פונ׳ם אידנטום מיט די פּאַגאַ־נישע קולטורן פון די פעלקער.

פון דעם באַרג סיני איז אַרויס דאָס פייער, וואָס האָט געבראַכט אַ חורבן צו דעם געצנדינסט און וועט אַזוי לאַנג ברענען ביז אַלע געצנדינער וועלן פאַרצערט און אָפּגעווישט ווערן פון דער וועלט.

„מאי הר סיני?” — פרעגט די גמרא (שבת פ״ט) — „שירדה שנאה לעובדי כוכבים עליו” — די גמרא געברויכט דאָ דעם וואָרטשפּיל „סיני־שנאה” אַרויסצוברענגען אַ טיפן קולטור־היסטאָרישן געדאַנק. דערקלערנדיק די הויפּט־סיבה פון דעם אידנ־האַס אין אַלע צייטן. אויף דעם באַרג סיני איז אַרונטערגעקומען די שנאה פון די געצנדינער.

און דעריבער ווערט דער באַרג סיני אויך אָנגערופן „הר חורב” — „שירדה חורבה לעובדי כוכבים עליו” ווייל אויף אים איז אַראָפּגעקומען אַ חורבן אויף אַלע געצנדינער (דאָרטן).

און שויןביים אָנהויב פון דער סדרה „ויתרו״, וואָס איז געבענשט מיט דער סצענע פון מתן תורה, האָבן אונזערע בעלי אגדה דערהערט דעם עכאָ פון דעם היס־טאָרישן וועלט־קאַמף צווישן דעם אידנטום און דער פּאַגאַנישער וועלט, פּאָראויס־זאָגנדיק דעם נצחון פון דעם אידנטום.

„וישמע יתרו כהן מדין״ — פרעגט די גמרא: מה שמועה שמע ובא ונתגייר? — וואָס האָט יתרו, דער פּריסטער פון פּאַגאַנישן מדין דערהערט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים געמאַכט קומען און זיך מגייר זיין? — זאָגט ר׳ יהושע: ער האָט דערהערט די נייעס פון דער מלחמת עמלק . . . ווי די אידן האָבן באַזיגט אַזאַ שטאַרקן באַ־וואָפנטן שונא מיט דעם כח פון משה רבנו׳ס תפלה. יתרו האָט דערזען דעם סוד פון דער אידישער אומבאַזיגבאַרער גבורה . . .

זאָגט ר׳ אלעזר המודעי: יתרו האָט דערהערט די נייעס פון מתן־תורה, ווארום ווען די תורה איז געגעבן געוואָרן, איז די גאַנצע וועלט אויפגעשטורעמט גע־וואָרן. ז י י ן קול איז דערהערט געוואָרן פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן, און אַלע מלכים פון די געצנדינער איז באַפאַלן אַ שרעק אין זייערע פּאַלאַצן. די קרוינען פון די פּאַגאַנישע הערשער האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן אויף זייערע קעפּ, ווארום אַ נייע וועלט־אָרדענונג, באַזירט אויף יושר און צדק, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן . . . און זיי, די טיראַנען און מלחמה־פירער, האָבן אַזוי לאַנג געציטערט, ביז זיי האָבן דעם קאַמף קעגן די אידישע אידעאַלן אויפגעגעבן „ואמרו שירה״, און זיי האָבן גע־זונגען אַ הימנע צו דער תורה (זבחים קט״ז).

דאָס איז, נאַטירלעך, אַ נבואה פאַר אחרית הימים, ווען עס וועט זיין „ומלאה כל הארץ דעת ד׳ כמים לים מכסים״ — ביז יענער צייט זיינען בלויז די חסידי אומות העולם, די „יתרוס״, וואָס דערהערן דעם קול פון באַרג סיני, ניט קוקנדיק, וואָס דער קול האָט גערעדט אויך צו אַלע פעלקער . . .

ווארום, בעת דאָס אידיש פאָלק אַליין האָט געהאַט די זכיה צו שטיין ביים באַרג סיני און דורכלעבן אין זיין געמיט די וואונדער־סצענע פון קבלת־התורה, „זעענ־דיק״ די קולות, זאָגן אָבער אונזערע חכמים, אַז ג—ט האָט אויך גערעדט צו די אומות העולם, ווארום יעדער דיבור, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם הייליקן, געבענשט איז ער, איז איבערגעזעצט געוואָרן אין זיבעציק שפּראַכן — די לשונות פון די שבעים אומות.

זאָגט ר׳ יהושע בן לוי: דאָס איז געווען אַזוי ווי אַ מענש קלאַפּט אויף דער קאָוואַדלע און די פונקען ווערן צעשפּרונגען אַהער און אַהין אויף אַלע זייטן (שבת פ״ח).

די שיינע בילדערישע אגדה לאָזט אונז דאָ הערן, ערשטנס, דעם אוניווערסאַלן באַדייט פון דער תורה, אַז ג—ט האָט אויך גערעדט צו די אַנדערע פעלקער ביים באַרג סיני, און דוקא אויף זייערע לשונות, זיי זאָלן ניט האָבן קיין תירוץ, אַז זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון די עשרת הדברות . . .

צוויטנס, דריקט דאָ אויס דער פילאָזאָפישער תנא ר׳ יהושע בן לוי אַ שטיק קולטור־געשיכטע אין דעם משל פון דעם שמיד, וואָס קלאַפּט אויף דער קאָוואַדלע און די פונקען פליען זיך פאַנאַנדער אויף אַלע זייטן. ער ווייזט אונז, ווי אַזוי די אידישע תורה־קולטור האָט באַאיינפלוסט די אַנדערע פעלקער; ווי אַזוי די פונקען פון דעם אידנטום, וואָס האָט געשמידט זיינע אידעאַלן אין די „בתי היוצר לנשמת האומה״ זיינען זיך צעפלויגן איבער דער וועלט און אָנגעצונדן די פעלקער מיט זייער ליכט . . .

האָבן מאַנכע פעלקער, דורך זייערע דענקער און גייסטיקע פירער, דאָס ליכט באַגריסט און מקבל געווען די אידישע פונקען בסבר פנים יפות, אָבער אַנדערע האָבן געטראָמפּלט אויף זיי און געשפּיגן מיט האַס און גיפט אויף די ליכט־פאַרשפּרייטער . . .

דעם אוניווערסאַלן באַדייט פון דער אידישער תורה דרינגט דער מכילתא פון דעם פאַקט, וואָס די תורה איז געגעבן געוואָרן אין דעם מדבר אין אַ הפקר׳דיקן פלאַץ און ניט אין ארץ ישראל.

„שאלו נתנה בארץ ישראל היו אומרים לאומות העולם: אין להם חלק בה״ — ווען די תורה וואָלט געגעבן געוואָרן אין ארץ ישראל, וואָלטן די אידן געקענט זאָגן צו די פעלקער פון דער וועלט: איר האָט אין איר קיין חלק ניט . . . דעריבער איז זי געגעבן געוואָרן אין אַ הפקר־פּלאַץ, אין וועלכן קיינער האָט קיין חלק ניט, כדי יעדער, וואָס וויל איר אָננעמען, זאָל קומען און איר נעמען . . .

דער ילקוט שמעוני וויל האָבן, אַז דעריבער איז די תורה ניט געגעבן געוואָרן אין ארץ ישראל: דאָרטן וואָלט דאָך דאָס געמוזט זיין אויף אַ פּלאַץ, וואָס געהערט צו אַ באַשטימטן שבט, און יענער שבט וואָלט זיך גרויס געהאַלטן איבער די אַנדערע שבטים, זאָגנדיק: „בארצי נתנה״ — די תורה איז געגעבן געוואָרן אין מיין לאַנד . . . האָט די תורה זיך געוואָלט באַוואָרענען געגען דעם לאָקאַלן שאָוויניזם פון די שבטים און „לפיכך נתנה תורה במדבר דימוס בפרהסיא במקום הפקר (ילקוט שמעוני).

דער לויטערער עטישער ג—ט־באַגריף פון דעם אידנטום, וואָס לויכט ווי טויזנט זונען דורך אונזער גאַנצער תורה, געפינען מיר אין דער דערקלערונג פון דער גמרא, ווארום ג—ט האָט גראַדע אויסגעקליבן דעם קליינעם, נידעריקן באַרג סיני פאַר זיין התגלות.

האָט געזאָגט רב יוסף: תמיד דאַרף אַ מענש לערנען די מידות פון זיין באַשעפער, ווארום דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט איבערגעלאָזן אַלע הויכע בערג און באַרג־שפּיצן, און געלאָזט רוהען זיין שכינה אויף דעם פלאַכן באַרג סיני, און ער האָט איבערגעלאָזן אַלע הויכע ביימער און געמאַכט רוהען זיין שכינה אין דעם „סנה״, אין דעם דאָרן (סוטה ה׳).

ג—ט, וואָס זאָגט „כי לי כל הארץ״, האָט ניט אויסגעקליבן קיין הויכע ביימער און בליהענדיקע, קאָלירפולע פלאַנצן פאַר זיין התגלות צו משה רבנו, נאָר אין דעם נידעריקן, פאַרדאַרטן דאָרן, וואָס וואַלגערט זיך אין זאַמדיקן מדבר . . .

און ווען ער איז געקומען צו פּראָקלאַמירן זיין תורה פאַר דעם מענטשן, האָט ער ניט אויסגעקליבן די ריזיגע בערג פון דער וועלט, נאָר דעם נידעריקן באַרג סיני, וועלכער איז אפשר היינט פון די מדבר־זאַמדן אינגאַנצן פאַרשאָטן געוואָרן און מען וויסט ניט וואו ער געפינט זיך, אַזוי ווי משה רבנו׳ס קבר, וואָס ליגט ערגעץ אין אַ פאַרשאָטענעם מדבר אויף דער זייט ירדן . . .

אפשר איז דאָס טאַקע דער סוד, ווארום ג—ט האָט אויסגעקליבן צו מאַכן רוהען זיין שכינה אויף דעם עלנטסטן, פאַרפאַלגסטן און שוואַכסטן פאָלק אויף דער וועלט.

און פונקט ווי דער קליינער מדבר׳דיקער באַרג סיני האָט פאַרשטעלט און פאַרטונקלט אַלע הויכע בערג פון דער פאַגאַנישער וועלט, באַזיגנדיק די מעכטיקע קולטורן פון אָלימפּ און פּאַרנאַס, ווייל „ד׳ מסיני בא״, אַזוי אויך האָט דאָס פיזיש־שוואַך אידיש פאָלק איבערגעלעבט אַלע מעכטיקע און ריזיגע פעלקער, שעפּנדיק זיין אומבאַזיגבאַרע גבורה פון דעם באַרג סיני, וואו עס איז אויסגעשמידט געוואָרן דער אייביקער בונד פון „אוריתא וישראל וקודשא בריך הוא״ . . .

דורך די אייביקע אידעאַלן, וואָס זיינען מיט אַזוי פיל קדושה פּראָקלאַמירט געוואָרן מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק ביים באַרג סיני, זיינען מיר אומשטערבלעך געוואָרן, און דורך די זעלביקע אידעאַלן זיינען מיר באַרופן געוואָרן צו זיין אַן „אור לגוים״, צו טראָגן טריי און מיט מסירות־נפש דעם הייליקן פייער פון באַרג סיני צווישן די פעלקער. — — — — — — — — — — — —

**
*

און אויב עס זיינען פאַראַנען מאָדערנע, פּראַקטישע, פון מאַטעריאַליזם און מאַרקסיזם אויסגעקליגלטע אידן, וועלכע גלויבן ניט אין דער היסטאָריציטעט פון דער קאָסמישער פּאַסירונג ביים באַרג סיני, קענען זיי דאָך, אָבער, ניט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז אין דעם געמיט פון אידישן פאָלק לעבט און ברענט דאָס הייליק פייער פון באַרג סיני פאַר אַלע דורות. דאָס אַליין איז דאָך אַ שטיק רעאַליזם . . . דאָס אידיש פאָלק האָט דאָך פאַרט „געזען די קולות״ און זיך גע׳טובל׳ט אין אַ ים פון קדושה, פאַרנעמענדיק די ווערטער פון דעם „אנכי״, וואָס האָבן פאַרקלונגען דעם חלל העולם . . .

און דאָס אַליין איז גענוג צו קרוינען דעם אידישן פאָלק מיט דעם כתר פון קדושה, גבורה, הוד און תפארת, ווען עס האָט געקענט זען אין דעם זאַמדיקן, וויסטן מדבר פון דער אַלטער פאַגאַנישער וועלט, אַזעלכע פאַרגייסטיקטע, ליכטיקע וויזיעס ווי די אויסשטראַלונגען פון די עשרת הדברות פון זיין ג—ט . . .

אָט די היסטאָרישקייט קען דאָך קיינער ניט אָפּלייקענען. דער באַרג סיני לעבט אין דער פּסיכיק פון אידישן פאָלק פאַר אַלע דורות, און פאַר אַלע דורות האָבן די אידן זיך דערהויבן צו דער הויכער מדרגה ביים באַרג סיני, ווען זיי האָבן אויס־גערופן „נעשה ונשמע״ — דער מאָמענט, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק באַוואונדערט און באַזונגען פון אונזערע חכמים און בעלי אגדה פון תלמוד און מדרש.

אונזערע גרויסע רעליגיעזע דיכטער־דענקער, וועלכע האָבן אַריינגעבליקט אין דעם מהות פונ׳ם אידענטום, וואָס אַנטהאַלט דעם סוד פון נצח ישראל, האָבן אין דעם „נעשה קודם לנשמע" דערזען די אידישע נצחיות. דערמיט האָבן אונזערע חז״ל געוואָלט אָנווייזן, אַז די גבורה פון דעם אידענטום ליגט גראָדע אין דעם, וואָס דער „נעשה" איז פריער פאַר דעם „נשמע" . . .

דאָס אידנטום איז טאַקע אַ פילאָזאָפיע, אַ וועלט־אנשויאונג, אָבער זיין שטאַרקייט ליגט אין זיין פּראַקטישער לעבנספירונג, אין זיינע מצוות מעשיות, אין דער אָפּהיטונג פון זיינע טראַדיציעס, מנהגים און צערעמאָניעס, וועלכע אַנטהאַלטן זיין פילאָזאָפיע.

זאָגט ר׳ אלעזר: בשעת אידן האָבן מקדים געווען דעם „נעשה" פאַר דעם „נשמע", איז אַרויס אַ בת־קול און געזאָגט: ווער האָט אַנטפּלעקט צו מיינע קינדער דעם סוד, מיט וועלכן מלאכים באַנוצן זיך, וואָרום אויך די מלאכים זיינען „גבורי כח", ווייל זיי זיינען פריער „עושי דברו" און דערנאָך „לשמוע בקול דברו" . . .

און אויך די אידן זיינען „גבורי כח", ווייל זיי האָבן אַוועקגעשטעלט פריער דעם פּרינציפּ פון פּראַקטישער אידישקייט פאַר דער טעאָרעטישער, וואָרום „לא המדרש עיקר אלא המעשה" . . .

און די היינטיקע צוריקגעקומענע ראַדיקאַלן, וועלכע ווילן ווערן גוטע אידן, און זיינען זיך מפלפל וועגן דעם מהות פון אידישקייט, דאַרפן קודם כל זיך לערנען ביי אונזערע עלטערן, וועלכע האָבן צוערשט געזאָגט „נעשה" און נאָכדעם „נשמע" . . . זאָלן אונזערע היינטיקע בעלי־תשובה, וועלכע ווילן קומען צוריק צום באַרג סיני, אָנהויבן צו פּראַקטיצירן רעליגיעזע אידישקייט און דערנאָך מעגן זיי פילאָזאָפירן וועגן דעם „נשמע" . . .

וואָרום אין דעם „נעשה" זיינען מיר אַלע גלייך, אָבער אין דעם „נשמע" וואָס מיינט, דער אַבסטראַקטער באַגריף פון אידישקייט, קענען מיר שוין ניט זיין גלייך . . . אפילו די איבערלעבונג ביים באַרג סיני, האָט זיך ניט ביי אַלעמען גלייך איינגעשטעלט, און ניט אַלע האָבן געזען די קולות דורך דערזעלביקער גייסטיקער פּריזמע . . . יעדער איינער האָט עס געזען לפי כחו, לויט זיינע כחות און לויט זיין גייסטיקן כח הראיה . . .

דער גרעסטער און קלאָרסטער זעהער איז, באַטירלעך, געווען משה רבנו, וועלכער האָט אריינגעקוקט אין דער ג—טהייט, ווי אין אַן אספקלריה המאירה, ווי אין אַ ליכטיקן שפּיגל (יבמות מ״ט). אָבער ניט אַלע אידן שטייען אויף דער מדרגה פון דעם גרעסטן נביא. אפילו די גרויסע נביאים קענען זיך מיט אים ניט פאַרגלייכן. יעדער נביא האָט זיין סגנון, זיין אייגענעם סטיל און זיין אייגענעם כח הראיה . . .

און אַזוי אויך אונזערע חכמים, מקובלים, דענקער און דיכטער. זיי האָבן אַלע געזען דיזעלבע סצענע און איבערגעלעבט אינערלעך לויט זייערע אייגענע גייסטיקע כחות און השגות . . .

דער רמב״ם, למשל, האָט איבערגעלעבט די סצענע פון קבלת התורה אין זיין פילאָזאָפישן געמיט און דער אר״י הקדוש דורך זיין מיסטישן געמיט. דער בעש״ט האָט די קולות געזען אַנדערש ווי דער ווילנער גאון, און משה מענדעלזאָהן, ווידער, אַנדערש פון אחד העם. הרב קוק האָט געזען דורך גאַנץ אַנדערע גלעזער ווי א. ד. גורדון א. אַז. וו.

און דאָס פּראָסט פאָלק ווידער האָט אויך געזען, יעדער כפי כחו.

דאָס איז אָבער בלויז געווען אין די גראַדן פון כח השמיעה — וואָס אין העברעאיש מיינט עס פאַרשטיין, השגה, באַגרייפן — אָבער ניט אין דעם כח המעשה, אין דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון מצוות התורה, וואָס איז ביי אַלעמען גלייך . . .

דעריבער זיינען געקומען ששים רבוא מלאכים און אָנגעטאָן צוויי קרוינען יעדן אידן, ווען זיי האָבן מקדים געווען דעם „נעשה״ פאַר דעם „נשמע״, אָבער אַזוי שנעל ווי זיי האָבן געזינדיקט מיט דער „מעשה העגל״ איז דאָך ביי זיי דער „נעשה״ בטל געוואָרן, זיינען געקומען דיזעלביקע מלאכים און זיי אויסגעטאָן די קרוינען . . . (שבת פ״ח)

דעם „נעשה״ קומט די בכורה, ווייל אין זיין אָנווענדונג זיינען אַלע גלייך. אָבער דער „נשמע״ איז יעדער נאָך זיין כח נאָך.

„בא וראה היאך הקול יוצא אצל כל ישראל וכל אחד ואחד לפי כחו״ — קום און זע, ווי אַזוי די שטים (ביים באַרג סיני) איז אַריינגעגאַנגען צו אַלע אידן און יעדער איינער האָט אים געהערט לויט זיין כח. הזקנים לפי כחם, הבחורים לפי כחם, והנשים לפי כחן, ואף משה רבנו לפי כחו . . .

זאָגט רבי יוסי בר חנינא: אויב דו וואונדערסט זיך, ווי איז דאָס מעגלעך? זאָלסטו דאָס לערנען פון דעם מן, וואָס אידן האָבן געגעסן אין דעם מדבר, און וואָס יעדער האָט געפילט אַ באַזונדערן טעם, וועלכן ער האָט געגליכן . . . אַזוי אויך האָט יעדער אויפגעפאַסט די התגלות ביים באַרג סיני . . . יעדער איינער לויט זיין גייסטיקן כח נאָך . . . (שמות רבה פ׳ ה׳)

און אויך היינט לעבט יעדער איד איבער די קבלת התורה און „זעט די קולות״ לפי כחו.

אָבער די וואָס זוכן עס אינגאַנצן אָפּצולייקענען, ווייל זיי פילן ניט און זעען ניט, איז פונקט ווי אַ געבאָרענער טויב־שטומער לייקנט אָפּ די עקזיסטענץ פון בעט־

האוועב׳ס „לבנה־שיין־סאָנאַטאַ״, ווייל ער פילט ניט און הערט ניט די קלאַנגען פון די טענער; אָדער, ווי אַ געבוירענער בלינדער, וואָס לייקנט אָפּ די עקזיסטענץ פון פאַרבן־קונסט, ווייל ער האָט ניט קיין באַגריף פון קאָלירן . . .

יאָ, דער באַרג סיני לעבט אין אונז, דעריבער האָט מען אונז פיינט. דעריבער פאַרפאָלגט מען אונז אַזוי שוידערלעך אין די פאַשיסטישע לענדער, וואו די הערשער ציטערן פאַר דעם פייער פון באַרג סיני . . .

אָבער די אידן, וואָס טראָגן אין זיך דעם הייליקן באַרג סיני פייער, קערן זיך אום מיט דעם פּנים צו די בלוטיקע דיקטאַטאָרן און פעלקער־פאַרשקלאַפער, צו די היטלערס, מוסאליניס און צו אַלע שונאים פון אידנטום און פון באַרג סיני:

הערט, איר עלנטע, פינסטערע און אומגליקלעכע וועלט־רויבער!

דענקט ניט, אַז אייער בלוטיקע הערשאַפט וועט לאַנג אָנהאַלטן. ביים באַרג סיני איז אייער פינסטערער, פאַרשאָלטענער גורל פאַר׳חתמ׳עט געוואָרן. פון הר חורב טראָגט זיך אייער חורבן. איר וועט דערטרונקען ווערן אין די ימים בלוט, וואָס איר פאַרגיסט. איר וועט פאַרצערט ווערן פון די מלחמה־פייערן, וועלכע איר האָט אַליין אָנגעצונדן . . . אייער מפּלה איז אָנגעשריבן מיט פייערדיקע אותיות אויף דער וואַנט פון דער געשיכטע . . .

אומזיסט איז אייער קאַמף קעגן דעם אידישן פאָלק, ווארום ביים באַרג סיני זיינען מיר אומשטערבלעך געוואָרן! . . . און ווען פון אייערע גערויבטע אימפּעריעס וועלן שוין בלייבן בערג מיט אַש און ווען אייער פינסטערע געדעכניש וועט אַרויסרופן אַ קללה אויף אַלעמענס ליפּן, וועט דאָס אידיש פאָלק נאָך אַלץ זיין דער ליכט־טורעם פאַר דער וועלט מיט זיין דריי טויזנט יאָריקן געלייטערטן פייער פון באַרג סיני . . .

# משפטים

## די דריי עמודים פון אונזער תורת המשפטים. — די פילאָ־זאָפיע פון דער אידישער יוריספּרודענץ. — די וואונדערלעכע פּערל וואָס אונזערע חכמים האָבן אָנגעהאַנגען אויף די אידישע דינים פון דער תורה

„ואלה המשפטים" — זהו שאמר הכתוב: „ועוז מלך משפט אהב . . . אתה כוננת מישרים משפט וצדקה ביעקב אתה עשית" (תהלים צ"ט) — כל העוז והשבח והגדולה והגבורה של מלך מלכי המלכים הוא משפט אהב.

(תנחומא).

„כי תקנה עבד עברי" — פתח במשפט עבד עברי, לפי שהיו עבדים במצרים ופדאם הקב"ה ונתן להם חירות, לפיכך צוה את ישראל בראשונה שלא לשעבד איש באחיו בפרך ולא לשעבדו לדורות, כי אם עד השנה השביעית . . .

(פסיקתא זוטא).

„ורצע אדוניו את אזנו במרצע" — רבן יוחנן בן זכאי היה דורש מקרא זה כמין חומר: מה נשתנה אוזן מכל אברים שבגוף? אמר הקב"ה: אוזן ששמעה קולי על הר סיני בשעה שאמרתי כי לי בני ישראל עבדים ולא עבדים לעבדים, והלך זה וקנה אדון לעצמו — ירצע . . .

(קידושין כ"ב).

„חמשה בקר ישלם תחת השור וארבע צאן תחת השה" — אמר ר' מאיר: בא וראה כמה חביבה מלאכה לפני מי שאמר והיה העולם! שור שיש לו מלאכה משלם חמשה, שה שאין לו מלאכה משלם ארבעה.

רבן יוחנן בן זכאי אומר: הקדוש ברוך הוא חס על כבודן של בריות: שור לפי שהוא הלך ברגליו משלם חמשה, שה לפי שהוא טוענו על כתפו משלם ארבעה.

(בבא קמא ע"ט).

דאָס וואָרט משפט — משפטים, אין זיין העברעאישן באַדייט, מיינט דינים, געזעצן, הייסט עס, וואָס האָבן צו טאָן מיט באַציאונגען שבין אדם לחברו, ווי שליכטן סכסוכים, אויסגלייכן קריגערייען, פאַרגיטיקן קריוודעס, באַשטראָפן פאַרברעכן קעגן יחיד ווי קעגן דער געזעלשאַפט און אַזוי אַרום האַלטן שלום און אָרדענונג צווישן מענש און מענש, און צווישן יחיד און פאָלק.

דער אונטערשייד צווישן „משפטים" און „מצוות" אָדער חוקים איז, וואָס די ערשטע זיינען שטאַטלעכע, יורידישע געזעצן צו רעגולירן שלום און אָרדענונג אין

דער געזעלשאַפט, בעת די לעצטע זיינען רעליגיעזע און מאָראַלישע געבאָטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט די דירעקטע באַציאונגען פון מענש צו זיין ג—ט און צו זיין נשמה . . .

„משפט" איז דעריבער אויך געוואָרן אַ שם־העצם פאַר אַ געריכטלעכן פראָ־צעס, ווייל ער קומט פון שורש „שפט" — ריכטן, אורטיילן, שליכטן, אויסגלייכן — די עובדא פון ריכטער אָדער בית־דין, וואָס האָבן געדאַרפט שליכטן אַ געלט־סכסוך, אַנטשעדיקן אַ באַשעדיקטן, אָדער באַשטראָפן אַ פאַרברעכער קעגן דער געזעלשאַפט אָדער דעם שטאַט.

אין זיין בראשית׳דיקן באַדייט איז משפט געווען אַ געזעץ פון דעם שטאַט, אָדער פון דעם הערשער פונ׳ם שטאַט, וואָס איז ניט אַלע מאָל געווען באַזירט אויף גערעכטיקייט.

די געזעצן אָדער משפטים, וואָס די פעלקער האָבן אַנטוויקלט, זיינען געווען לויט זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג און מאָראַלישע באַגריפן, און אַ פאַרברעכער קעגן דעם געזעץ האָט ניט על פי הכרח געדאַרפט זיין אַ פאַרברעכער קעגן אמת׳ער גערעכטיקייט.

יעדעס פאָלק האָט זיך געהאַט זיינע „משפטים", וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט די עטישע אָדער אומעטישע מדרגה, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען.

אויך סדום און עמורה האָבן געהאַט זייערע „משפטים", וועלכע זיי האָבן גערופן ג ע ר ע כ ט ע און מענשן זיינען דאָרט באַטראַכט געוואָרן פאַר פאַר־ברעכער, אויב זיי האָבן ניט געלעבט לויט זייערע „משפטים" . . .

ערשט מיט דער דערשיינונג פון דעם ערשטן אידן, אברהם העברי, וועלכער איז דערגאַנגען צו דער עטישער ג—ט־דערקענטעניש, איז דער באַגריף „משפט" געוואָרן סינאָנים מיט צדק און מיט אמת.

אברהם אבינו האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז „השופט כל הארץ לא יעשה משפט" — אַז דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט זאָל ניט טאָן קיין משפט — און מערקט אייך, ער זאָגט ניט „משפט צדק", נאָר בלויז משפט, ווייל ביי אונזער ערשטן טאַטן אברהם האָט ניט עקזיסטירט קיין משפט, וואָס איז ניט געווען צדק און אמת.

שפּעטער זיינען אין דעם אידנטום די באַגריפן משפט, צדק, אמת און שלום געוואָרן אַזוי פאַרבונדן צווישן זיך, אַז זיי דערזעצן זיך איינער דעם אַנדערן, און יעדער איינער איז כולל די אַנדערע.

און נאָך אַ וויכטיקע וועלט־דערלייזנדיקע פילאָזאָפיע האָט דאָס אידנטום איינגעשלאָסן אין זיין תורת המשפטים, אין זיין יוריספּרודענץ, און דאָס איז, וואָס זיינע דינים פון בין אדם לחברו קוועלן אַרויס פון דעם זעלביקן קוואַל, ווי די מצוות פון בין אדם למקום . . . ווייל ביידע, סיי די „משפטים", סיי די „מצוות", זיינען אויסשטראַלונגען פון דעם א ח ד . . .

דעריבער איז די אידישע יוריספרודענץ אױעקגעשטעלט „על האמת ועל הדין ועל השלום״ (אבות א׳).

דעריבער זאָגט ישעיה: „ויגבה ד׳ צבאות במשפט והאל הקדוש נקדש בצדקה״, װײל נאָר דורך גערעכטיקײט, װאָס מיר טוען צװישן מענשן, װערט ג—ט דערהױבן און געהײליקט . . .

זאָגט דער תנחומא:

„ואלה המשפטים״ — אויף דעם זאָגט דער פסוק (אין תהלים צ״ט): „ועוז מלך משפט אהב״. „אתה כוננת מישרים משפט וצדקה ביעקב אתה עשית״ — די גאַנצע שטאַרקײט און לױבגעזאַנג און גרױסקײט און די גבורה פון מלך פון אַלע מלכים איז, װאָס ער האָט ליב משפט . . .

װאָס פאַר אַ לױטערע רעליגיעז־עטישע אױסטײטשונג פון „ואלה המשפטים״!

די יוריספרודענץ, אָדער תורת המשפטים, בײ אַנדערע פעלקער פרעטענ־דירט אױך צו רוהען אױף גערעכטיקײט. זײער סיסטעם פון יורידישע געזעצן איז צום גרעסטן טײל באַזירט אױף דעם אַלטן רױמישן „קאָדעקס יוסטיציא״ און, בײ די אַנגלאָ־זאַקסישע פעלקער, אױף דעם ענגלישן פאָלקס־געזעץ, אָדער „קאָמאָנלאָ״. זײ האָבן אפילו געשאַפן אַ ספּעציעלע געטין מיט דעם שײנעם נאָמען „יוסטיציא״, װאָס מײנט גערעכטיקײט. אָבער זי איז געװען אַ געשטראָפטע, אַ בלינדע, ניט פאַר אײך געדאַכט, און גאַנץ אָפט האָט זי ניט דערזען דעם אונטערשײד צװישן דעם גערעכטן און אומגערעכטן . . .

דער גײסט פון אונזערע „משפטים״ אָבער, איז אַל־זעעװדיק, װײל ער שטראַלט אַרױס פון דעם מקור האורה, פון דעם ליכט־קװאַל פון דער װעלט, װאָס שטראָמט מיט אמת, צדק און שלום . . .

שטודירנדיק די יוריספרודענץ פון אַנדערע פעלקער — אױף װיפל די געזעצן זײנען זײערע אײגענע און ניט קאָפּירט געװאָרן פון אַנדערע אומות — געפינען מיר הינטער די טרוקענע דינים אַ געװיסע לעבנס־פילאָזאָפיע, װאָס האָט אָט די געזעצן אַנטװיקלט און קאָדיפיצירט.

אָט די פילאָזאָפיע איז די אױסשטראַלונג פון דעם פאָלקס־גײסט, װאָס אינספּירירט און באַלעבט די משפטים און רעגולאַציעס צװישן מענש און מענש און צװישן יחיד און כלל.

אין דער מאָדערנער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט אַנטפּלעקט זיך דער פאָלקס־גײסט אַמקלאָרסטן אין דער שטאַטלעכער קאָנסטיטוציע, װאָס דינט אַלס יסוד פון דעם פאָלקס־לעבן, פון יחיד װי פון כלל.

די לעבנס־פילאָזאָפיע פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק, למשל, װאָס האָט אין אַ גרױסער מאָס געשעפּט זײן אינספּיראַציע פון אונזער תנ״ך, אין זײן רעװאָלו־ציאָנערן קאַמף פאַר פרײהײט, װערט אױסגעדריקט אין דער קאָנסטיטוציע פון די־

פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז די העכסטע אַנטשיידנדיקע אינסטאַנץ פון אַלע יורי־דישע אויסטייטשער פון געזעץ און לעגיסלאַטיווע קערפּערשאַפטן אין לאַנד.

אונזער קאָנסטיטוציע, וואָס איז כולל די גאַנצע תורה, איז געגעבן געוואָרן פאַר „ואלה המשפטים" אין די עשרת הדברות, ווען אידן האָבן „געזען די קולות" ביי דער קאָסמישער סצענע אויפ׳ן באַרג סיני.

און אויב מיר ווילן זיך באַקענען מיט דעם פאָלקס־גייסט פון היסטאָרישן אידנטום, ווי ער אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז דורך זיינע שטרענגע, טרוקענע ציווילע און קרימינעלע געזעצן, דאַרפן מיר זיך ווענדן צו אונזער וואונדערלעכן היכל פון דער אגדה, וועלכע וואַרפט אַזעלכע הערלעכע, קאָלירפולע ליכט־פּאַסן אויף דער הלכה . . .

מיר וועלן דאַן דערזען די הויכע עטישע פילאָזאָפיע, וואָס אָטעמט דורך אונזערע „משפטים" וועגן דער חשיבות פון דער מענשלעכער פּערזאָן, וועגן דער הייליקייט פון אינדיווידועלער פרייהייט, וועגן די פליכטן פון יחיד צום כלל און פון כלל צום פּרט, צו באַשיצן דעם עלנטן, אָרימען און הילפלאָזן אין דער געזעלשאַפט קעגן די שטאַרקע און איינפלוסרייכע — ווי אָט די דערהויבנדיקע באַגריפן לייכטן אַרויס פון די טרוקענע דינים וועגן קויפן אַ קנעכט, געזעצן פון מקח וממכר, גנבה פון אַן אָקס אָדער אַ שעפּס און די אַנדערע „משפטים" פון האַנדל און וואַנדל און סכסוכים צווישן מענשן איבער שאָדנס און געבראָכענע קאָנטראַקטן, איבער הלוואות און אַרבעטער — אָט די אַלע דינים, וועלכע זיינען אָנגעלאָדן מיט גליק און שלום פאַר דעם מענשלעכן לעבן.

צוערשט ווערט אָנגעהאַנגען אויף דעם „ואלה המשפטים" דער אידעאַל פון שלום, וואָס איז אוניווערסאַל אין זיין פאַרנעם.

„ר׳ שמעון אומר: מה ראו דינין לקדום לכל מצוות שבתורה?" — מיט וואָס האָבן די יורידישע געזעצן זוכה געווען צו גיין פאָראויס פאַר אַלע מצוות פון דער תורה? — וויל ווען דער משפּט איז צווישן איין מענש און אַ צווייטן, איז דאָ שטרייט צווישן זיי. אַזוי שנעל ווי דער משפּט ווערט געשליכטעט, ווערט שלום צווישן זיי. דעריבער האָט די תורה מקדים געווען די משפטים פאַר אַלע אַנדערע מצוות (מכילתא).

זאָגט דער פסיקתא זוטא:

„פתח במשפט עבד עברי" — ער האָט אָנגעהויבן מיט דעם דין פון אַ אידישן קנעכט, וויל די אידן זיינען געווען קנעכט אין מצרים און דער הייליקער, געבענטשט איז ער, האָט זיי אויסגעלייזט און זיי געגעבן פרייהייט. דעריבער האָט ג—ט גלייך ביים אָנהויב פאַרזאָגט די אידן, זיי זאָלן ניט פאַרקנעכטן איינער דעם אַנדערן און טאָמער האָט שוין אַ איד יאָ געקויפט אַ קנעכט, זאָל דאָס ניט זיין פאַר אייביק, ווי דער שטייגער איז געווען ביי אַלע אַלטע פעלקער, נאָר ער זאָל אים דינען בלויז זעקס יאָר און אויפ׳ן זיבעטן מוז ער אים באַפרייען . . .

מיר זעען, אַז דער גייסט פון דער תורה איז אינגאַנצן קעגן שקלאַפעריי. ניט אַ מענש טאָר פאַרשקלאַפן אַ מיט־מענשן און ניט ער טאָר זיך לאָזן פאַר־שקלאַפן . . . שקלאַפעריי איז, אָבער, געווען איינע פון די איינגעוואָרצלטסטע און פּאָפּולערסטע אינסטיטוציעס אין דער אַלטער וועלט, פּונקט אַזוי ווי דער פּאַגאַנישער קרבנות־קולט, און די תורה, וועלכע האָט זיך, אין איר גרויסער חכמה, גערעכנט מיט דער מענשלעכער נאַטור, האָט געפילט, אַז זי קען ניט אָפּשאַפן אינגאַנצן די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי, פּונקט ווי זי האָט געפילט, אַז זי דאַרף איבערלאָזן דעם קרבנות־קולט, אָבער זי מוז אים דערהויבן און אויסרייניקן פון זיין פּאַגאַנישן אינהאַלט, אַריינגעבנדיק אין אים אַ גייסטיקן און עטישן באַדייט . . .

מיר קענען זיך פאָרשטעלן, ווי טיף די אינסטיטוציע פון עבדים איז געווען איינגעוואָרצלט אין דער מענשלעכער געזעלשאַפט, אַז אפילו דער גרויסער פילאָזאָף און עטיקער פּלאַטאָ האָט אין זיין אוטאָפּיסטישער „רעפּובליק״ איבערגעלאָזן אַן אָרט פאַר שקלאַפעריי, און זיין גרויסער תלמיד אַריסטאָטל האָט אויך באַטראַכט שקלאַפעריי פאַר אַ נאַטירלעכער מענשלעכער באַדערפעניש און, דעריבער, פאַר אַ יושר׳דיקער אינסטיטוציע . . .

אָבער נאָך מיט קרוב צו טויזנט יאָר פאַר דער תקופה פון דער קלאַסישער גריכישער פילאָזאָפיע, האָט שוין אונזער תורה פּראָקלאַמירט די הייליקייט פון דער מענשלעכער פּערזאָן און די קדושה פון פּערזענלעכער פרייהייט . . .

און ניט קענענדיק אינגאַנצן אָפּשאַפן די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי, האָט די תורה איר אַזוי באַשרענקט, און איר אַזוי אַרומגעשניטן, אַז אַ אידישער קנעכט איז דערהויבן געוואָרן צו זיין אַ האַר ביי זיין בעל הבית . . .

צוערשט האָט מען מיט דעם אידישן קנעכט ניט געטאָרט שווער אַרבעטן. מ׳האָט אים געמוזט געבן עסן פון דאָס בעסטע און שלאָפן אויף דאָס בעסטע אין שטוב. און טאָמער האָט דער בעל הבית געהאַט בלויז איין קישן, האָט ער עס געמוזט אָפּגעבן זיין קנעכט און אַליין שלאָפן אויף אַ שעניק אָדער גאָר אויף אַ האַרטער באַנק. זאָגט די גמרא:

„שנו רבותינו״ — אונזערע רביים האָבן געלערנט: עס שטייט „כי טוב לו עמך״ — עס זאָל דעם קנעכט זיין גוט מיט דיר — מיינט עס: מיט דיר אין עסן, מיט דיר אין טרינקען, אַז דו זאָלסט ניט עסן ברויט פון זעמל־מעל און ער — גראָבע ברויט; דו זאָלסט ניט טרינקען קיין גוטן וויין און ער — ביליקן וויין; דו זאָלסט ניט שלאָפן אויף פּוך און ער — אויף שטרוי. דערפון האָבן זיי געדרונגען, אַז „כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו״ — ווער עס קויפט אַ אידישן קנעכט, איז ווי ער וואָלט זיך געקויפט אַ האַר . . . (קדושי׳ן כ״ב)

רבן יוחנן בן זכאי, דער גרויסער תנא, וואָס האָט געראַטעוועט דאָס אידנטום פון רוימישן חורבן, האָט אָנגעהאַנגען אַ וואונדערלעכן, קאַלירפולן פּערל אויף דעם

טעם, ווארום די תורה האָט געהייסן בויערן דוקא דעם אויער פון אַ קנעכט, וואָס וויל ניט אַרויסגיין פריי אויפ'ן זיבעטן יאָר.

„פאַרוואָס עפּעס דעם אויער פון אַלע אברים פון גוף? — ווייל דער אויער, וואָס האָט געהערט מיין שטים אויף דעם באַרג סיני, בעת איך האָב געזאָגט: „כי לי בני ישראל עבדים" — זיי זיינען מיינע קנעכט און ניט קיין קנעכט ביי קנעכט, און דער דאָ איז געגאַנגען און געקויפט פאַר זיך אַ האַר, זאָל ער געבויערט ווערן. (קידושין כ"ב).

נאָך אַ וואונדערלעכן פערל, וואָס פינקלט מיט עטישער דערהויבנקייט, האָט דערזעלביקער רבי יוחנן בן זכאי אָנגעהאָנגען אויף דעם אופן, ווי אַזוי די תורה האָט זיך גערעכנט מיט דער חשיבות פון דער מענשלעכער פּערזאָן, אפילו פון אַ פאַרברעכער, פון אַ גנב . . .

אין די „משפטים" פון אָט דער סדרה איז דאָ אַ דין, אַז ווען אימיצער האָט גע'גנב'עט אַן אָקס און אים פאַרקויפט, אָדער האָט אים געשאָכטן, דאַן דאַרף ער באַצאָלן פינף אָקסן אַלס קנס. ווי איז, אָבער, אַז ער האָט גע'גנב'עט אַ שעפּס, און האָט זי געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, באַשטראָפט אים די תורה מיט בלויז פיר מאָל אַזוי פיל. זאָגט דער גרויסער תנא:

„בוא וראה כמה גדול כבוד הבריות: שור שהלך ברגליו — חמשה. שה שהרכיבה על כתפו — ארבעה" — קום און זע ווי גרויס איז דער כבוד פון דעם מענשן אין די אויגן פון דער תורה: פאַר גנב'ענען אַן אָקס, וואָס ער דאַרף אים ניט טראָגן, נאָר אים בלויז אַרויספירן, דאַרף ער באַצאָלן פינף מאָל אַזוי פיל, אָבער פאַר אַ שעפּס, וואָס דער גנב מוז, נעבעך, טראָגן אויף זיינע פּלייצעס, האָט די תורה געהאַט איינזעעניש מיט דעם פאַרברעכער און אים באַשטראָפט מיט בלויז פיר מאָל אַזוי פיל.

דער תנא רבי מאיר באַצירט דעם דין מיט אַן אַנדער פּערלדיקן געדאַנק איבער דער חשיבות פון מלאכה. ער זאָגט דאָרט:

„קום און זע, ווי באַליבט איז אַרבעט ביי דעם וואָס האָט געזאָגט און עס איז געוואָרן די וועלט: אַן אָקס וואָס מ'קען מיט אים אַרבעטן, באַצאָלט פינף, אַ שעפּס, וואָס קען ניט אַרבעטן, בלויז פיר" . . .

מיר זעען, אַלזאָ, ווי אַזוי אונזערע חכמים האָבן אַרויסגעטייטשט פון די טרוקענע „משפטים" די הייליקע חשיבות פון דער מענשלעכער פּערזאָן, וואָס טראָגט דעם צלם אלקים, און איז, דעריבער, אומבאַרירבאַר אין זיין רעכט און פרייהייט . . .

זאָגט רבי חנינא: דער וואָס פּאַטשט דעם פּנים פון זיין חבר, איז ווי ער וואָלט געפּאַטשט דעם פּנים פון דער שכינה (סנהדרין נ"ח).

זאָגט ר' יהושע בן לוי: בעת דער מענש גייט אין וועג, גייט פאַראויס פון אים אַ מחנה מלאכים און רופן און זאָגן: „תנו כבוד לאיקונין של הקדוש ברוך

הוא!" — מאַכט אַ וואָרע און גיט כבוד צו דעם געשטאַלט פון דעם הייליקן, גע־בענשט איז ער! . . . (דברים רבה ד׳)

און כדי צו באַשיצן דעם כבוד און די רעכט פון מענשן, וועלכער איז אָרים, הילפלאָז און שוצלאָז, האָט די תורה געשאַפן אַ יוריספּרודענץ, וואָס איז באַזירט אויף צדק פאַר דעם אָרימען, דעם עלנטן און דערנידעריקטן, דעם פרעמדן און גע־דריקטן, דעם געקריוודעטן און איינגעשולדיקטן אין חובות; פאַר דער אלמנה און דעם יתום, וועלכע האָבן ניט ווער עס זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען. זיי מוזן באַשיצט ווערן קעגן דער געזעלשאַפט און קעגן די רייכע און מעכטיקע . . .

און די תורה גייט אַוועק אין אַ רייהע ליכטיקע געזעצן צו באַשיצן און באַשירעמען די הילפלאָזע און די עלנטע און זאָגט אונז אָן צו זיין גערעכט און רחמנות׳דיק צו זיי, ווארום „כי חנון אני".

אָט דאָס איז דער גייסט פון דער אידישער יוריספּרודענץ, וואָס ציט זיך פון אברהם אבינו, דורך דעם באַרג סיני ביז אויף אונזערע נביאים און חכמים, און:

„ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם" — איבער די קעפּ פון די פּאַגאַנישע פעלקער אין דער אַלטער צייט און איבער די קעפּ פון די היינטיקע שענדער און באַליידיקער פון דעם מין מענש, די היטלערס און מוסאָליניס, וואָס דערטרינקען זייערע פעלקער אין רשעות און אכזריות, וועלן מיר טראָגן די פאַקעלן פון אונזערע משפטים און דינים, און מיר וועלן וועקן און מונטערן די וועלט מיט אונזערע אַלטע געזעצן:

איר זאָלט ניט באַדריקן און ניט פאַרפאַלגן און ניט מאַכן קיינע אויסנאַם־געזעצן פאַר פרעמדע . . .

איר זאָלט ניט פאַרנייגן דעם דין פון אַן אָרימאַן.

איר זאָלט ניט נאַרן און ניט באַשווינדלען קיינעם.

דערווייטערט זיך פון שקר, און דעם אומשולדיקן און גערעכטן זאָלט איר ניט טויטן, ווארום איך — זאָגט ג—ט — באַרעכטיק ניט קיין שלעכטסקייטן.

און הערט, איר וועלט־רשעים, ווי הימל־הויך אונזער תורה האָט אונז אויפ־געהויבן: אין דעם געבאָט וועגן שבת זאָגט אונז די תורה: „למען ינוח שורך וחמורך" — כדי דיין אָקס און דיין אייזל זאָלן רוהען אין דעם טאָג פון שבת. זאָגן אונזערע חכמים:

„מכאן שמצווה אדם על שביתת בהמתו כמהו" (ירושלמי שבת פ״ה) — דערפון איז געדרונגען, אַז דער מענש איז אָנגעזאָגט געוואָרן אויף דער שבת־רו פון זיין בהמה ווי ער אַליין — אָט אַזוי פיל חסד און רחמים פאַר אַלע בעלי חיים שטראַלט אַרויס פון אונזער תורה, אַ פּשיטא שוין פאַר דעם מענשן, וואָס טראָגט דעם צלם אלקים, פון וואָס פאַר אַ גלויבן, ראַסע, אָדער פאָלק ער זאָל ניט זיין! . . .

# תרומה

## דער משכן האָט געדינט צו דערנענטערן דעם מענשן מיט מענשלעכע השגות צו ג—ט. — ווארום ג—ט וואָס איז דער „מקום" פון קאָסמאָס, האָט מצמצם געווען זיין שכינה אין נאַציאָנאַלן הייליקטום. — די שוהלן און בתי מדרשים וואָס פאַר־נעמען דעם פלאַץ פון משכן

„ויקחו לי תרומה" — אמר הקב"ה לישראל התורה היתה שלי והמשפט שלי. נטלתם אותם קחו אותי עמהם.

(ילקוט שמעוני).

„ועשו לי מקדש" — אמר משה לפני הקב"ה: רבונו של עולם! כתיב „הנה השמים ושמי השמים לא יכלכלוך", (מלכים א' ח'), ואתה אומר: ועשו לי מקדש! אמר לו הקב"ה: לא כשם שאתה סבור. אלא עשרים קרש בצפון ועשרים קרש בדרום ושמונה במערב — ואני יורד ומצמצם שכינתי למטה.

(פסיקתא).

„ונועדתי לך שם ודברתי אתך מעל הכפרת" — כי רחימתין הוא עזיזא — אפותיא דספסירא שכיבן, השתא דלא עזיזא רחימתין — פוריא בר שתין גרמידי לא סגי לן. אמר רב הונא קראי כתבי . . .

(סנהדרין ז').

אמר ר' יצחק אין אנו יודעים אם הקב"ה מעונו של עולם, ואם העולם מעונו, עד שבא משה ופרש: „אדני מעון אתה היית לנו".

(בראשית רבה פ' ס"ח).

דרש רבא: מאי דכתיב: „אדני מעון אתה היית לנו" — אלו בתי כנסיות ובתי מדרשות.

(מגילה כ"ט).

אמר ר' הנינא בר אסי: פעמים שאין העולם ומלאו מחזיקים כבוד אלהותו, ופעמים שהוא מדבר עם האדם מבין שערות ראשו.

(בראשית רבה פ' ד').

„האדם חפשי בדמיונו ואסור במושכלו" — דער מענש איז פריי אין זיין פאָרשטעל־לונגס־קראַפט, אין זיין פאַנטאַזיע, און געבונדן אין זיין פאַרנונפט, אין זיין שכל'דיקן דענקען — אַזוי הויבט אָן ר' ישראל סאַלאַנטער, דער גרויסער גאון ובעל־מוסר, זיינע טיפע פרום־פילאָזאָפישע מעדיטאַציעס.

דער מענשלעכער שכל, ניט קוקנדיק וואָס ער איז אַ חלק אלקי ממעל און איז בכח זיך צו דערגריבלען צו די פאַרבאָרגענע כחות פון דער נאַטור און צו דער־גרייכן די הימלען, איז דאָך אַליין פאַרבונדן און פאַרקייטלט אין די אייגענע נאַטור־כחות, וועלכע ער מאַטערט זיך צו דערפאָרשן . . .

דער מענש האָט טאַקע אַוועקגעשטעלט אַ לייטער, וואָס דערגרייכט מיט זיין שפיץ אין די הימלען, אָבער זיינע פיס שטייען דאָך אויף דער ערד, פון וועלכער ער קען זיך ניט אָפרייסן.

איז דער מענש, די קרוין פון דער יצירה, צוגעבונדן צו דער ערד און זיין גייסט איז אונטערגעוואָרפן צו ערדישע השגות און באַגרעניצטקייטן, כל זמן די נשמה לעבט אין דעם ערדישן גוף.

און ווי דער מענש זאָל זיך ניט רייסן אויפצוהויבן און אינגאַנצן זיך צו פאַר־גייסטיקן, בלייבט ער דאָך מער ניט ווי אַ מענש, וועמעס גייסט ס׳איז פאַרפלאָכטן אין פינף מאַטעריעלע חושים . . .

דעריבער וועט דער מענש קיינמאָל ניט באַגרייפן ג—ט מיט זיין ערדיש־געבונדענעם שכל . . . ער קען באַגרייפן זיין עקזיסטענץ. ער קען אים אויך פילן, אין זיין גאַנצן מהות, אין און אַרום אים. ער קען אים אָבער ניט משיג זיין, כל זמן זיין ג—טלעכער שכל איז באַגרעניצט דורך דער אָפעראַציע פון פינף מענשלעכע חושים.

דער מענש קען, אָבער, מיט זיין שכל פאַרשטיין די נויטווענדיקע עקזיס־טענץ פון ג—ט, פון יענעם „טמיר ונעלם", וואָס איז די נשמה פון דעם גאַנצן קאָסמאָס און איז פול אומעטום, זייענדיק דער „מקום" פון דער וועלט, פונקט ווי די נשמה, וואָס איז דער כח החיה פון גאַנצן גוף, פילט אויס דעם גאַנצן מענשלעכן וועזן.

און פונקט ווי די נשמה ווייסט קיין מענש ניט וואו עס געפינט זיך איר אָרט אין דעם גוף, אַזוי אויך דער הייליקער, געבענשט איז ער, ווייסט קיין שום באַשעפעניש ניט וואו איז זיין אָרט . . .

„ברכי נפשי את ד׳" — מה הנפש אין אדם יודע אי זה מקומה, כך הקדוש ברוך הוא אין שום בריה יודעת איזה מקומו, שאפילו חיות הקודש, שטעונות כסא הכבוד, אינן יודעות אי זה מקומו ובאיזה מקום הוא נתון. לפיכך הן אומרות: בכל מקום שכבודו שם „ברוך כבוד ד׳ ממקומו" (שוחר שוב ק״ג, פרקי דר׳ אליעזר).

עס האָט דעריבער געקלונגען זייער האַמעטנע אין די פיינע אויערן פון אונזערע חכמים, דער פסוק פון דער סדרה תרומה „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" — און זיי זאָלן מיר מאַכן אַ הייליקטום און איך וועל רוהען צווישן זיי — ס׳הייסט, ג—ט וויל, מ׳זאָל אים בויען אַ וואוינונג? ער, וואָס איז פול דעם גאַנצן קאָסמאָס,

אויף וואָס דאַרף ער אַ וואוינונג? און ווי שטימט דאָס איבערהויפּט מיט דעם ריינעם פאַרגייסטיקטן ג—ט־באַגריף פונ׳ם אידנטום?

זאָגט טאַקע דער פּסיקתא, אַז ווען משה רבנו האָט דערהערט די ווערטער מפי הגבורה, איז ער אויפגעציטערט געוואָרן און געפרעגט: רבונו של עולם, וואָס דאַרפסטו אַ משכן, אַ וואוינונג, הייסט עס? דו ביזט דאָך פול אומעטום . . . דו אַליין ביזט דאָך דער אָרט פון גאַנצן קאָסמאָס . . . „הן השמים ושמי השמים לא יכלכלוך“ — האָט זיך שלמה המלך פאַרענטפערט, ווען ער האָט אויפגעבויט דעם בית המקדש, אַלע הימלען קענען דאָך דיר ניט אַרומנעמען, דו ביזט דאָך „מלא כל הארץ“ — טאָ ווי קען דיר אַ קלייך משכן גענוג זיין?

האָט אים דער הייליקער, געבענטשט איז ער, געענטפערט „לא כשם שאתה סבור“ — עס איז ניט אַזוי ווי דו דענקסט, אַז איך דאַרף האָבן אַ וואוינונג פון צוואַנציק ברעטער אין צפון, צוואַנציק ברעטער אין דרום און אַכט — אין מערב. ניט פאַר מיר דאַרף איך אַ וואוינונג, נאָר איך וויל אַרונטערנידערן און מצמצם זיין מיין שכינה אונטן, פאַר די אידן . . .

דער געדאַנק פון דער אגדה איז, אַז ג—ט האָט אין זיין גרויס חסד, זיך גע־רעכנט מיט די מענשלעכע געפילן, וועלכע זיינען געבונדן דורך די ערדישע השגות.

און ערדישע השגות זיינען באַגרעניצט אין צייט און רוים . . . דער מענש איז אונטערגעוואָרפן אין זיינע שטימונגען צו אויסערלעכע באַדינגונגען פון צייט און פּלאַץ, אין וועלכע ער געפינט זיך . . .

האָט זיך די תורה, דעריבער, גערעכנט מיט די מענשלעכע שוואַכקייטן און באַשטימט „מועדים“, „זמנים“ פאַר ימים טובים, אין וועלכע דער מענש זאָל זיך קענען דערהויבן און פאַרגייסטיקן, און געשאַפן אַ גייסטיקן צענטער, וואָס זאָל דינען אַלס נאַציאָנאַל הייליקטום, וואו אידן זאָלן זיך צוזאַמענקומען און זיין אין דער נאָענטקייט פון זייער ג—ט . . .

און זיין נאָענט צו ג—ט איז איינע פון די טיפסטע בענקענישן פון דער מענשלעכער נשמה . . . עס ווילט זיך זיין נאָענט צום מקור, ווי אַ קינד וויל זיין אין דעם שויס פון זיין מוטער.

צו פילן זיך אין גייסטיקער נאָענטקייט מיט ג—ט אומעטום, איז די געהויבענע מדרגה פון די בני עליה, פון די געהויבענע מענשן, אָבער דער דורכשניטלעכער מענש איז צוגעבונדן צום ערדישן פּלאַץ, און ער וויל האָבן נאָענטקייט מיט זיין ג—ט אין ג—ט׳ס וואוינונג אויף דער ערד . . .

אָט האָבן די אידן געהאַט שוין באַקומען די תורה און אַלע משפטים, און דאָך — ווען משה רבנו איז פאַרשוואונדן געוואָרן אויף דעם באַרג סיני פאַר פערציק

טעג און פערציק נעכט, האָבן די אידן זיך אָנגעהויבן צו פילן איינזאַם און פאַרלאָזן פון ג—ט . . . כל זמן זייער באַפרייער און פירער איז געווען מיט זיי, האָבן זיי זיך געפילט נאָענט צו זייער באַשעפער. זיי האָבן געהאַט די נאָענטקייט פון ג—ט דורך משה רבנו . . . אָבער ווען ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן, האָבן זיי דער־פילט אַ נאָגנדיקע בענקעניש נאָך ג—ט, און צוריקפאַלנדיק אויף די פאַגאַנישע השגות פון מצרים, האָבן זיי גענומען פאָדערן אַ ג—ט, מיט וועלכן זיי זאָלן תמיד צוזאַמען זיין, און אַזוי זיינען זיי, נעבעך, נכשל געוואָרן באותו מעשה, מיט דעם עגל הזהב . . .

האָט ג—ט אויסגעגאָסן זיין חסד אויף די זינדיקע אידן און געהייסן משה׳ן אָנפירן צווישן די אידן אַ דרייוו פאַר אַ משכן.

„דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה" — זאָגט דער ילקוט שמעוני, אַז ג—ט האָט געזאָגט צו די אידן: התורה היתה שלי, והמשפט שלי, נטלתם אותם — קחו אותי עמהם" — די תורה איז געווען מיינע, די משפטים זיינען מיינע — האָט איר זיי צוגענומען, טאָ נעמט מיר אויך מיט זיי — ווארום עס שטייט דאָך ניט „ויקחו תרומה", נאָר „ויקחו לי", מיינט עס, אַז ג—ט האָט דורך דעם משכן געוואָלט, אַז אידן זאָלן אים נעמען צוזאַמען מיט דער תורה און משפטים.

דער ילקוט שמעוני דריקט דאָ, אגב, אויס דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישן גע־דאַנק, אַז תורה און משפטים אָן ג—ט קענען קיין קיום ניט האָבן. די מענשלעכע קולטור מוז באַרוהען אויף דעם טיפן ג—ט־גלויבן . . . אַ ג—טלאָזע קולטור, מעג זי אפילו פריידיקן די העכסטע אידעאַלן פון פרייהייט און גערעכטיקייט, קען דעגע־גערירט ווערן צום טייוולשן היטלעריזם און בלוטיקן פאַשיזם . . .

און כדי דאָס אידיש לעבן זאָל זיך קאָנצענטרירט אַרום ג—ט, האָט די תורה געשאַפן די אינסטיטוציע פון דעם משכן, פון נאַציאָנאַלן הייליקטום, וואו ג—ט׳ס שכינה וועט זיך קאָנצענטרירן, ווי די זון־שטראַלן אין אַ ברען־גלאָז . . .

די שכינה, וואָס פאַרפלייצט די גאַנצע וועלט מיט איר אָנוועזנהייט, האָט אין איר גרויס ליבשאַפט צום מענשן, זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דעם ארון איבער דעם כפורת צווישן די כרובים און גערעדט צו משה׳ן.

די גמרא (סנהדרין ז׳) אילוסטרירט דאָס מיט אַן אַלטן שפריכוואָרט צווישן מאַן און ווייב, וועלכע פלעגן זאָגן, ווען זיי זיינען ברוגז געוואָרן צווישן זיך: „כי רחומתין הוה עזיזא" — ווען אונזער ליבע איז געווען שטאַרק, האָבן מיר געקענט ליגן אויף דעם שאַרף פון אַ שווערד; איצט, ווען אונזער ליבע האָט זיך אָפּגעקילט, איז אַ בעט פון זעכציק איילן ניט גענוג פאַר אונז . . . זאָגט דאָרט רב הונא, אַז דאָס פאָלקס־ווערטל קען מען אַרויסלערנען פון די פסוקים, וואו עס ווערט דערציילט וועגן ג—ט׳ס וואוינונג:

אין אָנהויב,ביים משכן בוי, זאָגט דער פּסוק: „ונועדתי לך שם ודברתי אתך מעל הכפרת״, און מיר האָבן געלערנט, אַז דער ארון איז געווען ניין טפחים און דער כפורת — איין טפח — האָט איר דאָ צען; דערנאָך, ווען שלמה האָט געבויט דעם בית המקדש, שטייט דאָרט (מלכים א׳): „והבית אשר בנה המלך שלמה לד׳ ששים אמה ארכו ועשרים אמה רחבו ושלשים אמה קומתו״, און צום סוף זאָגט גאָר דער נביא (ישעיה ס״ו): „אַזוי האָט ג—ט געזאָגט: די הימלען זיינען מיין טראָן און די ערד מיין פוס־בענקל, וואָס פאַר אַ הויז קענט איר מיר בויען?

אָבער ניט אַלע אידן שטייען אויף דער גייסטיקער, אינטעלעקטועלער הויך פון די נביאים. און אודאי ניט די אידן, וועלכע האָבן אָקאָרשט זיך אַזוי מיאוס באַנאַרישט מיט דעם עגל, און אויף אָט די אידן האָט ג—ט רחמנות געקראָגן און פאַר זייער דערהויבונג האָט ער מצמצם געווען זיין שכינה אין די צען טפחים פון דעם ארון און כפורת . . .

אָבער זאָל זיך קיינער ניט איינריידן, אַז ג—ט דאַרף האָבן אַ וואוינונג פאַר זיך, אָדער אַז עס איז גאָר דאָ אַ פּלאַץ אויף דער וועלט, וואָס קען אַריינגעמען זיין גאַנצע אנוועזנהייט . . .

זאָגט ר׳ חנינא בר אסי (בראשית רבה פ׳ ד׳): די פאָרשטעלונג פון ג—ט׳ס באַענטקייט איז אַ פראַגע פון געמיט־צושטאַנד. דאָס איז אַ סוביעקטיווע עמפינדונג. אָפטמאָל פילט אַ מענש, ווען ער פאַרטיפט זיך אין דער ג—טהייט, אַז דער גאַנצער קאָסמאָס קען ניט אַריינגעמען זיין ג—טלעכע אנוועזנהייט, און מאַנכע מאָל פילט דער מענש די באַענטקייט פון ג—ט אַזוי אינטענסיוו קאָנצענטרירט, אַז ער רעדט מיט אים פון צווישן זיינע האָר פון קאָפּ . . .

זאָגט ר׳ יצחק: מיר ווייסן ניט, צי דער היליקער, געבענשט איז ער, איז די וואוינונג פון דער וועלט, אָדער צי די וועלט איז זיין וואוין־אָרט, ביז עס איז געקומען משה און האָט מפרש געווען: „אדני מעון אתה היית לנו״ — דו, מיין ג—ט, ביזט אונז געווען אַ וואוין־אָרט פון דער וועלט (בראשית רבה, פ׳ ס״ח).

דער גרויסער אמורא רבא האָט גע׳דרש׳ענט: „אדני מעון אתה היית לנו״ — אלו בתי כנסיות ובתי מדרשות (מגילה כ״ט) — דאָס זיינען די שוהלן און בתי מדרשים, וועלכע האָבן געדינט פאַר אונז אַלס „ג—ט׳ס וואוינונג״ זינט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן. די שוהלן און בתי מדרשים האָבן קאָנצענטרירט די שכינה, דורך וועלכער אידן האָבן זיך דערנעענטערט צו זייער ג—ט . . .

די שוהלן און בתי מדרשים זיינען געווען מער ענלעך אויף דעם משכן, וואָס איז געווען אַ וואַנדערנדיקער הייליקטום אין אַ מדבר, האַלטנדיק צוזאַמען אַלע שבטים, ווי דער בית המקדש, וואָס שלמה האָט געבויט אין ירושלים, וועלכער איז ניט געווען בכח צו פאַרשמעלצן אַלע שבטים אין איין פאָלק . . .

מיט דעם משכן האָבן אידן געוויזן אַ ביישפּיל פאַר דער וועלט, אַז זייער עקזיסטענץ איז ניט אָפּהענגיק פון זייער לאַנד; אַז זיי קענען באַווירקט און שע־פעריש ווערן אין זייערע מדבר־וואַנדערונגען, און אַז זייער נאַציאָנאַל הייליקטום קענען זיי האַלטן פאַראייניקט אַרום זיך.

דעמזעלביקן וואונדער־כח האָט באַוויזן די אידישע שוהל און דער אידישער בית המדרש אין די לאַנגע יאָרהונדערטע פון אונזערע גלות־וואַנדערונגען. די שוהל איז געווען פאַר אונז דער משכן, דער וואַנדערנדיקער גייסטיקער צענטער, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט און פאַנאַנדערגענומען ביי אונזרע „ויסעו׳ס—ויחנו׳ס״ . . .

דער בית המדרש איז געווען פאַר אונז דער ארון, וואו עס איז געלעגן די תורה און וואו ג—ט האָט צו אונז גערעדט דורך אירע לערנער און טרעגער פון דור צו דור און פון לאַנד צו לאַנד.

און איצט, ווען אונזערע גייסטיקע צענטערן אין אייראָפּע ליגן אין חורבות, טראָגט זיך דער היסטאָרישער רוף צום אַמעריקאַנער אידנטום:

„דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה! . . .

„מאת כל איש ידבנו לבו תקחו את תרומתי . . .

ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם! . . .״

# תרומה

## ווי דער ווערט פון מלאכה איז סובלימירט געוואָרן פון דער אידישער תורה, און ווארום ער איז דערנידעריקט געוואָרן אין גלות. — וואָס מיר האָבן באַצאלט פאַר דער זינד. — די לאָזונג פון „דת העבודה" אין ארץ ישראל ברענגט צוריק די קרוין פון מלאכה צו איר אַלטן פלאַץ

„ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" — תניא, ר' טרפון אומר: גדולה מלאכה שאף הקדוש ברוך הוא לא השרה שכינתו על ישראל עד שעשו מלאכה, שנאמר: „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם".

(אבות דר' נתן פ' י"א).

שמא יאמר אדם: בן אבות העולם אני, ממשפחה גדולה, איני ראוי לעשות מלאכה ולהתבזות. אומרים לו: שוטה, כבר קדמך יוצרך, שעשה מלאכה קודם שבאת לעולם, שנאמר: „מכל מלאכתו אשר עשה".

(מדרש נעלם).

מלאכה . . . אַרבעט . . . יגיע כפים . . . מענשלעכע האָרעוואַניע—צי ביי דער אַרבעט אין פעלד, צי ביים וואַרשטאַט אין שטאָט — געהערט צו די געהויבנסטע אוניווערסאַלע ווערטן פון דעם דינאַמיש־רעליגיעזן אידנטום.

עס איז ממש צו באַוואונדערן די הויכע חשיבות, וואָס אונזער תורה און אירע אויסטייטשער, אונזערע נביאים און חכמים פון דער תורה שבבעל פה, האָבן צוגעשריבן צו מלאכה, צו מענשלעכער פּראַצע.

מלאכה איז סובלימירט געוואָרן צו דער מדרגה פון תורה און דער בעל מלאכה ווערט אין סאָציאַלער חשיבות גלייכגעשטעלט מיט דעם בעל תורה . . .

צו תורה — לערנען אונז די חכמים אין פרקי אבות — מוז מען האָבן מלאכה, ווייל „וכל תורה שאין עמה מלאכה, סופה בטלה וגוררת עון" — יעדע תורה וואָס האָט ניט מיט איר קיין מלאכה, ווערט צום סוף בטל ווערן און ווערט נאָך גורם זיין צו זינד . . .

און נאָך מער:

„גדול הנהנה מיגיעו יותר מירא שמים" — דער וואָס לעבט פון זיין האָרעוואַניע, איז גרעסער ווי דער וואָס איז אַ ג—טספאָרכטיקער, ווארום ביים ירא

שמים ווערט געזאָגט: „אשרי איש ירא את ד׳" (תהלים קי״ב א׳) — אַז וואויל איז דעם מענשן, וואָס האָט מורא פאַר ג—ט, אָבער ביי דעם, וואָס דערנערט זיך פון זיינע יגיע כפים, ווערט געזאָגט: „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך" (תהלים קכ״ח ב׳) — ווען דו עסט די האָרעוואָניע פון דיינע הענט, איז וואויל דיר און גוט דיר, וואָס מיינט: וואויל דיר אויף דער וועלט און גוט דיר אויף יענער וועלט (ברכות ח׳).

דער בעל מלאכה מיט די פאַרהאָרעוועטע און פאַרמאָזאָליעטע הענט איז מער יחסן ווי דער אַריסטאָקראַט מיט די ווייסע, גלאַטע, אויסגעצאַליעטע הענטעלעך און געמאַניקירטע פינגערלעך, און דער זכות פון דעם האָרעפּאַשניק שטייט העכער פון זכות אבות. ווארום ווען יעקב אבינו האָט זיך אויסגעטענה׳ט מיט לבנ׳ען, האָט ער אים געזאָגט: „את עניי ואת יגיע כפי ראה אלקים". — גאָט האָט צוגעזען מיין אָרימקייט און מיין פראַצע און דעריבער האָט ער זיך פאַר מיר אָנגענומען. ער האָט, אָבער, ניט געזאָגט, אַז ג—ט האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים, ווייל ער איז אַ קינד פון אַזאַ שיינעם טאַטן און אַזאַ מיוחס׳דיקן זיידן . . . בלויז צוליב יעקב׳ס יגיע כפיים האָט ג״ט געוואָרנט לבנ׳ען ער זאָל אים קיין שלעכטס ניט טאָן. דאָס לערנט אונז, אַז אַ מענש טאָר ניט זאָגן: „אכל ואשתה ואראה בטוב ולא אטריח עצמי, ומן השמים ירחמו" — איך וועל עסן און טרינקען און לעבן אַ גוטן טאָג און וועל זיך ניט באַמיהען, און פון הימל וועט מען שוין אַלץ באַזאָרגן. דעריבער שטייט ביי איוב׳ן: „ומעשה ידיו ברכת" — צריך אדם לעמול ולעשות בשתי ידיו, והקדוש ברוך הוא שולח את ברכתו" — אַ מענש דאַרף פראַצעווען און אַרבעטן מיט זיינע ביידע הענט און ערשט דאַן שיקט דער הייליקער, געבענטש איז ער, זיין ברכה. (תנחומא ויצא)

ווארום „אין הברכה שורה אלא במעשה ידיו של אדם" — ג—ט׳ס ברכה רוט בלויז אין דער אַרבעט פון מענשלעכע הענט (תוס. ברכות פ״ו).

און קום און זע וואָס ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט אין אבות דר׳ נתן פ׳ י״א „אף אדם הראשון לא טעם כלום עד שעשה מלאכה" — אדם הראשון האָט ניט געטאָרט פאַרזוכן פון דעם גן עדן, ביז ער אַליין האָט אים ניט באַאַרבעט, ווי עס שטייט דאָרט: „ויניחהו בגן עדן לעבדה ולשמרה" און ערשט נאָכדעם: „מכל עץ הגן אכול תאכל" . . .

מיר זעען דערפון, אַז שוין ביים באַשאַף פון דעם מענשן, נאָך איידער ער האָט זיך פאַרזינדיקט מיט דעם עץ הדעת, האָט אים ג—ט געהייליקט מיט דער מצוה פון מלאכה, פון אַרבעט . . .

און טאָמער זאָגט דער מענש: „בן אבות העולם אני, ממשפחה גדולה, איני ראוי לעשות מלאכה ולהתבזות" — איך בין דאָך אַ גרויסער יחסן, אַ טאַטנ׳ס אַ קינד, פון אַ גרויסער משפחה, מיר פּאַסט ניט צו טאָן האַנט־אַרבעט און דערנידעריקן זיך מיט מלאכה — זאָגט מען אים: „שוטה, כבר קדמך יוצרך, שעשה מלאכה קודם שבאת לעולם" — נאַר איינער! דיין באַשעפער האָט שוין לאַנג פאַר דיר דערהויבן

אַרבעט צו דער העכסטער מדרגה, ווארום ער האָט געטאָן אַ מלאכה נאָך איידער די ביזט אויף דער וועלט געקומען, ווי עס ווערט געזאָגט: „מכל מלאכתו אשר עשה" (מדרש נעלם) — דעריבער איז ניטאָ קיין מלאכה אויף דער וועלט, וואָס איז מיאוס אָדער נידעריק פאַר דעם מענשן, כל זמן זי איז שעפעריש און נוצלעך פאַר דעם מענשלעכן געברויך.

דעריבער האָבן אונזערע חכמים דערהויבן מלאכה צום גרעסטן מענשלעכן גליק און דעם בעל מלאכה צו אַ הויכער געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע.

זאָגט רב ששת: „גדולה מלאכה שמחממת את בעליה" — גרויס איז אַרבעט ווארום זי וואַרעמט אירע טוער (גיטין ס"ז).

ר' יהודה, ווען ער פלעגט גיין צום בית מדרש, האָט ער גענומען אַ קרוג אויף זיין שולטער און אים געטראָגן אַלס דעמאָנסטראַציע פאַר דעם כבוד פון אַרבעט. „אמר: גדולה מלאכה שמכבדת את בעלה" — גרויס איז מלאכה, ווארום זי עהרט איר בעל הבית . . .

ר' שמעון פלעגט טראָגן אַ קאַסטן אויף זיין רוקן, זאָגנדיק: „גדולה מלאכה שמכבדת את בעלה" (נדרים מ"ט).

און פונקט ווי אַ מענש איז פאַרפליכטעט צו לערנען מיט זיין קינד תורה, אַזוי איז ער מחויב אים צו לערנען אַן אַרבעטס־פאַך, ווארום דער וואָס לערנט ניט זיין קינד אַן אַרבעטס־פאַך, איז אַזוי ווי ער וואָלט אים געלערנט רויבעריי — „כל שאינו מלמד את בנו אומנות כאלו מלמדו לסטות" (קידושין כ"ט).

דער געדאַנק דערפון איז, אַז ווען דער מענש האָט ניט קיין מלאכה, מוז זיין זעלבסט־דערהאַלטונג־אינסטינקט אים טרייבן צו לעבן פון ניט ערלעכע פרנסות, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט אָפּנאַרעריי, ליגן זאָגן און אויך גזילה . . .

דער הויכער עטישער ווערט פון מלאכה שפיגלט זיך אָפּ אין די סאָציאַלע דינים פון דער תורה, לויכט אַרויס פון אונזערע נביאים וכתובים און באַשיינט מיט זוניקער ליכטיקייט אונזער גאַנצע תלמוד־ און מדרש־ליטעראַטור.

אָבער דעם גרעסטן און געהויבנסטן עהרן־פּלאַץ פאַר מלאכה אין דעם מענש־לעכן לעבן, שיינט מיר, געפינען מיר אין דעם מאמר פון דעם תנא ר' טרפון, אויף דעם פסוק פון דער סדרה „תרומה", וואו ג—ט הייסט משה'ן אָנהויבן אַ דרייוו (אגב, דער ערשטער דרייוו פאַר אַ נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע אין אונזער געשיכטע) פאַר מאַטעריאַלן צו בויען דעם משכן אין דעם מדבר, דעם גייסטיקן אידישן צענטער, וואָס זאָל פאַראייניקן אַרום זיך דעם גאַנצן אידישן פאָלק — זאָגט די תורה: „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" — זיי זאָלן מיר מאַכן אַ הייליקטום און איך וועל רוהען צווישן זיי.

„ר' טרפון אומר: גדולה מלאכה שאף הקדוש ברוך הוא לא השרה שכינתו על ישראל עד שעשו מלאכה, שנאמר: ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" (אבדר"נ פ' י"א) — גרויס איז מלאכה, ווארום אויך דער הייליקער, געבענטשט איז ער, האָט ניט

געלאָזט רוהען זיין שכינה אויף די אידן, ביז זיי האָבן געטאָן אַ מלאכה, וואָרום עס ווערט געזאָגט: „זיי זאָלן מיר מאַכן אַ היילקטום און איך וועל רוהען אין זיי".

די אידן זיינען שוין, דאַכט זיך, געהייליקט געוואָרן ביים באַרג סיני. זיי האָבן שוין געהערט די פּראָקלאַמירונג פון די עשרת הדברות און זיי האָבן שוין פאַרנומען משה׳ס תורה. עס זיינען שוין געווען ריכטער און דיינים, זקנים און לומדים, פרומע און שיינע מענשן ביי אידן . . .

אָבער איין זאַך האָט זיי געפעלט — בעל מלאכה׳ס, אַרבעטער, יגיע כפּים־ניקעס . . . זיי האָבן געלעבט אין דעם מדבר פון נסים און געהאַלטן אין איין וואַנ־דערן, אין איין „ויסעו—ויחנו" . . .

איז וועגן ערד־אַרבעט איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן, אַז זיי האָבן ניט געקענט. זיי האָבן דאָך אין ערגיץ ניט געהאַט זייער שטענדיקע היים . . . און וועגן אַנדערע הצטרכות׳ן, וואָס דער מענש מוז האָבן פאַר זיין לעבן, און וועלכע ער מוז אויסאַרבעטן מיט זיינע הענט, האָבן די אידן ניט גענדאַרפט זאָרגן. אויף דעם האָבן זיי געהאַט לופט־פּרנסות . . .

זיי האָבן געגעסן מן, וואָס איז געפאַלן פון הימל און געטרונקען וואַסער פון דעם „באר", פון דעם וואונדער־קוואַל, וואָס האָט זיך מיטגעקייקלט מיט זיי אויף זייערע וואַנדערונגען. פליש האָבן זיי געגעסן פונ׳ם שלו, פון בעלי חיים, וועלכע זיי האָבן ניט געהאָדוועט, און וואַסער געטרונקען פון קוואַלן, וואָס זיי האָבן ניט געגראָבן . . .

און אין אַזאַ לעבן קען די שכינה ניט רוהען . . . עס איז ניטאָ קיין מזל־ברכה.

און דאָ דאַרף אַ פאָלק אַ לאַנד דעראָבערן, אַ נאַציאָנאַלן לעבן אָרגאַניזירן, אַן עקאָנאָמישע ווירטשאַפט אַנטוויקלען און מ׳מוז אָנהויבן צו שאַפן, בויען, פלאַנצען און אַרבעטן מיט דעם שוויס פון זיין שטערן און מיט די מוסקולן פון זיינע הענט . . .

האָט ג—ט געזאָגט צו משה רבנו: זאָלן אידן אָנהויבן צו אַרבעטן . . . זאָלן זיי טאָן די אַלע ביין און דרייסיק „אב־מלאכה׳ס", וואָס זיינען נויטיק פאַר׳ן משכן . . . זאָלן זיי זיך לערנען צו זיין שניצער, טישלער, וועבער, שטריקער, פלעכ־טער, שמידער, פאַרבער און בוי־מייסטערס און אַלע אַנדערע מלאכת מחשבת, און איך וועל דאַן רוהען צווישן זיי . . .

אָט צו וואָס פאַר אַ הימל־הויכער מדרגה איז מלאכה סובלימירט געוואָרן פון דעם רייִנעם, דינאַמיש־רעליגיעזן אידנטום!

אָבער, וויי געשריען! ווי שרעקלעך איז די ירידה, וואָס אַרבעט, יגיע כפּיים האָט דערליטן ביים געפּענטעטן אידנטום אין די קייטן פון גלות, ווען דאָס אידיש פאָלק האָט אויפגעהערט צו זיין דער בעל הבית איבער זיין לעבן, און פילע זוניקע וועלט־דערלייזנדיקע ווערטן, וואָס האָבן געשטראָמט מיט אימפּעט פונ׳ם אידנ־טום, זיינען געשלאָגן געוואָרן פון אַ מורא׳דיקער ליקוי־חמה! . . .

אַרבעט איז ניט מער געבענשט און געהייליקט געוואָרן. די קרוין פון מלאכה איז אַרונטערגעשלעפּט געוואָרן פון איר כסא הכבוד אויף וועלכן די תורה האָט איר אַוועקגעשטעלט, און איז אַרונטערגעשליידערט געוואָרן אין אַ בלאָטע . . . מלאכה איז געוואָרן צו שאַנד און שפּאָט און דער בעל מלאכה איז געוועזן אַ פּסול אין דער משפּחה . . . און אַז אַ איד האָט זיך געוואָלט באַרימען מיט זיין שיינעם יחוס, האָט ער געזאָגט מיט שטאָלץ: אין מיין גאַנצער משפּחה געפינט זיך ניט קיין בעל מלאכה פאַר פילע דורות.

און מלאכה איז אַזוי דערנידעריקט געוואָרן, אַז ווען אַ איד האָט געהאַט אַ צעלאָזטן אינגל מיט אַ „פאַרשטאָפּטן קאָפּ", האָט ער אים געסטראַשעט: „אַזוי ווי צו לערנען טויגסטו ניט, וועל איך דיך אַוועקגעבן לערנען אַ מלאכה . . . עפּעס אַזוי ווי פאַר מלאכה דאַרף מען ניט האָבן קיין שום פייאיקייט . . . און אונזער תורה דערהויבט מלאכה צו מייסטערשאַפט, צו קונסט, צו שעפערישקייט . . . „מלאכת מחשבת" . . .

אָט אַזוי איז דער באַצי צו יגיע כפּיים אַראָפּגעפאַלן ביי אונז „מאגרא רמא לבירא עמיקתא" — פון איר הימל־הויכן פּעדעסטאַל צום פינסטערן אָפּגרונט פון אונזער גלות . . .

און אַזוי האָבן מיר פאַרראַטן מלאכה און פאַרשטויסן דעם בעל מלאכה, וועלכער איז געוואָרן דער „באַנטשע שוויג" פון דער אידישער געזעלשאַפט. ער האָט אין זיין שטילער און נאַאיווער פרומקייט ניט פּראָטעסטירט און ניט געפאָדערט זיין רעכט פון לומדים, סוחרים און שיינע בעלי בתים, וועלכע האָבן פאַרנומען די מזרח־וואַנט, בעת ער האָט זיך געוואַלגערט ערגעץ אין אַ ווינקל הינטערן אויוון, עסנדיק זיין שטיקל הונגער־ברויט און חלומ׳ענדיק פון אַ „בולקע מיט פּוטער" . . .

נאַטירלעך זיינען מיר ניט געווען שולדיק אין דעם ניט־אידישן, אומעטישן באַצי צו אַרבעט. שולדיק איז געווען דער ביטערער, וויסטער גלות אונזערער, אָבער, זאָגן מיר דאָך אַליין: „ומפּני חטאנו גלינו מארצנו" . . .

יאָ . . . מיר האָבן געזינדיקט . . . און מיר האָבן צו טייער באַצאָלט דערפאַר! . . .

דער אידישער אַרבעטער, ווען מען האָט קיין תורה ניט געלערנט, האָט אָבער זייער שנעל באַנומען די ניט־אידישע תורה, וואָס מען האָט מיט אים איינגע־קנעלט וועגן זיין גרויסן ווערט און זיין כח אין לעבן . . . ווען עס איז אַנטשטאַנען די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָט מען דעם אידישן אַרבעטער אָנגעוויזן, אַז דאָס רעליגיעזע אידנטום איז זיין פיינט, אַז די אידישע תורה זוכט אים כלומרשט צו פאַרקנעכטן, און ער האָט עס, אין זיין עם־הארצות, געגלויבט, ווייל די אמת׳ע קולטור־אוצרות פון היסטאָרישן אידנטום זיינען אים פרעמד געווען . . .
און אַזוי איז די אידישע אַרבעטער באַוועגונג אידענטיפיצירט געוואָרן מיט אַנטי־רעליגיעזע טעטיקייטן, אין נאָמען פון דעם פאַר׳גולמ׳טן מאַטעריאַליסטישן סאָצי־

אַליזם, וואָס איז געוואָרן דער גואל פון דעם אַרבעטער קלאַס, און וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט צו זיין אַ פאַלשער, פאַרפירערישער משיח . . .

בלויז אַ קליין הייפעלע יונגע אידישע אַרבעטער מיט ליכטיקע אויגן, וועלכע האָבן געשעפּט זייער יניקה פון אונזערע אַלטע קולטור־קוואַלן, זיינען ניט מיטגע־ריסן געוואָרן מיט דעם אַנטי־רעליגיעזן, סאָציאַליסטיש־אַסימילאַטאָרשן שטראָם פון דער ראַדיקאַלער עם־הארצות׳דיקער אַרבעטער באַוועגונג. זיי האָבן דערזען די גרויסע ווערטן פונ׳ם אידנטום, וואָס זיינען געפּענטעט פון די גלות־קייטן. זיי האָבן דערפילט די געוואַלטיקע וויטאַליטעט און שעפערישקייט, וואָס שלומערט נאָך אין אידישן פאָלק און געגלויבט אין זיין נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט צוזאַמען מיט זיין אַלט־נייעם לאַנד, און אַזוי איז אַנטשטאַנען די באַוועגונג פון אַרבעטער־ציוניזם, וואָס האָט די חשיבות פון אַרבעט „מחזיר עטרה ליושנה״ געווען — צוריקגעבראַכט צו דעם אַלטן געהויבענעם פּלאַץ פון דעם רעליגיעזן אידנטום.

„דת העבודה״ — רעליגיע פון אַרבעט איז, ווי מיר האָבן פריער געזען, ניט קיין נייער פּרינציפּ אין אידנטום. אונזער הייליקע תורה האָט עס שוין לאַנג פּראָקלאַמירט. נאָר אונזערע יונגע און העלדישע חלוצים האָבן עס באַנייט מיט אַ לעבעדיקן, דינאַמישן אינהאַלט . . .

אונזערע חלוצים־מחנה׳ס אין ארץ ישראל און די הונדערטע טויזנדע אידן, געוועזענע אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, קרעמער, באַנקירן און בירזשע־ספּעקולאַנטן, וועלכע זיינען היינט גרייט אויפצונעמען דעם האַמער און די זעג, דעם לאָם און די לאָפּעטע, דעם אַקער און די בראָנעווע און אַלערליי געצייג און מאַשינען צו בויען אונזער נאַציאָנאַלן מקדש אין אונזער היימלאַנד, מיט אַ נאַרמאַל, געזונט פאָלקס־לעבן און מיט דעם גייסט פון אונזער תורה ונבואה — אָט יענע אידן, וואָס זיינען געקומען אין ארץ ישראל „לבנות ולהבנות״ — זיי האָבן געבראַכט אַ תקון צו אונזער לעבן, וואָס איז צוריק אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף תורה ועבודה! . . .

און דעריבער איז דער באַפעהל פון דער היינטיקער צייט: „דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה״ . . . יעדער איד מוז זיך באַטייליקן אין דעם דרייוו פאַר דעם נאַציאָנאַלן בנין, און ריכטיק באַטאָנט דער מדרש דאָס וואָרט „ויקחו״ — עס האָט דאָך געדאַרפט שטיין „ויתנו״, און זאָלן מיר געבן — נאָר יעדער איד דאַרף פילן, אַז וויפל ער זאָל ניט געבן, וועט ער אַלץ מער אַרויסנעמען פאַר זיך, אָדער פאַר זיינע קינדער . . . און ערשט דאַן וועלן מיר אַלע האָבן אַ חלק אין דער אַרבעט, אין דער מלאכת המשכן, אין דעם אויפבוי פון אונזער נאַציאָנאַלן בנין אין ארץ ישראל און ערשט דאַן וועט ג—ט׳ס שכינה רוהען צווישן אונז פאַר אַלע אייביקייטן . . .

# תצוה

## דער נר תמיד אין נאַציאָנאַלן הייליקטום האָט געברענט מיט אידישן גורל און געלויכטן מיט נצח ישראל. — אַ דיסקוסיע אין רבי יהודה הנשיא׳ס ישיבה איבער דעם מהות פון אידנטום און ווי אַזוי רבי האָט מכריע געווען

„ואתה תצוה" — למדנו שהצווי מיד בשעת מעשה — לדורות מניין? תלמוד לומר: „צו את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית מחוץ לפרוכת העדות" — הא למדנו שהצווי מיד ולדורות.

(ספרי, ילקוט שמעוני).

„ויקחו אליך", תניא „קח לך", — משלך; „ויקחו אליך" — משל צבור.

(יומא ג׳).

„זך כתית למאור" — מה מנורה שאינה לאכילה טעונה שמן זית זך, מנחות שהן לאכילה אינו דין שיטענו שמן זית זך, — תלמוד לומר: „זך כתית למאור" ולא זך כתית למנחות.

(מנחות פ״ו, תנחומא).

אמר ר׳ יהושע בן לוי: למה נמשלו ישראל לזית? — לומר לך: מה זית אין עליו נושרין לא בימות החמה ולא בימות הגשמים, אף ישראל אין להם בטילה עולמית לא בעולם הזה ולא בעולם הבא.

ואמר ר׳ יוחנן: למה נמשלו ישראל לזית? — לומר לך: מה זית אינו מוצא שמנו אלא על ידי כתישה אף ישראל אין חוזרין למוטב אל על ידי יסורין.

(מנחות כ״ג).

„את הכבש האחד" — בן זומא אומר: מצינו פסוק הכולל בתורה יותר: „שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד"; בן־ננס אומר: מצינו פסוק הכולל יותר: „ואהבת לרעך כמוך", שמעון בן פזי אומר: מצינו פסוק הכולל יותר: „את הכבש האחד תעשה בבוקר ואת הכבש השני תעשה בין הערבים" . . . עמד רבי על רגליו ואמר: הלכה כבן פזי, שנאמר: „ככל אשר אני מראה אותך את תבנית משכן ואת תבנית כל כליו וכן תעשו.

(מדרש ציטירט אין הקדמה צום עין יעקב).

ווען מיר באַטראַכטן דעם משכן־בוי, דעם בנין פון ג—ט׳ס הויז, וואָס האָט געדאַרפט דינען אַלס גייסטיקער צענטער פאַר דער צעמענטירונג פון די אידישע באַזונדערע שבטים אַרום זיך און אַלס דאָס האַרץ פון אידנטום, וואָס האָט געפּאָמפּעט די

גייסטיקע זאַפּטן אין די ווייטסטע טיילן פון אידישן פאָלקס־אָרגאַניזם; ווען מיר שטו־דירן זיינע פּלענער און ספּעציפיקאַציעס, זיינען קאָלירפולע איינריכטונגען און הייליקע כלים מיט זייערע פאַרשידענע סימבאָלן און אַלעגאָריעס, ווי זיי זיינען אויסגעפּלאַנירט און פאַראָרדנט געוואָרן פון דער תורה און אויסגעטייטשט און אַריינגעטייטשט פון אונזערע גרויסע חכמים, דערזעען מיר, אַז דער בית המקדש האָט אָפּגעשפּיגלט דעם גאַנצן קולטור־געבוי פונ׳ם אידנטום . . .

און פּונקט ווי די שכינה האָט קאָנצענטרירט אירע שטראַלן, ווי די זון אין אַ ברענגלאָז, אין דעם משכן, אַזוי איז אויך דאָרט דער אידישער פאָלקס־גייסט קאָנ־צענטרירט געוואָרן מיט אַלע זיינע גייסטיקע און עטישע אויסשטראַלונגען . . .

וועלכע זוניקע, וועלט־דערלייזנדיקע און משיח׳ישע געדאַנקען האָבן אונזערע חכמים פון תלמוד און מדרש אַרויסגעלייענט פון די פּרטים פון די מעשי המשכן!

וואָס פאַר אַ גרויסע קולטור־ווערטן זיי האָבן דערזען אין די סימבאָלישע איינריכטונגען און כלים פון משכן!

שוין פון דעם פּסוק „ועשו לי מקדש״ — און זיי זאָלן מיר מאַכן אַ הייליק־טום — דרינגט דער תנא ר׳ טרפון דעם גרויסן ווערט פון מלאכה, פון יגיע כפּים, פון מענשלעכער אַרבעט, אַז דער הייליקער, געבענטשט איז ער, האָט ניט געלאָזט רוהען זיין שכינה אויף אידן, ביז זיי האָבן געטאָן אַ מלאכה (אבות דר׳ יונתן פ׳ י״א).

אויף דעם פּסוק „מבית ומחוץ תצפנו״ — אַז דער ארון וואָס האָט געהאַלטן די תורה, האָט באַדאַרפט זיין באַדעקט מיט ריינעם גאָלד פון אינעווייניק און אויסנ־ווייניק, זאָגט דער גרויסער אמורא רבא: „מכאן לתלמיד חכם שאין תוכו כברו אינו תלמיד חכם״ — דערפון איז געדרונגען, אַז אַ תלמיד חכם, וואָס איז אַ תורה־טרעגער, דאַרף אויך זיין אינעווייניקסטער וועזן זיין ווי זיין דרויסנדיק געשטאַלט, אַניט, איז ער קיין תלמיד חכם ניט . . . (יומא ע״ב)

און אַזוי קען מען געפינען אויף אַלע פּסוקים פון דער תורה, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם משכן־בוי און זיינע איינריכטונגען, גאַנצע וועלטן מיט עטישע געדאַנקען, וואָס שטראָמען פון דעם תורה־אידנטום . . .

דאָ וויל איך זיך בלויז אָפּשטעלן אויף דער פאַראָרדענונג פון דעם „נר־תמיד״ אין דעם נאַציאָנאַלן הייליקטום, מיט וועלכער עס הויבט זיך אָן די סדרה „תצוה״.

דער „נר תמיד״, דאָס שטענדיקע ליכט, וואָס האָט געדאַרפט ברענען פון דעם ריינסטן, קלאָרסטן און פיינסטן אויל און באַלייכטן דעם אוהל מועד, דעם פאַר־זאַמלונגס־געצעלט, הייסט עס, פון דעם משכן, סימבאָליזירט ניט נאָר די ראָלע פון אידישן פאָלק אויף דער וועלט, נאָר אויך זיין טראַגישן גורל, וואָס ווערט צוגעגליכן צו דעם איילבערט, וועלכן מ׳מוז פריער גוט שלאָגן, שטויסן און פּרעסן, ביז ער גיט אַרויס זיין פיינעם באַלייכטונגס־אויל . . .

די תורה זאָגט אָן, אַז אין דעם אידישן נאַציאָנאַלן הייליקטום מוז ברענען אַ שטענדיק ליכט . . . אין דעם אידישן לעבן טאָר דאָס ליכט ניט אויסגעלאָשן

ווערן . . . דער אידישער „פאַרזאַמלונגס־געצעלט׳ מוז באַלויכטן ווערן תמיד פון אַ ליכט, וואָס ברענט פון ריינסטן און קלאָרסטן אויל . . .

און דאָס איז אַ געבאָט מיד ולדורות — פאַר אַלע צייטן, ווי דער ספרי זאָגט, ווייל עס שטייט צוויי מאָל: „ואתה תצוה" און שפעטער „צו את בני ישראל".

אין אַלע דורות, אין אַלע צייטן, וואו נאָר אידן קומען זיך צוזאַמען, דאַרפן זיי באַלויכטן ווערן פון אַ נר תמיד . . . און דער נר תמיד מוז מיטוואַנדערן מיט׳ן משכן און ברענען און לייכטן ביי אַלע „ויסעו׳ס" און „ויחנו׳ס". און טאָמער וועט אַ אידישער קבוץ אויסגעריסן ווערן און זייער „אהל מועד" וועט חרוב ווערן, דאַרף דער נר תמיד אויפלייכטן אין אַן אַנדער אידישן קבוץ . . .

און יעדער איד איז מחויב צו האָבן אַ חלק אין דעם נר תמיד . . . די מאַטע־ריאַלן פאַר דעם אידישן ליכט דאַרפן בייגעשטייערט ווערן פון גאַנצן פאָלק, ניט פון פריווילעגירטע יחידים . . .

„ויקחו אליך" — תניא, מיר האָבן געלערנט, אַז וואו עס שטייט „קח לך", מיינט פון דיינס, פון אַ יחיד, הייסט עס, אָבער וואו די תורה זאָגט „ויקחו אליך", מיינט עס „משל צבור" — פון דעם גאַנצן פאָלק (יומא ג׳).

יעדער איד דאַרף טראָגן אַ פונק, אַ הייליקן נצוץ פון דעם נר תמיד, וועלכער דאַרף זיך צעברענען אין אַ „שלהבת", אין אַ ליכטיקן פלאַם, ווי רש״י פאַרטייטשט: „להעלות נר תמיד — מדליק עד שתהא שלהבת עולה מאליה" — די כהנים, די אידישע גייסטיקע פירער דאַרפן אָנצינדן דעם נר תמיד, ביז אַ גרויסער הייליקער פלאַם ברענט זיך פאַנאַנדער און באַלייכט דאָס אידיש לעבן . . .

און ווייל אָט דאָס ליכט רעפרעזענטירט די אידישע תורה־קולטור, דאַרף דאָס זיין פון ריינסטן און קלאָרסטן אויל, ניט קוקנדיק וואָס דאָס איז בלויז פאַר ברענען און ניט פאַר עסן, ווי אַ קרבן מנחה, פאַר וועלכן עס איז ניט נויטיק קיין „שמן זית זך", ווייל דער אידישער גייסט שטעלט העכער זיינע גייסטיקע אינטע־רעסן, ווי זיינע קערפּערלעכע נויטן . . .

דעריבער זאָגט די גמרא (מנחות פ״ו), אַז די תורה האָט באַטאָנט „זך כתית למאור", כדי מען זאָל ניט מאַכן קיין טעות און מיינען, אַז אויך ביי קרבנות מנחות מוז מען האָבן קלאָר־געשטויסענעם אויל. אָפּלערנענדיק אַ קל וחומר פון נר תמיד — מה דאָך דער נר תמיד, וואָס איז ניט צום עסן, מוז מען האָבן דעם ריינסטן אויל, אַ פשיטא שוין מנחות, וואָס איז לאכילה, וואָלט מען דאָך אודאי געדאַרפט האָבן „שמן זך" — האָט דעריבער די תורה אונטערשטראָכן „למאור" — צום באַלייכטן, ווייל די תורה שטעלט העכער די נשמה פון דעם מאָגן . . .

אָט אַזוי האָבן אונזערע חכמים אין איין קורצן מאמר אויסגעדריקט די אידישע אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע, וואָס לייקנט אָפּ דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, וועלכער זוכט צו פאַרוואַנדלען די מענשן אין בהמות און חיות . . .

דער נר תמיד, וועלכער ברענט און לייכט פון די איילבערט־זאַפטן, סימבאָ־ליזירט אויך די אידישע אייביקייט, ווי דעם יסורים׳דיקן גורל פון אידישן פאָלק, וועמעס גייסט עס ווערט פיינער, שענער און שעפערישער גראַדע אונטער יסורים און פאַרפאָלגונגען . . .

זאָגט ר׳ יהושע בן לוי: ווארום זיינען אידן געגליכן צום איילבערט — דיר צו זאָגן: אַזוי ווי דער איילבערט פאַלן זיינע בלעטער ניט אַראָפּ, ניט זומער, ניט ווינטער, אַזוי אויך האָבן אידן ניט קיין אָפּשטעל פון זייער פרוכטבאַרקייט, ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט . . .

און ר׳ יוחנן זאָגט: אַז דעריבער זיינען אידן געגליכן צו אַן איילבערט, וויל פונקט ווי דער איילבערט גיט ניט אַרויס זיין אויל ביז מען שלאָגט און מען שטויסט און פרעסט אים, אַזוי אויך ווערן אידן ניט בעסער און טוען ניט קיין תשובה, סאַידן דורך יסורים . . . (מנחות נ״ג)

אָט אָ דאָס איז דער אידישער ״אתה בחרתנו״ . . . מיר זיינען אויסדער־ווילט געוואָרן צו פאַרבעסערן די וועלט דורך יסורים . . . אָט אַזוי איז אונזער גורל, וואָס די השגחה האָט פאַר אונז באַשטימט אין איר וועלט־פּלאַן . . .

״הנה צרפתיך ולא בכסף, בחרתיך בכור עוני״ (ישעיה מ״ח) — איך האָב דיך אויסגעלייטערט און ניט מיט זילבער, האָב דיך אויסדערוויילט אין שמעלץ־אויוון פון אָרימקייט — דאָס לערנט אונז, אַז דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט דורכגעזוכט אַלע גוטע זאַכן צו געבן די אידן און האָט ניט געפונען קיין זאַך אַ חוץ אָרימקייט... זאָגט דאָרט שמואל, אָדער רב יוסף: דאָס איז שוין געוואָרן אַ פאָלקס־ווערטל ביי מענשן: ״יאה עניותא ליהודאי כי ברזא סומקא לסוסיא חיורא״ — אָרימקייט איז אַזוי שיין פאַר אידן, ווי אַ רויטער כאָמעט צו אַ ווייסן פערד . . .

***

און איצט, קומענדיק צוריק צום געדאַנק, מיט וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער דיסקוסיע, וועגן דעם מהות פון דעם אידנטום, וואָס האָט זיך, ווי די שכינה, קאָנצענטרירט אינ׳ם בית המקדש, וויל איך דאָ ברענגען אַ מדרש אויף אַ פסוק פון דער סדרה ״תצוה״, אין וועלכן אונזערע גרויסע חכמים דיסקוטירן וועגן דעם מהות פון דעם אידנטום, אָדער די הויפּט יסודות, אויף וועלכן עס איז אויפגעבויט געוואָרן דער גייסטיקער בנין פון אידישן פאָלק.

נאָכדעם ווי די תורה באַטאָנט דעם נאַציאָנאַלן באַדייט פון דעם משכן, דעם נר תמיד, די כהונה און די בגדי כהונה, וועלכע האָבן געדאַרפט געמאַכט ווערן לכבוד ולתפארת, זאָגט אונז די תורה אַן וועגן דעם קרבן תמיד, דעם קרבן פאַר׳ן גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס האָט געדאַרפט געבראַכט ווערן אַלע טאָג, איינדערפרי און אָוונט —

״את הכבש האחד תעשה בבוקר ואת הכבש השני תעשה בין הערבים״—אויף דעם פסוק איז דאָ אַ מדרש, וואָס ווערט געבראַכט אין דער הקדמה צום ״עין יעקב״.

„בן זומא אומר: מצינו פסוק הכולל בתורה יותר: שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד״ — בן זומא זאָגט: מיר געפינען אַ פּסוק, וואָס איז מער כולל די תורה און דאָס איז „שמע ישראל״ וכו׳.

„בן ננס אומר״ — בן ננס זאָגט, אַז דער פסוק „ואהבת לרעך כמוך״ איז כולל מער די תורה.

„שמעון בן פזי אומר״ — שמעון בן פזי זאָגט, אַז דער פסוק „את הכבש האחד תעשה בבוקר״ איז מער כולל די תורה.

„עמד רבי על רגליו ואמר: הלכה כבן פזי, שנאמר: „וככל אשר אני מראה אותך את תבנית המשכן ואת תבנית כל כליו וכן תעשו״ — האָט זיך רבי (רבי יהודה הנשיא) אַוועקגעשטעלט אויף זיינע פיס און געזאָגט: דער דין איז ווי בן פזי, ווייל עס ווערט געזאָגט ביים משכן „אַזוי ווי איך ווייז דיר דאָס געשטאַלט פון דעם משכן און די פאָרם פון אַלע זיינע כלים, אַזוי זאָלט איר מאַכן״ . . .

אויבנאויף איז דער מדרש כלו מוקשה. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך ווערט דאָ געצויגן צווישן „שמע ישראל״, „ואהבת לרעך״ און „את הכבש האחד״? וואָס פאַר אַ ויכוח האָבן די יונגע תלמידים פון רבי געפירט?

משמעות, אַז די דעבאַטע איז געשטאַנען ברומו של עולם, אַז רבי האָט זיך געמוזט אַוועקשטעלן אויף זיינע פיס צו מאַכן די הכרעה, די אַנטשיידונג, הייסט עס.

און ווידער איז די קשיה: ווי אַזוי קען רבי זאָגן, אַז דער פסוק „את הכבש האחד״ שטייט העכער ווי די פּראָקלאַמירונג פון אחדות הבורא און אהבת האדם? וואָס פאַר אַ פאַרגלייך, וואָס פאַר אַ פּאַראַלעל איז דאָס?

נאָר מיר שיינט, אַז אונזערע חכמים האָבן דאָ טאַקע אָנגעפירט אַ וויכטיקן סימפּאָזיום איבער אַן ענין, וואָס איז געשטאַנען, און שטייט נאָך היינט, ברומו של עולם. און דאָס איז די פראַגע:

וואָס איז דער מהות פון דעם אידנטום? וואָס איז זיין הויפּט־יסוד, וואָס איז כולל די גאַנצע תורה? . . .

זאָגט בן זומא: דער הויפּט עלעמענט פון דעם אידנטום איז זיין רעלי־גיעזע ג—ט־דערקענטעניש — „שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד״ — דאָס איז דער גרויסער אויפטו פון דער אידישער תורה־קולטור . . .

זאָגט בן־ננס: דער גרעסטער יסוד פון דער אידישער תורה איז „ואהבת לרעך כמוך״ — די עטישע דערקענטעניש.

ביידע יונגע חכמים האָבן דאָ אַרויסגעבראַכט די צוויי אוניווערסאַלע פּרינ־ציפּן פון בין אדם למקום און בין אדם לחברו, אַלס די גרעסטע יסודות פון דעם אידנטום, ווארום סיי די פּראָקלאַמירונג פון אחדות הבורא, סיי דער אימפּעראַטיוו פון מענשנליבע, זיינען אוניווערסאַל אין זייער מהות.

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ יסוד אין דעם אידנטום, אָן וועלכן די ערשטע צוויי וואָלטן אויף דער וועלט ניט געקומען, און דאָס איז דער נאַציאָנאַלער עלע־

מענט, די גאַנצקייט פון אידישן פאָלק, וואָס ווערט סימבאָליזירט אין דעם קרבן התמיד, יענער אָפּפער, וואָס האָט דוחה געווען אַלע שבתים און ימים טובים . . .

זאָגט שמעון בן פזי, אַז די ביידע פסוקים פון בין אדם למקום און בין אדם לחברו זיינען טאַקע די וויכטיקסטע אין אונזער תורה, אָבער אָן דעם אידישן פאָלק וואָלטן זיי ניט געשאַפן געוואָרן . . . דעריבער איז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט דער וויכטיקסטער, וואָס איז כולל אַלצדינג אין דער תורה . . . ווען עס וואָלט ניט געווען קיין קרבן תמיד, וואָלט ניט געווען קיין אידנטום, ניט קיין „שמע ישראל״ און ניט קיין „ואהבת לרעך״ . . . דעריבער איז דער פסוק „את הכבש האחד״ מער כולל די תורה . . .

רבי יהודה הנשיא, אָט דער גרויסער פירער, וועלכער האָט זיך געזאָרגט פאַר דעם קיום האומה און מסדר געווען די משנה, האָט געהאַלטן, אַז דער קיום האומה איז דער וויכטיקסטער עלעמענט פון דעם אידנטום, און צוליב דער וויכטיקייט פון דעם פּראָבלעם האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגעטראָגן זיין אַנטשיידונג:

„הלכה כבן פזי״ — האָט ער אויסגערופן — דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פון דער תורה, דער קיום האומה איז כולל אַלץ . . . ווארום די דריי יסודות, וועגן וועלכע איר האָט דיסקוטירט, בילדן אין גאַנצן דעוויז, אַ גאַנצן „סעט״, הייסט עס: ג—ט, מענש און פאָלק — אָבער דאָס וויכטיקסטע איז דער נאַציאָנאַלער עלע־מענט, דער קיום האומה, ווייל ער האַלט אויף די ביידע ערשטע יסודות . . .

אַ גוי קען קומען צו אחדות הבורא, אַ פריידענקער קען דערגרייכן צו מענש־לעכער עטיק, אָבער זיי קענען ניט ווערן קיין אָרגאַניזירטע קראַפט צו קעמפן און שטאַרבן פאַר זייערע פּרינציפּן פאַר דורות און דורות, און דעריבער, ווען איר נעמט אַוועק דעם קיום האומה־עלעמענט פון דעם אידנטום, ווערט דער גאַנצער „סעט״ צעפאַלן . . . פּונקט ווי ביים משכן האָט ג—ט געוויזן אַ גאַנצן דעוויז פון בנין און זיינע כלים, וועלכע שטעלן צוזאַמען אַלע צוזאַמען איין נאַציאָנאַלן הייליקטום, און ווען איין זאַך זאָל פעלן, פאַלט צוזאַמען דער גאַנצער בנין . . .

„שנאמר: ככל אשר אני מראה אותך את תבנית המשכן ואת תבנית כל כליו וכן תעשו״.

אין דער קרוין פונ׳ם אידנטום זיינען, אַלזאָ, אַריינגעזעצט דריי גרויסע, ליכטיקע דימענטן — ג—ט, מענש און פאָלק — דאָס איז דער מהות פון יהדות, און קיינער קען ניט קומען און זאָגן, אַז מיר געפעלט בעסער דער „בין אדם לחברו״, אָדער דער „בין אדם למקום״, אָדער גאָר דער נאַציאָנאַליזם אַליין . . . אַלע דריי דימענטן זיינען נויטיק פאַר דער כתר היהדות און טאָמער נעמט מען איינעם אַרויס, צעפאַלט די גאַנצע קרוין . . .

„את תבנית המשכן ואת תבנית כל כליו וכן תעשו״ . . .

# זכור

## ווארום די טראַדיציע האָט געווידמעט דעם שבת פאַר פורים צו דער מצוה פון „זכירת עמלק". — דער מיסטישער און רעאַלער זין פון „פרשה זכור". — דער פרייליכער פאָלקס־יום־טוב, וואָס זאָגט אונז אָן דעם נצחון איבער דעם היינטיקן המן־היטלער

„כי יד על כס יה מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור" — ר׳ לוי בשם ר׳ חמא בר חנינא אמר: כל זמן שזרעו של עמלק בעולם — לא השם שלם ולא הכסא שלם, אבד זרעו של עמלק מן העולם — הכסא שלם והשם שלם.

(תנחומא הקדום).

יעדער קרעאַטיווער קינסטלער האָט זיך זיינע אייגענע אויסדרוקס־פאָרמען, זיין אייגענעם סטיל, סגנון, אָדער שאַפונגס־נוסח . . .

און דאָס, וואָס דער פנים איז פאַר יעדן מענטשן, איז דער סטיל פאַר דעם קינסטלער — אַ פענסטער צו זיין אינערלעכער וועלט . . .

און יעדע שעפערישע פערזענלעכקייט מוז האָבן איר אייגענע צורה, איר אָריגינעלן „פענסטער" צו איר נשמה. אַניט — איז אַ סימן, אַז זי האָט ניט קיין אייגנס, קיין שעפערישעס . . .

ווארום דער רוח הקודש באַפרוכטעט אויך דעם סגנון פונ׳ם אמתן שאַפער, און דעריבער האָט יעדער נביא זיין אייגענעם סגנון, ווי די גמרא זאָגט:

„אמר ר׳ יצחק: סגנון אחד עולה לכמה נביאים ואין שני נביאים מתנבאים בסגנון אחד (סנהדרין פ"ט) — אַ סך נביאים האָבן גערעדט איבער איין טעמע און דאָך האָבן צוויי נביאים ניט נביאות געזאָגט אין איין סטיל . . .

און דאָס וואָס דער סטיל איז ביים שעפערישן יחיד, איז דער לעבנס־נוסח ביים פאָלק — אַ פענסטער צו זיין אינערלעכער נאַציאָנאַלער, גייסטיקער און פסי־כישער וועלט . . .

און ווען מיר בליקן אַריין אין דעם אידישן לעבנס־נוסח, וואָס איז סקולפ־טאָריש אויסגעמייסטערט געוואָרן פון דורות און דורות, באַוועבט מיט טראַדיציעס, מנהגים און צערעמאָניעס פון אויסנווייניק; ווען מיר זעען די גייסטיקע פאָרמען פון זיינע ימים טובים און שבתים, דעם נוסח פון זיינע באַזונדערע תפלות, וואָס

זיינען אָנגעגאָסן מיט אַ גייסטיקן עטיש־רעליגיעזן אינהאַלט וועגן ג—ט און מענש, פון אינעווייניק — דאַן דערשיינט פאַר אונז די גאַנצע שעפערישע פערזענלעכקייט פון דעם אידישן פאָלק אין איר טאָטאַלער אינטימער פראַכט . . .

און אַ טייל פון דעם לעבנס־נוסח אונזערן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך סויזנטער יאָרן פון אונזערע גייסטיקע ריזן, נביאים, חכמים, פיטנים און מקובלים, איז אויך די אַלטע טראַדיציע, אַז דער שבת פאַר פורים זאָל זיין געווידמעט צו דער מצוה פון „זכירת עמלק״, וואָס איז אַ מצות עשה מן התורה:

„זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים (כי תצא) — געדענקען זאָלסטו, וואָס עמלק האָט דיר געטאָן אין וועג אַרויסגייענדיק פון מצרים...

איז טאָקע דער שבת פאַר פורים, ווען מיר גרייטן זיך צו פייערן די מפלה איבער עמלק׳ס אייניקל, המן הרשע — אָט דער ערשטער בלוטיקער נאַצי־שטאַטסמאַן פון פערזיע, וואָס האָט געהאַט צוגעגרייט אַ שחיטה אויף אַלע אידן אין די הונדערט מיט זיבן און צוואַנציק פראָווינצן פון אחשורוש׳עס מדינה — איז טאָקע אָט דער שבת דער פאַסיקסטער מאָמענט, צו לערנען און זיך דערמאָנען די געשיכטע פון דעם גלות־אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם ערשטן, חוצפה׳דיקן, ברוטאַלן עמלק׳ישן איבערפאַל אויף דעם אָקאָרשט באַפרייטן יונגן אידישן פאָלק, וואָס איז געווען אויף זיין וועג צו ברענגען דאָס גרויס אייביק ליכט פון באַרג סיני פאַר דער וועלט.

און נאָכדעם ווי מיר לייענען די סדרה „תצוה״, וואו די תורה זאָגט אונז אָן וועגן דעם „נר תמיד״ פון דעם ריינסטן און געלייטערסטן איילבערט־אויל, וואָס דאַרף ברענען און באַלייכטן דעם בית המקדש, אַלס אַ סימבאָל פון דעם ריינעם און געלייטערטן ליכט פון אידנטום פאַר דער וועלט, שליסן מיר די קריאת התורה מיט דער פרשה „זכור״ פון „כי תצא״ און מיר זיינען מפטיר מיט דעם נביא שמואל א׳ ט״ו, וואו דער ערשטער אידישער מלך ווערט אויפגעפאָדערט פון שמואל הנביא אין נאָמען פון ג—ט, אַז ער זאָל גיין זיך אָפּרעכענען מיט דעם עמלק־פאָלק, פאַר־פירן מיט זיי אַ מלחמה און פאַרניכטן זייער געדעכעניש, ניט איבערלאָזנדיק קיין שריד ופליט און קיין זאַך וואָס דערמאָנט אין עמלק׳ס דור . . .

איז אָבער פאַר דעם מאָדערנעם עטיש־רעליגיעזן מענשן, וואָס זעט אין דער תורה דעם קוואַל פון ליכט און גוטסקייט, פון חסד און רחמים, שווער צו באַ־גרייפן, וואָרום די תורה האָט זיך אָנגעזעצט אויף עמלק׳ן מער ווי אויף אַנדערע באַרבאַרישע פאַגאַנישע פעלקער, וועלכע זיינען געווען פאַרביסענע שונאים פון אידן.

וואָרום האָט ג—ט דערקלערט אַן אייביקע מלחמה דווקא קעגן עמלק׳ן און קעגן אַליין, וואָס איז פאַרבונדן מיט עמלק׳ס נאָמען?

מיר וואָלטן עס געקענט פאַרשטיין פון נאַציאָנאַל־פּסיכאָלאָגישן שטאַנד־פונקט. דאָס אידיש פאָלק האָט אַריינגעזאַפּט אַ ביטערע שנאה צו זיין ערץ־פיינט

עמלק, וועלכער איז געווען דער ערשטער אים צו באַפאַלן, ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים, און די דאָזיקע שנאה איז איבערגעגאַנגען צו די שפּעטערדיקע דורות.

אָבער פון אידיש־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט איז דאָס שווער צו באַנעמען. ווי איז דאָס בנמצא, אַז ג—ט, וואָס האָט רחמנות אויפ׳ן קלענסטן ווערימל; ער וואָס האָט מתרעם געווען אויף די מלאכים, ווען זיי האָבן געזונגען שירה ביים ים, זאָגנדיק „מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה!" (מגילה י׳) — ווי קומט עס, וואָס ער, דער אידישער ג—ט, זאָל אָנהאַלטן אַזוי לאַנג זיין כעס אויף די עמלקים? און וואָס די אידישע טראַדיציע האָט פאַרגעסן אַלע אַמאָליקע שונאים פון אידישן פאָלק און זיך אָפּגעשטעלט אויף עמלק׳ן, אַלס דעם איינציקן און געפערלעכן צורר פון אידנטום פאַר אַלע דורות?

נאָר דאָ ליגט אַ טיפער מיסטיש־רעליגיעזער געדאַנק, וואָס איז אַריינגע־פלאָכטן געוואָרן אין דעם נאַציאָנאַלן געוועב פון טראַדיציאָנעלן אידישן לעבנס־נוסח און וואָס האָט באַקומען פאַר אונז אַ לעבעדיקן, דינאַמישן אינהאַלט אין דער לעצטער צייט, מיט׳ן אויפקום פון דעם מאָדערנעם עמלק אין דער געשטאַלט פון היטלער־הרשע, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן, ווי המן אין זיין צייט, צו פאַרניכטן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק.

ווען די אידן זיינען אַרויס פון מצרים, איז באַפרייט געוואָרן אַ געוואַלטיקער פּאָזיטיווער גייסטיקער און עטישער כח, צו קעמפן קעגן דער פינסטערער גבורה, וואָס האַלט די מענטשן געפאַנגען און לאָזט זיי ניט זיך דערהויבן צו אויסלייזונג, גליקזעליקייט און קדושה . . .

מיר ווייסן, אַז אין דער יצירה זיינען דאָ פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע כחות, וועלכע פירן אַן אַ קאַמף צווישן זיך. ליכט און פינסטערניש, גוט און שלעכט, קדושה און טומאה, ליבשאַפט און האַס, שלום און מלחמה — מיט איין וואָרט: יעדער פּאָזיטיווער כח האָט זיין צד שכנגד — דער יצר טוב האָט זיין יצר הרע . . .

און פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט האָט זיך עמלק אַרויסגעשטעלט צו זיין דער צד שכנגד פון דעם אידישן פאָלק . . . און אויב די וועלט זאָל אויס־געלייזט ווערן, מוז עמלק און אַלץ וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר, פאַרניכטעט און אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד . . .

עמלק איז אָנגעפאַלן אויף דעם אידישן פאָלק אָן אַ פאַרוואָס, ווייל ער איז דער נאַטירלעכער שונא פון מענשלעכער פרייהייט, פון דער אידישער תורה־קולטור, וואָס איז געקומען אויסצולייזן די וועלט . . . ווייל עמלק האָט געפילט, אַז די וועלט איז צו ענג פאַר אים און דעם אידנטום . . . זיי זיינען ביידע ווי פייער מיט וואַסער און דעריבער האָט ג—ט, דער מקור הרחמים והחסד, געשוואוירן אַן אייביקע מלחמה מיט עמלק׳ן, ווייל כל זמן דער דור פון עמלק׳ן וועט זיך געפינען אויף דער ערד, וועט דער גייסט פון אידנטום ניט קענען באַפרייען די וועלט . . .

„כי יד על כס יה מלחמה בעמלק מדור דור" — זאָגן די חז"ל און רש"י, ברענגט עס אויפ'ן אָרט אין „בשלח", אַז ג—ט האָט, כביכול, אויפגעהויבן די האַנט און געשוואָרן ביי זיין טראָן, אַז ער וועט אָנפירן אַ „מלחמה עולמית" אַן אייביקן קריג מיט עמלק'ן. און דעריבער שטייט „כס" און ניט „כסא" און דעריבער איז דער שם צעטיילט געוואָרן אויף דער העלפט, ווייל דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט געשוואָרן, אַז ניט זיין נאָמען און ניט זיין טראָן וועט גאַנץ זיין ביז עמלק'ס נאָמען וועט אָפּגעמעקט ווערן פון אונטער'ן הימל:

„כי יד על כס יה" — ר' לוי בשם ר' חמא בר חנינא אמר: כל זמן שזרעו של עמלק בעולם — לא השם שלם ולא הכס שלם; אבד זרעו של עמלק מן העולם — הכס שלם והשם שלם" (תנחומא הקדום).

דערזעלביקער מדרש טייטשט אויך „אשר קרך בדרך" — „אשר הקרך" פון לשון „קר", קאַלטקייט — זאָלסט געדענקען עמלק'ן, וואָס האָט דיר קאַלט געמאַכט פאַר אַנדערע, ד. ה. אַז אַנדערע פעלקער זאָלן דיר אויך קענען אַטאַקירן . . . דאָס איז געגליכן צו אַ הייסע וואַנע, אין וועלכער קיין באַשעפעניש האָט ניט געקענט אַריינגיין, איז געקומען אַ נידערטרעכטיקער לומפּ און אַריינגעשפּרינגען אין איר, און הגם ער אַליין איז אָפּגעבריט געוואָרן, האָט ער אָבער די וואַנע אָפּגעקילט פאַר אַנדערע. כך ישראל כישצאו ממצרים, ונקרע הים לפניהם, ונשתקעו המצרים בתוכו, נפל פחדם על כל האומות, כיון שבא עמלק ונזדוג להם, אף על פי שנטל את שלו מתחת ידיהם — הקרם לפני אומות העולם.

דאָס איז, אַלזאָ, געווען אַ כאַראַקטעריסטישער עמלק'יש־היטלעריסטישער אַנפאַל. די פעלקער האָבן שוין געהאַט אַנגעהויבן צו רעספּעקטירן די אידן. זיי האָבן געוואוסט די געשיכטע פון אידישן פאָלק און דעם סוף פון די פעלקער, ווי שפּאַניע, צאַרן־רוסלאַנד און אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרפאָלגט אידן. די פרייהייט־אידעאַלן פונ'ם אידנטום האָבן זיך שוין געגומען איינוואָרצלען אין אַנדערע לענדער, און מיט אַמאָל איז געקומען „זרעו של עמלק", היטלער הרשע, פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד און אַטאַקירט די אידן אַזוי חוצפּה'דיק, אַזוי ברוטאַל און אַזוי גיפטיק, אַז ער האָט זיי אָפּגעשוואַכט פאַר אַלע אַנדערע פעלקער . . . ער האָט אַרונטער־געריסן אַלע מענשלעכע אידעאַלן, געטראָמפּלט אויף קולטור־אוצרות און געבראַכט אַ חורבן אויף מיליאָנען אידן און אַן אומגליק אויף דער גאַנצער מענשהייט.

אויף אַזאַ בעסטיע טאָר מען קיין רחמנות ניט האָבן . . . מיט אַזעלכע פינסטערע פּאַגאַנישע שונאים פון דער מענשהייט מוז אָנגעפירט ווערן אַן אייביקע מלחמה . . .

דעריבער טאַקע האָט זיך שאול פאַרזינדיקט, ווייל ער, אַלס ג—ט־געזאַלב־טער פירער, האָט געדאַרפט פאַרשטיין דעם טיפערן באַדייט פון דער מלחמה קעגן

עמלק׳ן און זיך ניט לאָזן באַהערשן פון רחמנות־געפילן, וועלכע קענען גאַנץ אָפט פאַרפירן דעם מענשן . . .

אָט האָט, מיט עטלעכע טויזנט יאָר שפּעטער, אַ אידישער שני למלך אין ארץ ישראל, דער ערשטער האַי קאָמישיאָנער הערבערט סעמיועל, רחמנות געהאַט אויף אַן אַראַבישן עמלק, דעם מופטי, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם פּאָגראָם אין 1921, און אים באַפרייט און דערהויבן — און איצט ווייגען מיר אַלע אויף די רעזולטאַטן פון סעמיועל׳ס רחמנות . . .

און די סאָציאַליסטישע מלוכה פון דייטשלאַנד נאָך דער מלחמה — איז זי דען ניט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן מיט איר דעמאָקראַטישן רחמנות אויף היט־לער׳ן, באַפרייענדיק אים פון תפיסה נאָך זיין פאַרזוכטן „פּוטש״ און לאָזנדיק אים פאַרגיפטן די מוחות פון די אַרבעטער ? . . .

און לאָמיר אייך זאָגן: איך האָב שטאַרק מורא פאַר דער „דעמאָקראַ־טישער רחמנות״ פון די אַמעריקאַנער פירער, וועלכע דערלויבן די היגע „עמלקים״ אָנצופירן זייער פינסטערע, אומאַמעריקאַנישע פּראָפּאַגאַנדע און אָפּצוהאַלטן עפנט־לעכע מאַסן־פאַרזאַמלונגען. פאַר היטלעריסטן זיינען ניטאָ קיין דעמאָקראַטישע פּריוו־ציפּן, וועלכע זיי אַליין זוכן צו באַקעמפן מיט אַלע ברוטאַלע מיטלען . . .

הלואי זאָל איך ליגן זאָגן. אָבער איך האָב שטאַרק מורא, אַז אונזער טייערע געבענשטע אַמעריקע לאָזט אויסוואַקסן אַ גיפטיקע שלאַנג אין איר בוזים . . .

וואָס פאַר אַ היסטאָרישער אמת ליגט אין דער לעגענדע, וואָס דערציילט, אַז צוליב דעם וואָס שאול האָט אין זיין „גרויס רחמנות״ געלאָזט לעבן דעם עמלק׳ישן קעניג אגג׳ן פאַר איין נאַכט, איז אַרויסגעקומען פון אים דער צורר ישראל המן בן המדתא האגגי. און אַ דאַנק די איבערגעבליבענע עמלקים איז די גאַנצע מענשהייט דערטרונקען געוואָרן אין מענשלעך בלוט פון זייערע רציחות, שחיטות און מלחמות . . .

און אַ דאַנק די המנ׳ס, היטלערס און מופטיס, וועלכע זיינען געקומען צו מאַכט דורך דעמאָקראַטיע און רחמנות, לעבן מיר דורך היינט די טיפסטע און שוידערלעכסטע טראַגעדיע פון אונזער מאַרטירער־געשיכטע און די וועלט ווערט פאַרפלייצט פון אַ מבול בלוט, אונטערדריקונג, באַרבאַריזם, חיה׳שער ברוטאַליטעט און שענדונג פון מין מענש . . .

דאָס איז דער זין פון „זכירת עמלק״ אין זיין מיסטישן און רעאַלן אינהאַלט, און דעריבער האָט אונזער טראַדיציע אַריינגעפלאָכטן די מצוה אין דעם קראַנץ פון אונזערע שבתים, אויסקלייבנדיק דעם שבת פאַר פורים, ווען מיר פייערן די מפּלה פון עמלק׳ס אייניקל, פאַר דעם שבת „פרשה זכור״, ווען אידן זאָלן געדענקען די־קינדער פון עמלק׳ן און ניט פאַרצווייפלט ווערן פון דעם קאַמף, וואָס זיי מוזן אָנפירן מיט עמלק׳ס יורשים אין אַלע דורות, ווייל געדענקען דאַרפן מיר, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן און מעכטיקן שותף אין דעם קאַמף . . . „מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור״ . . .

# כי תשא

## די „מעשה העגל״ איז דער גורל פון מענשלעכן גייסט, וואָס ליידט פון רעאַקציעס אין זיין מאַרש צו ג—ט און קולטור. — ווארום די גואלים און נביאים מוזן צעברעכן די ערשטע לוחות

„כי תשא״ — אמר ר׳ אבהו: אמר משה לפני הקדוש ברוך הוא: במה תרום קרן ישראל? אמר לו ב„כי תשא״.
(בבא בתרא י׳).

„אשר הוצאת מארץ מצרים״ — מה ראה להזכיר כאן יציאת מצרים? אלא אמר משה: רבון העולם, מהיכן הוצאת אותם? לא ממצרים שהיו כלם עובדי טלאים? . . . אמר ר׳ הונא בשם ר׳ יוחנן: משל לחכם שפתח חנות של בשמים בשוק של זונות וכו׳ . . .
(שמות רבה פ׳ מ״ג).

„ודי זהב״ (דברים. א׳) — מאי ודי זהב? אמרו דבי ר׳ ינאי: כך אמר משה לפני הקב״ה: רבונו של עולם בשבל כסף וזהב שהשפעת להם לישראל עד שאמרו „די״ — הוא גרם להם שעשו את העגל . . .

אמר ר׳ יוחנן: משל לאדם שהיה לו בן, הרחיצו וסכו והאכילו והשקהו ותלה לו כיס על צוארו והושיבו על פתח של זונות — מה יעשה הבן שלא יחטא? . . .
(ברכות ל״ב).

„וביום פקדי״ — אמר ר׳ יצחק אין לך כל פורעניות ופורעניות שבאה לעולם, שאין בה אחד מעשרים וארבעה בהכרע ליטרא של עגל הראשון, שנאמר „וביום פקדי ופקדתי עליהם חטאתם״.
(סנהדרין ק״ב).

בשעה שנתן הקדוש ברוך הוא למשה את הלוחות היו סובלים את עצמם, כיון שירד וקרב על המחנה וראה את העגל, פרח אותו הכתב מעליהם ונמצאו כבדים על ידיו של משה, מיד „ויחר אף משה וישלך מידיו את הלוחות״ . . .
(תנחומא).

„עגל הזהב״ . . . גורל׳דיקע וואונד פון מענשלעכער שאַנד! . . . סימבאָל פון גייס־טיקער דעגראַדאַציע . . . טרייבקראַפט פון טומאה און פאָלקס־רעאַקציע . . .

דער „גאָלדענער קאַלב״ — דער גלאַנציקער, פאַרפירערישער געשפּענסט, וואָס לויערט אין די טיפע אָפּגרונטן פון דעם מענשלעכן וועזן און מאַכט שווער און זיגזאַגיק זיין גאַנג צו קולטור און אויסלייזונג! . . .

אַט יענער פאַרשאַלטענער מעטאַלענער כח, וואָס ברעכט פּלוצים אויס, ווי אַ שטורעם, אין דער פּסיכיק פון אַ פאָלק, פאַרווירט און צעטומלט אים און שליידערט אים אַרונטער פון זיינע הויכן, אויף וועלכע ער האָט זיך, נאָך שווערע ראַנגלענישן מיט גרויס יסורים, שוין געהאַט אַרויפגעקלאַמערט . . .

וואָס פאַר אַ טייוולאַנישע מאַכט האָט נאָך דער „עגל הזהב" אויף דער וועלט, ניט קוקנדיק וואָס משה רבנו, דער אַנטוישטער גואל און נביא, האָט אים פאַרברענט און צעמאָלן אויף דינעם שטויב, וואָס ער האָט פאַרמישט אין וואַסער און, ווי אַ סערום, געמאַכט טרינקען די קראַנקע אידן, וועלכע זיינען אַטאַקירט געוואָרן פון דער פאַגאַנישער חולאת . . .

דער גורל פון פעלקער ווערט נאָך אַלץ פאַרפאָלגט פון דעם „עגל הזהב"...

קיין פאָלק איז ניט זיכער מיט זיינע דערוואָרבענע קולטור־הויכן, מיט זיינע אויסגעקעמפטע אידעאַלן . . .

ווי הויך און ווי קולטוריש אַ פאָלק זאָל ניט זיין, קען נאָך קומען דער שטן און „צעמישן די וועלט" און זיי ווייזן, אַז זייערע אידעאַלן זיינען פאַלש . . . אַז זייער אמת'ער באַפרייער איז טויט . . . ער הענגט אין זיין טויטן־בעט צווישן הימל און ערד . . . און אין זייערע צערודערטע און צעטומלטע מוחות וועלן זיי פאַלן אויף אַ מהלך צוריק צו זייער אורוואַלד־לעבן. און זיי וועלן פאַרגעטערן אַ גאָלדענעם קאַלב, אָדער גאָר אַ מענשלעכן געץ, אַלס זייער גאָט, באַפרייער און „פירער" . . .

ווי דער מדרש תנחומא דערציילט אַזוי באַדייטפול די סיבה, וואָרום די אידן האָבן דערליטן אַזאַ פּלוצימדיקע רעאַקציע:

„ויש אומרים: בא שטן וערבב את העולם והראה להם דמות מטתו של משה תלויה באויר בין השמים ובין הארץ, והיו מראים באצבע ואמר: „כי זה משה האיש' " . . .

די „מעשׂה העגל" אָדער, ווי אונזערע חכמים באַצייכענען עס תמיד מיט דעם אויסדרוק „אותו המעשה", יענע פאַסירונג — ווייל זיי האָבן זיך געשעמט אַרויסצוברענגען פון זייער מויל יענע היסטאָרישע שאַנד — פאַרנעמט אַ געוואַלטיקן פלאַץ אין אונזער תורה־ליטעראַטור. זי האָט באַשעפטיקט די מוחות פון אונזע חכמי התלמוד והמדרש. זי שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער קבלה, וועלכע האָט אַריינגעגאָסן אין אָט דער טונקעלער געשיכטע, אַ וועלט מיט מיסטיק.

אינטערעסאַנט איז, וואָס די מערסטע אגדות טרעטן אויף אַלס סניגור'ס, פאַרטיידיקער, הייסט עס, פון די אידן, וואָס האָבן זיך באַנאַרישט מיט דעם עגל, אַנווייזנדיק אויף די מענשלעכע כחות, ווי אויף די אומשטענדן, וואָס האָבן געבראַכט אָט די פּלוצימדיקע רעאַקציע.

דער מדרש רבה פרעגט: וואָרום האָט משה רבנו, ווען ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די אידן ביי ג—ט, געדאַרפט דערמאָנען „יציאת מצרים", באַטאָנענדיק

אין זיין אַפּיל: „למה ד׳ יחרה אפך בעמך אשר הוצאת מארץ מצרים?״ — נאָר משה האָט דאָ געזאָגט: הער פון דער וועלט! פון וואַנעט האָסטו זיי אַרויסגענומען? ניט פון מצרים, פון אַ לאַנד, וואו אַלע האָבן געדינט עבודה זרה? . . .

„אמר ר׳ הונא בשם ר׳ יוחנן: משל לחכם שפתח לבנו חנות של בשמים בשוק של זונות״ — האָט ר׳ הונא געזאָגט אין נאָמען פון רבי יוחנן: דאָס איז געגליכן צו אַ חכם, וואָס האָט געעפנט פאַר זיין זון אַ קראָם פון פּאַרפיום אין אַ געסל פון זונות. דאָס געסל האָט זיך געטאָן זיינס, דאָס קרעמל האָט זיך געטאָן זיינס און דער יונג, ווי אַ בחור, האָט זיך געטאָן זיינס — הכלל, ער איז אַרויס לתרבות רעה. איז געקומען זיין פאָטער און אים געפּאַקט מיט אַ זונה. האָט דער פאָטער אָנגעהויבן שרייען: איך וועל דיר דער׳הרג׳ענען! איז דאָרט געווען דער פריינט פון דעם חכם, זאָגט ער צו אים: וואָס ביזטו אַזוי אין כעס? דו אַליין האָסט דאָך איבער־געפירט דעם אינגל, און איצט שרייסטו אויף אים . . . פון אַלע אַרבעטס־פאַכן האָסטו אויסגעקליבן אים צו לערנען בלויז צו זיין אַ פּאַרפיומירער, און אין ערגעץ האָסטו ניט געקענט געפינען פאַר אים אַ פּלאַץ, נאָר בלויז אין דעם הינטערגעסל פון זונות . . .

„כך אמר משה: רבון העולם! הנחת כל העולם ולא שעבדת בניך אלא במצרים, שהיו עובדי טלאים, ולמדו מהם בניך ואף הם עשו העגל״ — פון דער גאַנצער וועלט האָסטו קיין אַנדער פּלאַץ ניט געפונען צו פאַרשקלאַפן דיינע קינדער, ווי בלויז אין מצרים, וואו אַלע זיינען שעפּסן־דינער, האָבן זיך דיינע קינדער אָפּגעלערנט פון זיי און זיך געמאַכט אַ קאַלב — „לפיכך אמר: „אשר הוצאת מארץ מצרים״ — דע מהיכן הוצאת אותם — געדענק פון וואַנעט דו האָסט זיי אַרויסגענומען (שמות רבה מ״ג).

אָט די פאַרטיידיקונג פאַר די אידן, וואָס האָבן געדינט דעם עגל, ווערט אין דער גמרא נאָך קלאָרער אַרויסגעבראַכט, בעמענדיק אַלס גרונט פאַר דעם פאַר־ברעכן די מענשלעכע פּסיכאָלאָגיע און די פּעדאַגאָגישע שולד פון דער השגחה.

די גמרא (ברכות ל״ב) דערקלערט די סיבה, וואָס האָט געפירט צו דער „מעשה העגל״ איז געווען, וואָס די אידן איז געווען „צו גוט״ . . . עס האָט זיי קיין זאַך ניט געפעלט. „עס איז זיי בלויז אָפּגעגאַנגען די שמד״ — ווי מ׳פלעגט זאָגן ביי אונז אין דער ליטע.

אויף דעם אויסדרוק „ודי זהב״ (דברים א׳), פרעגט די גמרא: מאי „ודי זהב״? האָט מען אין ר׳ ינאַי׳ס בית מדרש דערויף געזאָגט: אַזוי האָט משה געזאָגט פאַר הקדוש ברוך הוא: רבונו של עולם! צוליב די זילבער און גאָלד, וואָס דו האָסט זיי געגעבן אין אַזאַ שפע, ביז זיי האָבן געזאָגט: „די״ — גענוג. דאָס האָט גורם געווען זיי צו מאַכן דעם עגל.

„זאָגט ר׳ יוחנן: דאָס איז געגליכן צו איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ זון, האָט ער אים אויסגעבאָדן, אויסגעשמירט מיט שמעקנדיקע אויל, אים אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, אים אָנגעהאָנגען אַ בייטל מיט געלט אויף זיין האַלז און אים אַוועקגעזעצט ביי דער טיר פון זונות — „מה יעשה הבן שלא יחטא?״ — וואָס זאָל דער זון טאָן, אַז ער זאָל ניט זינדיקן? . . .

די דערקלערונג פון דער גמרא אָנטהאַלט ניט נאָר אַ פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע פאַרטיידיקונג פאַר דער „מעשה העגל״, נאָר אַ טיפן עטישן געדאַנק וועגן דער וויכטיקייט פון מלאכה, יגיע כפּים אַלס אַ שוץ קעגן זינד . . . אַ מענטש מוז אַריינפאַלן אין זינד, ווען אים איז צו גוט, ווען ער דאַרף ניט אַרבעטן פאַר זיין לעבן . . . אידן האָבן, דעריבער, געזינדיקט מיט דעם עגל, ווייל זיי האָבן געהאַט גאָלד און זילבער און געגעסן און געטרונקען פון אַלעם פאַרטיקן, האָט דעריבער צווישן זיי די שכינה ניט געקענט רוהען, וואָרום „מה יעשה הבן שלא יחטא?״ . . .

איצט ווערט אונז נאָך קלאָרער דער מאמר פון רבי טרפון אין אבות דר״נ פ׳ י״א, וואו ער זאָגט: „גודלה מלאכה שאף הקב״ה לא השרה שכינתו על ישראל עד שעשו מלאכה, שנאמר ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״. דעמדאָזיקן מאמר האָב איך דיסקוטירט באריכות אין איינעם פון אונזערע שמועסן וועגן דעם ווערט פון מלאכה אין דעם ליכט פונ׳ם ריינעם אידנטום. איצט וויל איך דאָ בלויז אָנווייזן אויף דעם פאַקט, וואָס דער משכן איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער רעאַקציע מיט דער ,מעשה העגל״. דער משכן־בוי איז געקומען מתקן זיין דעם אידישן אומ־פּראָדוקטיוון לעבן אין דעם מדבר . . . די אידן האָבן געזינדיקט, ווייל זיי האָבן ניט געאַרבעט, האָט דעריבער ג—ט געהייסן מאַכן אַ משכן, זיי זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט שעפערישער אַרבעט, וועלן זיי דאָן ניט זינדיקן. אין אָט דעם ליכט ווערט אונז נאָך קלאָרער און פאַרשטענדלעכער די מימרא פון רבי טרפון.

זיך שטיצנדיק אויף די אגדות פון תלמוד און מדרשים ברענגט דער „משך חכמה״ נאָך שאַרפער אַרויס דעם פּסיכאָלאָגישן מאָמענט פון דער „מעשה העגל״. ער זאָגט, אַז די אידן זיינען אינגאַנצן ניט אויסגערייניקט געוועזן פון דער מצרי׳שער געצנדינערײַ אפילו ווען זיי זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני און זיך דערהויבן צו קבלת התורה . . .

„ואף על פי שהופסקה הזוהמה בעמדם אצל הר סיני, מכל מקום נשאר אצלם קצת נטיה״ — הגם דער שמוץ איז אַוועק פון זיי ווען זיי זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, פונדעסטוועגן איז דאָך געבליבן ביי זיי אַ שטיקל נייגונג צו עבודה זרה . . .

איז כל זמן משה, זייער גואל, נביא און תורה־געבער, איז געווען מיט זיי, האָט ער אויף זיי משפיע געווען. האָבן זיי דורך משה׳ס נאָענטקייט זיך געפילט

נאָענט צו ג—ט. קוים אָבער איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן אין די הימלען און זיך אויף אַ ווײַלע פאַרשפּעטיקט צו קומען צוריק צו זיי, האָט זיך זיין השפּעה אָפּגע־שטעלט, און די „זוהמה״, דער אומרייִנער כח פון דעם שטן, דאָס נידעריקסטע אין דעם מענטשן, האָט באַקומען די איבערהערשאַפט . . .

דאָס איז דער גורל פון אַלע גרויסע קולטור־אידעאַלן, וועלכע ווערן גע־בראַכט צו דער מענטשהייט פון די ג—ט־געבענטשטע נביאים . . . פריער וויל דאָס פאָלק זיי ניט הערן „מקצר רוח ומעבודה קשה״ . . . אָבער ווען די נביאים ווערן גואלים, הייבט אָן דאָס פאָלק זיך צו דערהייבן . . . עס קומט נעענטער צו זיינע נביאים, אָבער, די נאָענטקייט איז דאָך אַ מענטשלעכע, אַ צײַטווײַליקע, וואָרום אַזוי שנעל ווי דער נביא פאַרשווינדט, פאַלט דאָס פאָלק צוריק און ווערט אַ קרבן פון דעמאַגאָגן און טייוואָלים . . . און דער צוריקפאַל איז פיל טיפער און שווידער־לעכער, ווי ער איז פריער געווען, איידער די גאולה איז געקומען . . .

וואָרום, ווען דער נביא קומט מיט די ג—ט־געבענטשטע און ג—ט־געשריבענע לוחות און דאָס פאָלק שרייט אויס מיט באַגײַסטערונג „נעשה ונשמע״, מיינט עס נאָך ניט, אַז די מאַסן האָבן זיך שוין אינגאַנצן, פסיכיש און אידעאיש, איבערגעבראָכן. אַביסל „זוהמה״ בלײַבט נאָך אַלץ אין זייער אונטערבאַוואוסטזיין, און ביי דער ערשטער ניט־גינסטיקער געלעגנהייט ברעכט זי אויס און פאַרפלייצט דאָס פאָלק מיט דעגראַ־דאַציע און חיה׳שקייט . . .

און דאָס איז דער געדאַנק פון דעם מדרש, וואָס דערקלערט פונוואַנעט משה האָט גענומען די שטראַלן, וואָס האָבן באַלויכטן זיין פּנים:

„עד שהיה כותב וקולמוס נשתייר קימעא והעבירו על ראשו וממנו נעשו לו קרני ההוד שנאמר: ומשה לא ידע כי קרן עור פניו״ (שמות רבה מ״ז).

ווען משה האָט געשריבן מיט דער פען, איז איבערגעבליבן אַביסל (פון דעם פייערדיקן טינט אויף דער שפּיץ פון זיין פען), האָט עס משה אַ פיר געטאָן אויף זיין קאָפּ, און דערפון זיינען אים געוואָרן די שטראַלן פון הערלעכקייט אויף זיין פּנים, ווייל עס ווערט געזאָגט: „און משה האָט ניט געוואוסט, אַז די הויט פון זיין פּנים האָט געשטראַלט״ . . .

וואָרום, וויפל דער גרויסער מענטש, דער נביא און דער גואל, זאָל זיך ניט באַמיען צו דערקלערן זיינע אידעאַלן צום פאָלק, בלײַבט נאָך אַלץ עפּעס אויף דער פען פון דעם נביא׳ישן לוחות־שרייבער, וואָס דאָס פאָלק פאַרשטייט ניט. דאָס בלײַבט ביים תורה־געבער, ביים גאולה־ברענגער, ביים לוחות־שרייבער און ביי אַלע ערשטע באַשאַפער פון פרייהייטלעכע קאָנסטיטוציעס . . .

ווייל די אויסגעלייזטע קענען קיינמאָל ניט דערגרייכן די הויך פון די אויס־לייזער . . .

און די צרה איז, וואָס „ומשה לא ידע כי קרן עור פניו" — וואָס דער נביא אליין ווייסט ניט, אַז עס איז דאָ אַזאַ דיקע מחיצה צווישן אים און זיין פאָלק. ער מיינט, אַז דאָס פאָלק פאַרשטייט אים, אַז די מאַסן זיינען דערהויבן און וועלן שוין בלייבן אויף זייער הויכקייט, אויף וועלכער ער האָט, מיט אַזוי פיל מי, זיי אַרויס־געפירט . . .

די „מעשה העגל", ווי אַלץ וואָס איז דערציילט געוואָרן אין דער תורה, מוז פאַרשטאַנען ווערן אין דעם ליכט פון דער אייביקייט, און אין אָט דעם ליכט אַנטדעקט זיך פאַר אונז די פאַסירונג מיט דעם „גאָלדענעם קאַלב", אַלס די ערשטע היסטאָרישע רעאַקציע פון אַ פאָלק, וואָס מאַרשירט צו פרייהייט און אויסלייזונג. די טראַגעדיע פון דער גאַנצער מענשהייט, וועלכע ווייטאַקט מיט יסורים׳דיקע זיג־זאַגישע שריט אויף איר וועג צו ג—ט און פרייהייט . . .

אין משה רבנו זעען מיר דעם גורל פון אַלע גואלים און נביאים, וועלכע קומען מיט ג—ט׳ס פלאַם אין זייערע הערצער און מיט ג—ט׳ס לוחות אונטער זייערע אָרעמס פאַר דעם גליק פון זייער פאָלק און פון דער גאַנצער מענשהייט.

די לוחות זיינען פון שטיינער. שווער צו טראָגן. אָבער דער נביא טראָגט די שווערע מאַסע מיט ליבע. די ווערטער מאַכן זיי לייכט. דער גליק־ברענגענדיקער אינהאַלט העלפט דעם גואל זיי טראָגן . . .

און דער נביא איז גליקלעך, זעענדיק אַז דאָס פאָלק פאַרשטייט אים, פילט אים, און די שווערע שטיינערנע לוחות ווערן אים אַזוי לייכט . . . אָבער, ווען דער נביא דערזעט זיין פאָלק אין אַ רעאַקציע, דעגראַדירט און פאַרפירט, דאַן פליט אַרויס דער אינהאַלט פון די לוחות, און זיי ווערן טויטע, שווערע שטיינער, און ער קען זיי מער ניט טראָגן . . . ער וואַרפט זיי אַרונטער און צעברעכט זיי . . .

ווי טיפזיניק און קולטור־היסטאָריש ריכטיק איז די בילדלעכע אגדה פון דעם מדרש:

„בשעת הקדוש ברוך הוא האָט געגעבן משה׳ן די לוחות, האָבן זיי זיך אַליין געטראָגן; אַזוי שנעל ווי ער האָט אַרונטערגענידערט און זיך דערנענטערט צו דער מחנה און דערזען דעם קאַלב, איז דאָס געשריפט אַרויסגעפלויגן פון זיי און זיי זיינען געוואָרן שווער אויף די הענט פון משה און באַלד — ויחר אף משה וישלך מידיו את הלוחות (תנחומא) — האָט עס משה׳ן שטאַרק פאַרדראָסן און ער האָט די לוחות אַרויסגעוואָרפן פון זיינע הענט.

אויף וואָס דאַרף דער תורה־געבער די לוחות, ווען דאָס פאָלק האָט זיי פאַר־ראָטן? . . .

אָבער דער גואל ליבט דאָך זיין פאָלק. אויב דאָס פאָלק איז ווייט פון דעם גואל, איז אָבער דער גואל נאָענט צום פאָלק . . . און ער שטעלט זיך איין פאַר

זיי. ביז אַנדערע לוחות מיט דעם זעלביקן פייערדיקן אינהאַלט ווערן דעם פאָלק ווידער געבראַכט . . .

אַזוי איז די „מעשה העגל" געווען אַ „בכיה לדורות", אַ טראַגישער אָנזאָג פאַר אַלע פעלקער און זייערע גואלים . . .

נאָך דערהויבונג קומט רעאַקציע . . . די ערשטע לוחות מוזן צעבראָכן ווערן, אָבער דערביי בלייבט עס ניט . . . אַנדערע לוחות קומען אויף זייער אָרט. און זיי ווערן האַלטן אין איין קומען ביז זיי ווען זיך איינקריצן אין די מענשלעכע הערצער . . .

וואו זיינען אַהינגעקומען פּרעזידענט ווילסאָן'ס „לוחות" מיט זיינע פערצן „דיברות", פּונקטן, הייסט עס, וועלכע האָבן געזאָלט באַפרייען די מענשהייט ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה? — זיי זיינען צעבראָכן געוואָרן, ווען די אַליאירטע שטאַטסמענער האָבן פאַרראַטן ווילסאָן'ס שלום־פּונקטן אין ווערסאַיל . . . איצט איז געקומען אַן „ערבוביה בעולם", אַ צעמישעניש אויף דער וועלט. דער שטן פייערט זיין טריאומף. פעלקער זיינען משוגע געוואָרן, האָבן זייערע „גאָלדענע קעלבער", פאַר וועלכע זיי טאַנצן אַ ווילדן שדים־טאַנץ און שרייען „אלה אלהיך"...

און די וועלט פאַרגייט אין בלוט און חורבן . . . און די מענשהייט זינקט אַלץ טיפער אין זומפּ פון שאַנד און דעגראַדאַציע! . . . און דאָס אידיש פאָלק איז דער גרעסטער קרבן פון אָט דער עגל הזהב חולאת, וואָס האָט פאַרכאַפּט די וועלט...

און דאָס אַלץ ציט זיך פון דער ערשטער מענשלעכער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם מדבר, מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק.

מיר שיינט, אַז דאָס איז דער רעיון פון דעם מיסטישן מאמר אין דער גמרא, וואָס זאָגט:

„אין לך פורעניות ופורעניות שבאה לעולם שאין בה אחד מעשרים וארבעה בהכרע ליטרא של עגל הראשון, שנאמר: „וביום פקדי ופקדתי עליהם חטאתם" (סנהדרין ק"ב) — עס איז ניטאָ קיין אומגליק און פורעניות אויף דער וועלט, וואָס האָט ניט אַ פיר און צוואַנציקסטל פון דעם ערשטן קאַלב, ווייל עס שטייט „וביום פקדי", אין דעם טאָג ווען איך וועל זיי דערמאָנען (אין שטראָף), וועל איך געדענקען אויך זיין זינד . . .

אָבער, ניט געזאָרגט, „ביום פקדי" מיינט אויך אין טאָג פון דערמאָנונג פאַר דער גאולה. די היינטיקע וועלט־רעאַקציע איז, אַלזאָ, אַ פאָרשפּיל פון דער קומענדיקער גאולה . . . האָט דאָך שוין אונזער תורה אָנגעוויזן, אַז אויב די ערשטע לוחות זיינען ניט געווען דערפאָלגרייך צו דעגענערירן די מענשלעכע הערצער, דאַן

וועלן נייע לוחות געגעבן ווערן דורך צער און יסורים, דורך טראַגעדיע און חורבן, ביז די מענשהייט וועט אויסגעלייטערט ווערן פאַר איר אייגענעם גליק און פרייהייט.

אַזוי איז אַנגעצייכנט געוואָרן דער גורל פון דער מענשהייט דורך דעם גורל פון אידישן פאָלק, וואָס טראָגט די צווייטע לוחות „מתוך הצער מתוך השעבוד ומתוך הטלטול ומתוך הטרוף ומתוך הדחק ומתוך שאין להם מזונות" (ילקוט שמעוני).

אָבער נאָך דער פינסטערער רעאַקציע איז געקומען ליכטיקער פּראָגרעס. נאָך דער זינד איז געקומען די פאַרגעבונג. נאָך דעם „מעשה העגל" איז געקומען דער משכן . . . נאָך דער געפאַלנקייט איז געקומען דער „כי תשא" . . .

זאָגט ר' אבהו: משה האָט געפרעגט ביים הייליקן, געבענשט איז ער: מיט וואָס וועסטו אויפהויבן דעם שיין, דעם שטאָלץ און די גבורה פון די אידן נאָך אַזאַ שרעקלעכער געפאַלנקייט? האָט אים דער אויבערשטער געענטפערט מיט „כי תשא" — דורך אידישער אחדות און פאָלקס־אחריות, וואָס איז סימבאָליזירט אין דעם מחצית השקל, מיט וועלכן אידן ווערן געציילט אַלע גלייך, אָרים און רייך . . .

אידן קענען זיך אויסקויפן פון זייער געפאַלנקייט דורך דער צדקה פון „כי תשא", וואָס דריקט אויס פליכט־באַוואוסטזיין, פאָלקס־סאָלידאַריטעט, און נאַציאָנאַלע דערהויבנקייט.

און מיט אָט דעם לויטערן גייסט פון „כי תשא" וועלן מיר מאַרשירן פאָרווערטס אויף דעם וועג צו אונזער גאולה ביז עס וועט אויפגיין פאַר אונז, ווי פאַר דער גאַנצער מענשהייט, דאָס גרויסע ליכט פון „אחרית הימים" . . .

# ויקהל-פקודי

## קונסט און קינסטלער אין ליכט פון תורה־קולטור. — בצלאל, דער קינסטלער בויער פון משכן, אַלס מוסטער פאַר אמת׳ע קינסטלער

„ראו קרא ד׳ בשם בצלאל" — א"ר שמואל בר נחמני א"ר יונתן: בצלאל על שם חכמתו נקרא. בשעה שאמר לו הקב"ה למשה: לך אמור לו לבצלאל: עשה לי משכן וכלים — הלך משה והפך ואמר לו: עשה ארון וכלים ומשכן. אמר לו: משה רבנו, מנהגו של עולם, אדם בונה בית ואח"כ מכניס לתוכו כלים ואתה אומר: עשה לי ארון וכלים ומשכן — כלים שאני עושה להיכן אכניסם? שמא כך אמר לך הקב"ה: עשה משכן ארון וכלים? אמר לו: שמא בצל—אל היית וידעת . . .

אמר ר׳ יהודה אמר רב: יודע היה בצלאל לצרף אותיות שנבראו בהן שמים וארץ . . .

(ברכות נ"ה).

„וימלאו אותו רוח אלקים בחכמה בתבונה ובדעת" — „רוח אלקים בחכמה" — שכבר היתה בו חכמה. שאם היה הקב"ה נותן חכמה לטפשין היו יושבים במבואות המטונפות ובבתי מרחצאות והיו מתעסקין בה . . .

(תנחומא).

קונסט! . . . „רוח אלקים, בחכמה, בתבונה ובדעת ובכל מלאכה ולחשוב מחשבות".

געמייסטערטע עסטעטישע עמאָציעס; געפורעמטע געדאַנקען און שעפערישע אַנונגען; אינטימע נשמה־וויבראַציעס און אינטואיטיווע זעהונגען פון דעם „רוח אלקים" אין דעם מענשן, דורך וועלכן מיר דערהערן דעם עכאָ פון קאָסמאָס, וואָס ווערט געבראַכט צו אונז דורך הארמאָניע פון פאַרבן און קאָלירן, דורך דעם ריטמישן שפיל פון ליכט און שאָטן. דורך דער סימפאָניע פון געוואויגענע און געשליפענע קלאַנגען, ווי דורך סימעטרישע ליניעס פון פלאַסטישע פאָרמען און קאָנטורן . . . קינסטלער! . . .

יענע בני עליה, יענע געבענשטע מענשן־קינדער, וועמען ג—ט האָט באַשאָנקען מיט דעם „רוח אלקים, בחכמה, בתבונה ובדעת ובכל מלאכה לחשוב מחשבות. לעשות בזהב . . . לעשות כל מלאכת חרש . . ."

וואָס פאַר אַ געהויבענעם פּלאַץ אין דעם מענשלעכן לעבן האָט אונזער תורה צוגעטיילט צו קונסט, אַז דער משכן, דאָס נאַציאָנאַל הייליקטום, מיט אַלע זיינע איינריכטונגען און די בגדי כהונה, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין „לכבוד ולתפארת", האָבן געמוזט אויסגעאַרבעט ווערן פון באַרופענע קינסטלער! . . .

און מיט וואָס פאַר אַ געוואַלטיקער יראת־הכבוד רעדט די תורה, ווען זי דערמאָנט דעם נאָמען פון דעם גרויסן מאַסטער־קינסטלער בצלאל און זיין געהילף אהליהב, אויסרעכענענדיק זייער יחוס און טאַלאַנטן.

אַבי מ׳האָט אַמאָל — און עס זיינען נאָך היינט פאַראַנען אַזוינע ״חכמים״ — באַהויפּטעט אַז דאָס אידנטום איז קונסטלאָז . . . אַז די תורה־קולטור איז אַנטי־קונסט . . . אַז דער אידישער כאַראַקטער איז צו טרוקן, צו פּראַקטיש און צו מח־דיק פאַר עסטעטישע עמאָציעס, אָדער גאָר צו אימפּעטיק און ברויזנדיק צו קענען איינגעהאַמעוועט ווערן אין קונסט־פאָרמען . . .

דאָס איז נאַטירלעך, אַ פאַלשע מיינונג. בלויז די וואָס קענען ניט דעם אידנטום, אָדער האָבן אַ פאַלשן באַגריף פון קונסט, האָבן עס געקענט אַזוי זאָגן.

דאָס אידנטום, אונזער ריינע תורה־קולטור, וואָס איז אַ ״תורת חיים״, האָט שוין גאָר אַ געהויבענע באַציאונג צו קונסט און צו יענע אויסדערוויילטע מענשן־קינדער, וועלכע זיינען געקומען אויף דער וועלט מיט צווייי ג—ט־געבענשטע מתנות צו באַגליקן די מענשן און באַרייכערן זייער קולטור.

ערשטנס, איז דאָס האַרץ פון דעם אמת׳ן קינסטלער ״אָנגעפּילט מיט דעם ג—טלעכן גייסט״, מיט דער אינטואיטיווער חכמה און העלזעהערישער וויזיע פון דעם וועלט־גייסט, און דעריבער דערהערן מיר אין די וויבראַציעס פון דעם קינסט־לער׳ס האַרץ דעם נשמה־פּלאַטער פונ׳ם קאָסמאָס . . .

צווייטנס, האָט ג—ט געבענשט דעם קינסטלער מיט טאַלאַנט, מיט׳ן איינ־געבוירענעם אינסטרומענט, מיט וועלכן ער מייסטערט און פורעמט אויס זיינע שעפּע־רישע עמאָציעס אין סימפאָניעס פון קלאַנגען און פאָעמעס פון שטיין און האָלץ, אין געזאַנגען פון האַרמאָנישע פאַרבן און קאָלירן און אין דעם שפּיל פון סימעטרישע ליניעס און קאָמבינאַציעס אויף דעם לייוונט און אין דעם געוועב פון אַלע ״מלאכות מחשבות״, וואָס דינען צו באַפרידיקן, ווי דערפרייען אונזער ג—ט־געגעבענעם חוש פאַר שענקייט, פאַר יופי, הוד און תפארת — יענער פיינער חוש, וואָס איז, ווען אויפריכטיק אָנגערעגט, דער שליסל ניט נאָר צום קוואַל פון אמת׳ן תענוג, נאָר אויך צו גייסטיקער דערהויבונג, צו עטישער אויסלייטערונג און דערנעענטערונג צו ג—ט.

דעריבער שטייט דער אמת׳ער אינטואיטיווער קינסטלער העכער פאַר דעם טרוקענעם פילאָזאָף . . .

דעריבער זיינען אונזערע נביאים, די אמת׳ע שליחים פון ג—ט, וואָס האָבן מיט אַזוי פיל ״רוח אלקים בחכמה, בתבונה ובדעת״ גערעדט פאַר דער אייביקייט, געווען מער קינסטלער ווי פילאָזאָפן . . .

דעריבער האָט פאַר זיי ניט עקזיסטירט קיין טונקעלער סקעפּטיציזם אין

זיי האָבן זיך ניט באַדאַרפט מאַטערן צו דערגיין דעם קאָסמישן אמת דורך דיאַלעק־טישער מח־קוועטשעניש, ווי די גריכישע פילאָזאָפן האָבן עס געטאָן. פאַר זיי, פאַר אונזערע נביאים און חכמים, איז דער אמת געלעגן אָפן און קלאָר . . . זיי האָבן אים געזען אין זייער אספקלריה המאירה . . .

שוין אונזער געניאַלער אברהם אבינו איז דערגאַנגען צו זיין עטישער ג—ט־דערקענטעניש מיט דעם כח פון זיין אַל־זעהערישער אינטואיציע . . .

און בעת דאָס אידנטום גיט דאָך דעם שכל און זיין קריטיק אַ געהויבענעם פּלאַץ אין זיין תורה־קולטור, קען ער, אָבער קיינמאָל ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אינטואיטיווער דערקענטעניש און ווערן זעלבסט־הערשעריש אין מענשלעכן לעבן . . .

גאַנץ פשוט: דאָס אידנטום טרויט ניט אָן דעם קאַלטן מח׳דיקן שכל צו רעגירן דאָס לעבן, ווארום זיינע „לאָגישע״ אויספירונגען וואַרצלען ניט אין דער אייביקייט . . . זיי האַלטן זיך אַזוי לאַנג ביז נייע אויסגע׳מח׳טע און „פּאַקטישע״ באַגרינדונגען קומען אין אַ צווייטן דור און צעשטערן די פריערדיקע שכל׳דיקע „אמת׳ן״ . . .

אייביק איז נאָר די אינטואיציע, דער קינסטלערישער אמת . . .

דער רמב״ם — יענער איבערמענשלעכער גייסטיקער ריז, וואָס האָט שטאַרק פאַרטיידיקט דעם „שלטון השכל״ און זיך גע׳פלפול׳ט אין דער גריכישער דיאַלעקטיק, איז אָבער אויף קיין איינציקער מינוט ניט אָפּגעטראָטן פון זיין אינטואיטיווער אמונה. וועלכע איז געגאַנגען ביי אים פאַראויס פונ׳ם שכל . . . און נאָך דער שכל־גימ־נאַסטיק פון דעם „מורה נבוכים״ האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזן אויף דעם געזונטן באָדן פון אמונה. אָנשרייבנדיק די דרייצן „אני מאמינ׳ס״ אַלס די עיקרים פון דעם אינ־טואיטיוון אידנטום . . .

אמונה איז דער קינסטלערישער אמת, וואָס איז שטאַנדהאַפטיקער פון אַלע מוח׳דיקע אַנאַליטישע שכל׳ן . . .

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין העברעאיש איז דאָס וואָרט קונסט פון זעלביקן שורש ווי אמונה — אמנות . . .

„אמן״ (אָמאָן) אין העברעאיש איז קינסטלער און דאָס מיינט אויך גע־טריישאַפט און דאָס איז היינו הך: קונסט, גלויבן, געטריישאַפט, ערלעכקייט און אי־בערגעבנהייט . . .

דער קינסטלער, דער שעפערישער מייסטער, דאַרף קודם כל האָבן גלויבן אין זיך און אין זיין ווערק: ער דאַרף זיין געטריי זיין אייגענער נשמה ווי זיין אַרבעט . . . ער טאָר זיין טאַלאַנט ניט פאַרשקלאַפן, ניט פאַרקויפן . . . ער טאָר

זיין „רוח אלקים" ניט פאַרשוועכן און זיך ניט לאָזן דיקטירן פון קיינעם . . . ער מוז זיין פריי, און געטריי צו דער שטים פון זיין אייגענער נשמה . . .

תא חזי, קום און זע, ווי הויך דער קינסטלער איז געשטאַנען אין די אויגן פון אונזערע רעליגיעזע חכמים, אַז זיי האָבן דעם טיטול קינסטלער צו ג—ט געגעבן.

אויף דעם פסוק (שמואל ב׳): „ואין צור כאלקינו" — זאָגט די גמרא: „אין ציר (צאַיאַר) כאלקינו" — ניטאָ אַזאַ מאַלער ווי אונזער ג—ט (מגילה י״ד).

און דער ספרי זאָגט אויף דעם פסוק אין „האזינו": „הצור תמים פעלו אל אמונה ואין עול" — „הצור שהוא צר את העולם תחילה וצר בו את האדם" — דער מאַלער, דער צייכנער, וואָס האָט פריער אָנגעצייכנט די וועלט און באַשאַפן אין איר דעם מענשן . . .

און אַז אַ קינסטלער דאַרף האָבן גלויבן און זיין געטריי צו זיין ווערק, לערנען מיר פון דעם גרעסטן פון אַלע קינסטלער, קעגן וועמען די מענשלעכע שאַפער זיינען, ווי היינריך היינע זאָגט, פּורצעס, פּאַרטאַטשעס, הייסט עס.

„אל אמונה" — שהאמין בעולם ובראו — ער האָט געגלויבט אין דער וועלט און האָט זי באַשאַפן (ילקוט שמעוני).

דער ג—טלעכער קינסטלער האָט געגעבן אַ ביישפיל צו די קרעאַטיווע מענשן־קינדער, אַז אויך זיי מוזן האָבן גלויבן און זיין געטריי צו זייער ווערק . . .

דעריבער איז דער אמת׳ער קינסטלער פון בצלאל׳ס טיפּ קאָסמיש אין זיין כח היצירה . . .

„אמר ר׳ יהודה אמר רב: יודע היה בצלאל לצרף אותיות שנבראו בהן שמים ובארץ" — בצלאל האָט פאַרשטאַנען מצרף צו זיין די אותיות מיט וועלכע הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן . . . (ברכות נ״ה)

אָט אויף אַזאַ הויכער מדרגה שטייט די קרעאַטיווע קונסט אין אונזער תורה־קולטור, און דאָך האָט מען אין גוי׳אישע, ווי אויך אין מאַנכע אידישע קרייזן, באַהויפּטעט, אַז אידן האָבן ניט קיין אייגענע קונסט; אַז אידן האָבן ניט געשאַפן קיין גרויסע קונסט־ווערטן, און אַז דאָס רעליגיעזע אידנטום קוקט קרום אויף קונסט און קינסטלער.

געגומען האָט זיך עס דערפון, וואָס ביי אידן איז ניט געווען פאַרשפּרייט קיין פּלאַסטישע קונסט. דאָס אַלט אידנטום האָט ניט איבערגעלאָזן נאָך זיך קיינע מאָנומענטן, קיינע סטאַטועס אין שטיין און בראָנז, ווי די אַמאָליקע פעלקער האָבן עס געטאָן.

דערצו ווייסן מיר דאָך אַלייך, אַז ביי אידן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו מאַכן געשטאַלטן און בילדער — „לא תעשה לך פסל וכל תמונה" — האָט מען דערפון

געדרונגען די פֿאַלשע הנחה, אַז דאָס אידנטום איז ניט באַשאַנקען מיט דעם קרעאַטיווען חוש פֿאַר קונסט . . .

עס איז אמת, אַז דאָס געזעץ פֿון „לא תעשה לך פסל" האָט שטאַרק באַווירקט די פֿרומע אידישע קינסטלער, ניט קוקנדיק, וואָס דער דין האָט באַצוועקט אָפּצובּרעכן אידן פֿון דער עבודה־זרה, וועלכע האָט געבושעוועט אין דער אַלטער וועלט. האָבן, דעריבער, אונזערע קרעאַטיווע זשעניען אויסגעזוכט זיך אַנדערע קונסט־געביטן פֿאַר זייערע שעפֿערישע געדאַנקען און עמאָציעס, און דאָס זיינען געווען די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון וואָרט־קונסט, וואָס די אידן האָבן אַנטוויקלט צו דער העכסטער מדרגה.

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ סיבה ווארום די אידן האָבן ניט געשאַפֿן אין שטיין און טויטן מעטאַל, און דאָס איז, ווייל דער אידישער קאָסמישער אמת איז אַ דינאַמישער, אַ באַוועגנדיקער, אַ פֿליסנדיקער אין דער בחינה פֿון „פּושט צורה ולובש צורה".

ג—ט אַנטפּלעקט זיך צו משה רבנו אין דעם דינאַמישן, שטראָמיקן באַגריף פֿון „אהיה אשר אהיה" — אין זיין און שטענדיקן ווערן . . . ג—ט איז ניט איינפֿאָרמיק, ניט איינטאָניק, ניט סטאַטיש. עס פֿליסט און פֿאַרפֿלייצט דעם גאַנצן קאָסמאָס און האַלט אין איין אין־סופֿ׳יק פֿליסן, אויסשטראַלנדיק פֿאַרשידענע עמאנאציעס, פֿאַרשידענע ספֿירות און מידות, דורך וועלכע מיר פֿילן אים אַנדערשדיק אין יעדער צייט און ביי יעדער געלעגנהייט.

דעריבער האָט זיך אונזער לעבעדיקער דינאַמישער אמת ניט געלאָזן פֿאַרקערפּערן אין דעם טויטן סטאַטישן שטיין, אָדער אין דעם טרוקענעם האָלץ.

האָבן דעריבער אונזערע קינסטלער געפֿונען אַנדערע אויסדרוק־פֿאָרמען פֿאַר זייער שעפֿערישקייט אין דער פּאָעזיע פֿון תהלים, אין די ראָמאַנסן פֿון „שיר השירים", אין דער אידיליע פֿון „רות", אין דער דראַמע פֿון „איוב", אין דער עלעגיע פֿון „איכה" און, ענדלעך, אין די דראַמאַטישע און ברויזנדיקע זעהונגען פֿון אונזערע נביאים, וועלכע איבערטרעפֿן, אין זייער פּאָעטישער שטאַרקייט, אַלע קלאַסיקער פֿון דער וועלט־ליטעראַטור . . .

אין דעם לאַנגן, פֿינסטערן גלות אונזערן, זייענדיק אָפּגעריסן פֿון לאַנד און ים, פֿון פֿעלד און טייך, פֿון בוים און גראָז, פֿון אַ פֿעסטן באָדן אונטער אונז און פֿון פֿרייע הימלען איבער אונז, האָבן מיר, נאַטירלעך, ניט געקענט שאַפֿן קיין גרויסע אוניווערסאַלע קונסט־ווערטן. אָבער דאָך האָבן מיר געזוכט עסטעטישע אויסדרוקס־פֿאָרמען אין אונזערע רעליגיעזע צערעמאָניעס און טראַדיציעס — אַ שיין אויסגעבייטן תפֿילין־זעקל, וואָס אַ פֿרומע שוועסטער האָט געמאַכט פֿאַר איר ברודער צו בר־מצוה; אַ געצאַצקעטן טלית־זעקל פֿון אַ צניעות׳דיקער כלה צו איר חתן; געשניצטע ארון־

קודש׳ן און עמוד׳ן אין די שולן און בתי מדרשים; קינסטלעריש אויסגעאַרבעטע חנוכה־לעמפּלעך, הדס׳ן, עטרות, כתרים, עץ־חיימ׳ס, א. אַז. וו., דורך וועלכע דער אידישער מענש האָט געזוכט צו געבן אויסדרוק צו זיינע עסטעטישע געפילן.

עס וואָלט געווען אַ נאַרישקייט און עם־הארצות צו דענקען, אַז קונסט, דער וויכטיקסטער עלעמענט פון קולטור און גייסטיקייט, זאָל זיין אויסגעשלאָסן פון אונזער תורה־קולטור, וועלכע איז אַ תורת־חיים, אַ קולטור פאַר דעם לעבן און פון דעם לעבן.

אדרבא, זעט נאָר ווי די תורה האָט זיך גערעכנט מיט דעם קונסט־ווערט און מיט דער חשיבות פון עסטעטישע עמאָציעס אין דעם מענשלעכן לעבן, אַז ווען ג—ט האָט געהייסן בויען אַ משכן אין דעם מדבר, האָט ער באַשטימט די צוויי גרעסטע קינסטלער, בצלאל און אהליהב, עס צו טאָן מיט קינסטלערישער אויסאַרבעטונג פון דער אַרכיטעקטור פונ׳ם גייסטיקן צענטער, פון דעם ארון און די הייליקע כלים, ווי אויך פון די כהונה־קליידער, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין „לכבוד ולתפארת״ . . .

עס איז מער ניט, וואָס אידישע קינסטלער דאַרפן שטרעבן צו די מידות פון דעם גרויסן ג—טלעכן קינסטלער . . . זיי זאָלן זיין פול מיט „אמונה״ אָן „עול״ — מיט גלויבן און געטריישאַפט צו זייער אייגענער נשמה און צו זייער ווערק. זיי דאַרפן ציען זייער שעפערישע יניקה פון דעם באַשעפער אַליין . . . זייער געניוס דאַרף שטיין תחת כנפי השכינה . . . בצל־אל — אין דעם שאָטן פון ג—ט . . .

אַניט, ווערט די קונסט אַ סטאַטישע, אַ פאַר׳גולמ׳טע, אַ ראָבאָט־קונסט, וואָס איז קיין קונסט ניט . . .

אַ ג—טלאָזע קונסט איז אַ נשמה׳לאָזע אַרבעט, וואָס איז קאַפּאַבל זיך צו שטעלן אין דעם דינסט פון אַלע עבודה זרה׳ס . . . אין די פּאַסקודנע הינטער־געסלעך, וואו עס געוועלטיקט די נאַקעטע מענשלעכע שאַנד . . .

„וימלא אותו רוח אלקים בחכמה, בתבונה ובדעת״ — שכבר היתה בו חכמה — דאָס מיינט, אַז דער קינסטלער בצלאל האָט שוין פון פריער געהאַט קלוג־שאַפט, וואָרום אויב דער הייליקער, געבענשט איז ער, וואָלט געגעבן קונסט צו טיפּשים, וואָלטן זיי געזעסן אין אומריינע הינטערגעסלעך און אין בתי מרחץ און וואָלטן זיך דאָרט אָפּגעגעבן מיט איר . . . (תנחומא)

זיצן דאָך טאַקע היינט קינסטלער אין די אומריינע הינטערגעסלעך פון די דיקטאַטאָרן און שאַפן „קונסט״, וואָס פאַראומרייניקט דאָס לעבן און דערנידעריקט דעם מענשן . . .

דער אידישער קינסטלער איז קודם כל פריי און אומאָפּהענגיק אפילו פון דעם, וואָס באַשטעלט ביי אים די אַרבעט, ווייל דער אידישער קינסטלער טראָגט דעם נאָמען „בצלאל״, וואָס מיינט אין דעם שאָטן פון ג—ט . . .

„ראו קרא ד׳ בשם בצלאל״ — זאָגט ר׳ שמואל בר נחמני אין נאָמען פון ר׳ יונתן: בצלאל איז גערופן געוואָרן אויף דעם נאָמען פון זיין חכמה, ווארום בשעת דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט געזאָגט צו משה׳ן: גיי זאָג בצלאל׳ן צו מאַכן אַ משכן, אַן ארון און כלים, איז משה געגאַנגען און האָט עס איבערגעקערט, זאָגנדיק: מאַך אַן ארון און כלים און דעם משכן. האָט בצלאל אים געזאָגט: משה רבנו, דער שטייגער פון דער וועלט איז צו בויען פריער אַ הויז און דערנאָך ברענגט מען אַריין די מעבל, און דו זאָגסט מיר גאָר: מאַך אַן ארון, כלים און אַ משכן. — די כלים וואָס איך וועל מאַכן, וואוהין וועל איך זיי אַריינברענגען? טאָמער האָט דער הייליקער, געבענשט איז ער, דיר גאָר געזאָגט פריער משכן און דערנאָך ארון און כלים? האָט אים משה צוגעגעבן, זאָגנדיק: טאָמער ביזטו געווען בצל־אל און דעריבער ווייסטו עס . . . (ברכות נ״ה)

די גמרא ברענגט דאָ, קודם כל, אַרויס די פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון דעם קינסטלער אפילו פון משה רבנו, וועלכער האָט געמאַכט די באַשטעלונג. בצלאל איז פריי און האָט זיין אייגענע מיינונג וועגן זיין שאַפונג, ווייל עס שטייט „בצל־אל״ . . .

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ טיפערער געדאַנק, וואָס די גמרא וויל דאָ, נאָך מיין מיינונג, אויסדריקן אין דער מערקווירדיקער אגדה, און דאָס איז די וויכטיקייט פון דער אויסערער פאָרם אין דעם באַשאַף פון אַ קונסט־ווערק, ניט קוקנדיק אויף איר געוואַלטיקן אינהאַלט.

דער משכן איז דאָך בלויז געווען די אויסערע פאָרם, וואָס האָט געהויזט דעם הייליקטום פון אידן — די תורה און די שכינה . . . האָט משה רבנו געהייסן דעם קינסטלער בצלאל מאַכן פריער דעם עיקר, דאָס הייסט, דעם ארון און די כלים, וועלכע האָבן געטראָגן די סימבאָלן פון עטישע און גייסטיקע באַגריפן.

בצלאל, דער ג—ט־געבענשטער קינסטלער, האָט אָבער געהאַלטן, אַז די אויסערע פאָרם איז וויכטיקער, ווארום אויב דער גוף איז ניטאָ, איז די נשמה ניטאָ. די נשמה אַליין קען ניט לעבן אָן דעם גוף, און דאָס גייסטיקע אידנטום מוז האָבן פריער אַן אויסערע פאָרם, אַ לבוש, אַ סטיל, אַ נוסח.

ווען משה האָט דערהערט בצלאל׳ס שטעלונג, האָט ער צוגעגעבן, אַז ער איז גערעכט, ווארום דער אמת׳ער קינסטלער שטייט בצל־אל און זיין אמת איז אמת־דיקער, ווייל ער איז באַלויכטן פון די שכינה־שטראַלן . . .

און אָט דאָ ליגט דער שליסל צו דער אידישער אייגנאַרטיקער קולטור, וועלכע ציט איר יניקה פון דעם תורה־קוואַל . . .

אָן אָט דעם פאַרגייסטיקט־עטישן תורה־קוואַל ווערן קינסטלער פאַרגליוועדט

און פאַר׳גולמ׳ט, און זייער קונסט פירט צו טויט און פאַרניכטונג אנשטאט צום לעבן און אייביקייט.

זעען מיר דאָך היינט, ווי אַזוי גערופענע קינסטלער שטייען אין די „מבואות המטונפות״, אין דינסט פון זייערע מלוכות, וועלכע זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חיות רעות און זייערע לענדער זיינען באַדעקט מיט בלוטיקע כמאַרעס פון נאַציזם, קאָמוניזם און פאַשיזם, וואו מען ברענגט מענשלעכע קרבנות צו די מענשלעכע געצן.

און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל זייערע עלטערן האָבן זיך קיינמאָל ניט עוסק געווען אין דער מעשה־המשכן . . . זיי האָבן זיך ניט געוואַרעמט אין דעם עטישן ליכט פון אונזער תורה און זייערע קינסטלער זיינען קיינמאָל ניט געשטאַנען „בצל־אל״ . . .

אונזער תורה, וואָס איז די אויסשטראַלונג פון דעם מקור החכמה, החסד, היופי, הגבורה וההוד, האָט קיינמאָל ניט אָפּגעלייקנט דעם באַדייט פון קונסט, וויסנשאַפט, עסטעטיק און די אַלע „שבע חכמות״ פאַר דער מענשלעכער אַנטוויקלונג אויף דעם לייטער פון השתלמות. זי האָט אָבער געפאָדערט, אַז די אַלע זיבן קונסטן זאָלן זיך, ווי די ליכט פון דער מנורה, בייגן צום צענטער, צו דער האַרץ פון דער יצירה, צו ג—ט . . . אַז דער מענשלעכער זשעני, וואָס איז באַגאַבט מיט דעם כח און דראַנג צו שאַפן און מיט דעם עסטעטישן חוש פאַר שענקייט און האַרמאָניע, זאָל שטיין אין דעם דינסט פון ג—ט און מענש און פירן די וועלט צו גייסטיקער אויסלייטערונג און עטישער אויסלייזונג . . .

# ויקרא

## דער קרבנות־קולט אין דעם לויטערן וועלט־באַנעם פון תורה־קולטור. — דער זין פון קרבנות אין ליכט פון נבואה און אגדה. — די דריי יורשים פון קרבנות: תורה, צדקה און תפלה . . .

„ויקרא אל משה" — היה ירא משה ליכנס דכתיב: „ולא יכול משה לבא אל אהל מועד" וגו' — אמר הקב"ה: אינו דין ודרך כבוד למשה שנצטער במשכן שיהיה עומד בחוץ ואני בפנים, אלא הריני קורא אותו שיכנס, לכך נאמר „ויקרא".
(תנחומא).

„לאמר" — צא ואמור להם דברי כבושין: בשבילכם מדבר עמי, לכן מצאנו שכל ל"ח שנה שהיו ישראל כמנודין במדבר לא היה מדבר עם משה, שנאמר (דברים ב'): „ויהי כאשר תמו כל אנשי המלחמה למות וידבר ד' אלי".
(תורת כהנים).

„אדם כי יקריב מכם" — אמר ר' ברכיה: אדם — זה אדם הראשון . . . אמר להם הקב"ה לישראל: יהא קרבנך דומה לקרבנו של אדם הראשון שהיה הכל ברשותו ולא הקריב מן הגזלות ומן החמסים, אף אתה לא תקריב מן הגזלות ולא מן החמסים . . .
(ויקרא רבה ב').

„קרבן לד' " — תניא, אמר ר' שמעון בן עזאי: בא וראה מה כתיב בפרשת קרבנות שלא נאמר בהן לא „אל" ולא „אלקים" אלא ד' שלא ליתן פתחון פה לבעל־דין לחלוק . . .
לא אמרתי אליכם: זבחו, כדי שתאמר אעשה רצונו ויעשה רצוני. לא לרצוני אתם זובחים, אלא לרצונכם אתם זובחים שנאמר (ויקרא י"ט): „לרצונכם תזבחהו".
(מנחות ק"י).

אמר ר' אלעזר: גדול העושה צדקה מכל הקרבנות שנאמר (משלי כ"א ג'): „עושה צדקת ומשפט נבחר לד' מזבח".—
(סוכה מ"ט).

ואמר ר' אלעזר: גדולה תפלה יותר מן הקרבנות.
(ברכות ל"ב).

אמר רבא: כל העוסק בתורה אינו צריך לא עולה, ולא מנחה, ולא חטאת, ולא אשם.
(מנחות ק"י).

קרבן . . . הקרבה . . . קרב — גענענונג, — דערנעענטערונג, נאָענט־זיין — קרבן לד' — אַ דערנעענטערונג צו ג—ט דורך דער גענענונג פון אַ מתנה צו זיין היילוקטום . . .

קרבן לד׳ . . . אַ מענשלעכער אויסדרוק פון אהבת השם . . . אַ פאַר־קערפּערונג פון אַ טיפער בלוט־און־פלייש בענקשאַפט צו דער נאָענטקייט מיט ג—ט . . .

קרבן לד׳ — אַן ערדישער סימבאָל פון דעם אָרימען, זינדיקן מענשן, וואָס זוכט שלום און פאַרגעבונג ביי זיין פאָטער אין הימל . . .

„קרבן לד׳״ — נקרא כן משתי בחינות: האחד, מצד היותו נקרב אל המזבח, והשנית מפני שהמעשה ההיא יעשה קריבה רבה בין הבעלים המקריבים אותו ובין האלקים, וכמו שכתוב: „ומי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו״ (הכתב והקבלה) — דעריבער הייסט ער קרבן, ווייל דאָס מיינט צוויי דערנעענטע־רונגען: ערשטנס, וואָס דער מענש וועלכער ברענגט אים געגענט צום מזבח, און צווייטנס, צוליב דער גרויסער דערנעענטערונג צווישן דעם מענשן און ג—ט . . .

דאָס איז דער אייגנטלעכער זין פון דעם קרבנות־קולט ביי אידן: פאַר דעם מענשן און צוליב דעם מענשן . . .

ווארום ג—ט וויל ניט און דאַרף קיין קרבנות ניט, און ווען די תורה וואָלט געהאַנדלט לויט דעם קאַלטן, שכל׳דיקן מידת־הדין, וואָלט זי דעם קרבנות־קולט אינגאַנצן פאַרבאָטן, ווייל דאָס פּאַסט זיך ניט אַריין אין דעם עטישן און גייסטיקן וועלט־באַנעם פונ׳ם געלייטערטן אידנטום.

עס איז מער ניט, וואָס די תורה האָט אויף דעם ענין קרבנות געקוקט דורך דער פּריזמע פון דעם מידת־הרחמים . . . זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו די ערדישע כחות פון דעם אָרימען מענשן, צו זיין גייסט, וואָס איז געפּענטעט אין די קייטן פון בלוט און פלייש, און דערזעענדיק די מענשלעכע שוואַכקייט און עלנטקייט, האָט זי זיך אָנגעקליידט מיט דער גבורה פון מידת־הרחמים, זיך שטעלנדיק לפנים משורת הדין . . .

ווארום, מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז דער קרבנות־קולט איז אַזוי אַלט ווי די מענשהייט. אַזוי שנעל ווי דער ערשטער פּרימיטיווער מענש האָט דערפילט ג—ט, אויף זיין פּרימיטיוון און מגושמ׳דיקן אופן, האָט ער געזוכט זיין פריינטשאַפט דורך קרבנות . . . שטייענדיק אויף אַ נידעריקער מדרגה פון אַנטוויקלונג, האָט ער זיין ג—ט, צו וועמען ער האָט געפילט אַ היניטישע מורא, פאַרמענשלעכט, אים צושרייבנדיק די ערגסטע מידות פון אַ גרויזאַמען דיקטאַטאָר, פון אַ ווילדן הערשער . . . האָט ער אים געזוכט אונטערצוקויפן מיט די אַלע זאַכן, וואָס דער מענש האָט אַליין ליב געהאַט . . . מיט אַ פעטן, שמעקנדיקן ביסן, וואָס ער האָט אָפּגעריסן פון זיין מויל . . . און דענקענדיק, אַז ג—ט האָט ליב דאָס, וואָס דעם מענשן איז טייער, האָט ער אים געזוכט אונטערצוקויפן מיט זיינע טייערסטע און ליבסטע — מיט זיינע קינדער. דערפון האָט זיך אַנטוויקלט דער קולט פון מענשלעכע קרבנות ביי די אַלטע פעלקער . . .

פון קיין גייסטיקע און, ווער רעדט נאָך, עטישע באַציאונגען צו זייערע געטער, איז גאָר קיין רייד ניט געווען. אפילו ווען די פעלקער האָבן שוין געהאַט אויפגעהערט צו ברענגען מענשלעכע קרבנות, זיינען זיי אַלץ געבליבן אויף דעם נידעריקן פּאַגאַנישן צושטאַנד אין זייער באַציאונג צו זייערע געטער, וועלכע זיי האָבן באַטראַכט פאַר בייזע כחות, וואָס מ׳מוז מפצה־זיין מיט אַ גוטן, פעטן אָקס און מיט אַ געשמאַקן, געפּרעגלטן ווייהרויך אין זייערע נאָזלעכער . . . עס איז ניט געווען פאַר־בונדן מיט דעם קרבנות־קולט קיין שום גייסטיקע אויסלייטערונג אָדער עטישע דער־הויבונג . . .

עס איז אויך געווען אַ טיפער און „פרומער״ דראַנג ביים געצנדינערישן מענשן צו זיין פיזיש אין דער נאָענטקייט פון זיין ג—ט, טרינקען מיט אים, עסן מיט אים און הוליען מיט אים צוזאַמען . . . און דאָס האָבן זיי געקענט דער־גרייכן דורך קומען אין דעם טעמפּל און פראַווען אַ סעודה מיט זייערע געטער . . .

און די תורה, וועלכע האָט זיך, אין איר גרויס חכמה, גערעכנט מיט דער מענשלעכער נאַטור אויף פילע געביטן פון לעבן, איז אויך אַרונטערגענידערט צו זיינע שוואַכקייטן אויך בנוגע קרבנות . . .

און דאָס איז געווען איינע פון די „ירידה׳ס״ פון ג—ט אויף דער ערד . . . ווי אונזערע בעלי קבלה זאָגן אויף דעם פּסוק (יתרו י״ט כ׳) „וירד ד׳ על הר סיני״ — ג—ט כביכול איז אַרונטערגענידערט מיט זיין תורה צו די ערדישע באַדערפענישן פון די מענשן . . .

ג—ט האָט, אַלזאָ, אין דעם ענין קרבנות געהאַנדלט מיט דעם מענשן לפנים משורת הדין — מיט דער מידת הרחמים . . . ווארום לויט דעם טרוקענעם ראַצי־אָנאַלן דין, וואָלט געדאַרפט זיין „יקוב הדין את ההר״ — נידער מיט דעם קרבנות־קולט, וואָס איז אַן איבערבלייבעכץ פון דעם געצנדינסט! . . .

ווי קענען די אַלע הגשמות, די אַלע גראָבע פאַרקערפּערונגען, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער תורה אין שייכות מיט די פאַרשידענע קרבנות, זיך אַריינפּאַסן אין דער אידישער ליטעראַטור, פאַרגייסטיקטער ג—ט־דערקענטעניש ?!

דעריבער ווערט ניט דערמאָנט „אלקים״ אָדער „אל״ — די אויסשטראַלונג פון מידת הדין — אין פאַרבינדונג מיט קרבנות, נאָר ד׳ — דער מידת הרחמים . . .

און דאָס איז דער פילאָזאָפישער געדאַנק פון דעם אויפגעקלערטן תנא ר׳ שמעון בן עזאי, וואָס די גמרא ברענגט פון אַ בריתא:

בא וראה, מה כתיב בפרשת קרבנות שלא נאמר בהן לא „אל״ ולא „אלקים״, אלא ד׳, שלא ליתן פתחון־פה לבעל־דין לחלוק (מנחות ק״י).

די „בעלי־הדין״, די שטרענגע בעלי שכל, די טרוקענע ראַציאָנאַליסטן און מה׳דיקע פּעדאַנטן, וואָלטן געקענט קומען מיט שווערע טענות און אָנקלאָגעס צו דער תורה, הלמאי זי האָט דערלויבט דעם קרבנות־קולט, וואָס איז קעגן דער מידת

הדין פון דעם אידנטום. האָט די תורה אַוועקגעשטעלט „קרבן לד׳״ — דער קרבן איז פאַר דעם מידת הרחמים, וואָס רעכנט זיך מיט מענשלעכע שוואַכקייטן — אָט דער מידת הרחמים האָט, אין זיין מיטלייד מיט׳ן מענשלעכן עלנט, אַקצעפּטירט דעם קרבנות־קולט ביי אידן . . .

און זאָלן איצט ניט קומען די שטרענגע חכמים פון די „בעלי דין״ לחלוק . . .

אין דעם זין דערקלערט אויך דער רמב״ם אין זיין „מורה נבוכים״, וואָס איז געשריבן געוואָרן פאַר די ראַציאָנאַלע „בעלי הדין״, אַז דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט ניט געהייסן ברענגען קרבנות אַלס אַ צוועק פאַר זיך, חלילה! דאָס וואָלט געווען די ערגסטע הגשמה פון דעם לויטערן ג—ט־באַגריף פונ׳ם אידנטום. אלא וואָדען, ג—ט האָט געוואָלט אָפּברעכן די אידן פון דעם נידעריקן געצנדינערישן קרבנות־קולט און, זיך רעכענענדיק מיט דער מענשלעכער נאַטור, האָט ער, אין זיין גרויס חסד, געדולדיקט דעם מענשלעכן וואונש צו ברענגען קרבנות, אָבער, ער האָט דעם קולט אַרויסגעהויבן פון ווילדן פּאַגאַנישן אינהאַלט און אַריינגעהויכט אין אים גייסטיקייט, עטישקייט, דערהויבנקייט און אויסלייטערונג אַזוי, אַז ער זאָל זיך אַריינפּאַסן אין דער ראַם פון אידישן וועלט־באַנעם . . .

די גמרא ברענגט עס אַרויס זייער קלאָר אין אַ קורצן לאַקאָנישן מאמר, ווי איר שטייגער איז:

לא אמרתי לכם: זבחו, כדי שתאמר: אעשה רצונו ויעשה רצוני — לא לרצוני אתם זובחים, אלא לרצונכם, שנאמר „לרצונכם תזבחהו״ (מנחות ק״י) — איך האָב אייך ניט געזאָגט: איר זאָלט שעכטן פאַר מיר קרבנות, כדי איר זאָלט זאָגן: איך וועל טאָן זיין ווילן און ער וועט דאַן טאָן מיין ווילן, לויט דעם אַלטן געצנדינערישן באַגריף פון דעם קרבנות־קולט — איר ברענגט מיר קרבנות ניט ווייל א י ך וויל עס, נאָר ווייל א י ר ווילט עס, ווי עס איז געזאָגט געוואָרן אין פסוק: „לויט אייער ווילן זאָלט איר שעכטן״ . . .

דער מדרש (ויקרא רבה כ״ב) דערקלערט דעם ענין קרבנות נאָך פּשוט׳ער מיט אַ משל: עס איז אַמאָל געווען אַ בן־מלך, אַ פּרינץ, הייסט עס, וואָס האָט געהאַט אַ פאַרגרעבט האַרץ און איז געווען אַ שרעקלעכער בעל־תאווה, ער האָט ליב געהאַט צו עסן נבלות וטריפות און אַלע פּאַסקודסטוועס. האָט דער מלך געזאָגט: זאָל ער זיין תמיד ביי מיין טיש, וועט ער זיך שוין אָפּגעוואוינען פון זיינע פּאַסקודסטוועס...

כך, אַזוי איז אויך געווען מיט די אידן. ווייל זיי זיינען געווען אַזוי להוט נאָך דער עבודה זרה פון מצרים און זיי האָבן געבראַכט קרבנות צו אַלע שדים, האָט דער הייליקער, געבענשט איז ער, געזאָגט: „יהיו מקריבין לפני בכל עת את קרבנותיהם באהל מועד והם נפרשים מעבודה זרה והם נצולים״ — זאָלן זיי תמיד מקריב זיין פאַר מיר אין דעם אהל מועד, וועלן זיי זיך שוין אָפּשיידן פון דעם געצנדינסט און זיי וועלן געראַטעוועט ווערן.

דער צוועק פון דער תורה פאַרצושרייבען קרבנות פאַר אידן — איז, אַלזאָ, געווען אַ פּעדאַגאָגישער, אַזוי צו זאָגן, כדי צו דערציהען די אידן צו העכערע, ריי־נערע, עטיש־רעליגיעזע מדרגות . . .

דעריבער שטייט ניט אין דער תורה „צו" אָדער „דבר" אל בני ישראל ויקריבו לפני קרבן — הייס די אידן, זיי זאָלן מיר ברענגען אַ קרבן — נאָר „אדם כי יקריב מכם קרבן לד׳" — אויב אַ מענש וועט וועלן ברענגען אַ קרבן צו ג—ט, זאָל ער, ערשטנס, ניט ברענגען קיין מענשלעכע קרבנות, נאָר „מן הבהמה מן הבקר ומן הצאן תקריבו את קרבנכם" . . .

און דאַן דאַרף דער קרבן־ברענגער זיך אויסלייטערן מיט תשובה און חרטה אויף זיינע זינד און מיט ערלעכער און עטישער באַציאונג צו זיינע מיטמענשן . . . דער קרבן דאַרף זיין אַן אייגענער, אַן ערלעך־פאַרדינטער, ניט קיין גערויבטער און ניט קיין עקספּלואַטירטער פון מענשלעכער האָרעוואַניע.

„קרבנו" — ולא הגזול (בבא קמא ס"ו:) דער קרבן דאַרף זיין ריין פון גזלה...

„אדם כי יקריב מכם" — זאָגט ר׳ ברכיה: „אדם" — דאָס מיינט מען אדם הראשון . . . אַזוי ווי אדם הראשון איז געווען ריין פון גזלה, ווייל ער האָט ניט געהאַט פון וועמען צו גזל׳ענען, אַזוי דאַרף דער „אדם" פון קרבן זיין ריין פון גזלה (ויקרא רבה ב׳ און רש"י אויפ׳ן אָרט).

אָבער קרבנות אַלס אַ צוועק פאַר זיך האָט די תורה קיינמאָל ניט אָנגעזאָגט, ווי ירמיהו הנביא דונערט: „כי לא דברתי את אבותיכם ולא צויתים ביום הוציאי אותם מארץ מצרים על דברי עולה וזבח (ירמיה ז׳ כ"ב).

ווארום: „כי חסד חפצתי ולא זבח, ודעת אלקים מעולות" — זאָגט הושע הנביא אין קאַפּיטל ג׳ — ג—ט האָט געוואָלט חסד, ווען ער האָט גערעדט וועגן קרבנות, אָבער ניט שעכטונג פון בהמות און דעת אלקים. די ריינע ג—ט־דערקענטעניש שטייט העכער פון קרבן־עולות . . .



עס איז, אַלזאָ, געווען דער מקור החסד, וואָס האָט גערופן צו משה׳ן פון דעם אהל מועד און גערעדט צו אים וועגן קרבנות.

דער משכן איז שוין געווען פאַרענדיקט. דער שיינער, קונסטפולער, וואַנ־דערנדיקער, גייסטיקער צענטער איז שוין געווען אויפגעשטעלט. אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך מתעסק געווען אין דעם משכן־בוי, אַלע מענער און פרויען, וועלכע האָבן מיט גרויס ליבשאַפט און פרייד, אָפּגעגעבן זייערע צירונגען פאַר „ג—ט׳ס וואוי־

נונג״ צווישן זיי, האָבן שוין איצט געזען ווי זייער משכן שטייט אין זיין גאַנצן הייליקן פּראַכט, און אַ טיפע, יובל׳דיקע פרייד האָט זיי אַלעמען פאַרפלייצט . . . אָט וועלן זיי זיין אין דער נאָענטקייט פון זייער ג—ט . . . אָט וועט ער אַראָפּנידערן און מצמצם־זיין זיין שכינה אין דעם נאַציאָנאַלן הייליקטום, און זיין וואוינונג וועט תמיד זיין צווישן זיי און — מיט אַמאָל:

„ויכס הענן את אהל מועד וכבוד ד׳ מלא את המשכן״ — אַ וואָלקן האָט פאַרדעקט דאָס פאַרזאַמלונגס־געצעלט, און ג—ט׳ס ערפּאַרכטיקער כבוד האָט אָנגע־פילט דעם משכן . . .

און דאָ האָבן די אידן אַזוי פיל געהאָרעוועט און מיט פרייד אָפּגעגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, אַבי צו האָבן ג—ט׳ס וואוינונג צווישן זיך, כדי צו זיין אין זיין נאָענטקייט און זיך וואַרימען אין די שטראַלן פון זיין שכינה . . . און פּלוצים האָבן זיי זיך דערזען אַזוי ווייט, אַזוי אָפּגעזונדערט פון זיין הייליקייט . . .

און אַ טיפער, נאָגנדיקער אומעט האָט אָנגעפילט זייער געמיט . . .

עס ווילט זיך דאָך זיין נאָענט צו אים כביכול . . . זיך הייליקן אין זיין נאָענטקייט און זיך וואַרימען אין זיין שכינה־ליכט . . .

מענשן זיינען שוואַך, קליין, ערדיש, אומריין . . . ילוד־אשה׳ס געפינען זיך תמיד אין דעם געראַנגל מיט זייער בלוט־און־פלייש, מיט די ווילדע חיה׳שע אינסטינקטן — מיט דעם יצר הרע . . .

ווי קען מען קומען נעענטער צו דעם גרויסן, הייליקן, אַלמעכטיקן ג—ט, אַז מען איז אַזוי קליין, אַזוי נישטיק און פאַרדאָרבן! . . .

אָט זיינען מיר אין אונזער ג—ט־בענקשאַפט, צוליב דעם דראַנג צו זיין נאָענט צו אים, גאָר פאַרקראָכן צו דער מעשה העגל . . . און ג—ט האָט געזען דעם קוואַל פון אונזער עלנט, דעם צער פון אונזער מענשלעכער שוואַכקייט . . . האָט ער אונז פאַרגעבן . . . און כדי אָפּצואווישן אונזער שאַנד, האָט ער אונז געהייסן בויען אַ משכן, כדי ער זאָל שטענדיק זיין צווישן אונז און לייטערן אונזער געמיט מיט זיין אָנוועזנהייט.

און דאָ האָט אַ וואָלקן איינגעוויקלט די געטלעכקייט, און אַ טיפע אימה האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, אַלעמען . . . אפילו משה רבנו: „לא יכול משה לבא אל אהל מועד כי שכן עלין הענן״ — אפילו דער גרויסער משה, דער געטלעכער נביא האָט ניט געקענט אַריינקומען אין דעם פאַרזאַמלונגס־געצעלט, ווייל אַ וואָלקן האָט אויף אים גערוט . . .

אפילו משה, וואָס איז געווען אַזוי נאָענט צו אים, האָט זיך איצט דערפילט אַזוי ווייט פון דעם אין־סוף . . .

און די אָרימע, צעשראָקענע אידן שטייען פון וויטן מיט אַ טיפער אימה אין זייערע הערצער . . . זיי האָבן געבויט אַ משכן, ווייל זיי האָבן געוואָלט זיין נאָענט צו ג—ט . . . קומען אַמאָל צו אים אויף אַ באַזוך . . . פאַרברענגען מיט אים, זיך אויס׳טענה׳ן פאַר אים . . . ברענגען אַ מתנה פאַר זיין הייליקטום און אים בעטן מחילה, סליחה, וכפרה אויף די זינד . . . מען איז דאָך ניט מער ווי מענשן, מיט מענשלעכע השגות און מענשלעכע געוואוינהייטן . . . אַלע פעלקער זיינען אַזוי נאָענט צו זייערע געטער . . . וואוינען מיט זיי, עסן מיט זיי און פראַווען מיט זיי הוליאַנקעס. אמת, מיר ווייסן טאַקע, אַז אונזער ג—ט איז כלו רוח, אין לו גוף ואין לו דמות הגוף — עס ווילט זיך, אָבער, פאַרט זיין נאָענט צו אים . . . עס ווילט זיך אויסלעבן מיט אים אויף אַ מענשלעכן אופן . . . ברענגען אים מתנות און זיך טיילן מיט אים אונזער פרייד ווי אונזערעליידן . . .

האָט ג—ט, ברוך הוא, דער בוחן כליות ולב, רחמנות געקראָגן אויף זיינע „מענשלעכע״ קינדער, און זיין שטים, כביכול, האָט פאַנאַנדערגעריסן דעם וואָלקן, וואָס האָט אים אָפּגעזונדערט פון זיין פאָלק, און:

„ויקרא אל משה וידבר ד׳ אליו מאהל מועד״ — היה ירא משה ליכנס, משה האָט געהאָט מורא אַריינצוגיין אין דעם משכן, ווי עס שטייט געשריבן „און משה האָט ניט געקענט אַריינקומען אין אוהל מועד, ווייל דער וואָלקן האָט אויף אים גערוט״ א. אַז. וו. האָט הקדוש ברוך הוא געזאָגט: עס איז ניט ריכטיק און קיין דרך כבוד, אַז משה, וואָס האָט זיך אַזוי פיל מצער געווען מיט דעם משכן־בוי, זאָל איצט זיין אין דרויסן און איך אינעווייניק . . . איך וועל אים אַ רוף טאָן, זאָל ער אַריינקו־מען, דעריבער שטייט „ויקרא״ (מדרש תנחומא).

דורך דעם בילד וואָס מיר האָבן געשילדערט, פאַרשטייען מיר אויך דעם מאמר אין תורת כהנים, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז ג—ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: „צא ואמור להם דברי כבושין בשבילכם מדבר עמי״ — גיי זאָג זיי איינגעמענדיקע רייד. זיי זאָלן ניט זיין ביי זיך אָראָפּגעפאַלן . . . ווארום איר זענט זייער באַליבט ביי ג—ט. צוליב אייערטוועגן רעדט ג—ט מיט מיר, ווארום די גאַנצע אַכט און דרייסיק יאָר, וואָס די אידן האָבן זיך געהאַט פאַרזינדיקט אין דעם מדבר, האָט ער מיט משה׳ן אויך ניט גערעדט . . . אָט אַזוי גרויס איז אייער זכות ביי ג—ט . . .

זאָג די אידן, הייסט עס, אַז זיי זאָלן זיך ניט פילן וויט פון מיר, ווייל איך בין זייער נאָענטסטער . . . ווארום וואָס איך רייד צו דיר, איז אויך צוליב זיי נאָר . . . איך ווייס, אַז איר ווילט אויסדריקן אייער נאָענטקייט צו מיר אויף אַ מענשלעכן אופן . . . וועל איך אייך געבן אַ געלעגנהייט . . . איר מעגט ברענגען קרבנות . . . „אדם כי יקריב מכם קרבן לד״ . . . אָבער זיין גענענונג דורך קרבנות טאָר ניט זיין אין דעם זין, ווי זיי ווערן געבראַכט ביי אַנדערע געצנדינערישע

פעלקער. איר וועט מוזן אַריינבּרענגען אין דעם קולט אייער אידישן אינהאַלט . . . דעם לויטערן, עטישן גייסט פון אייער תורה־קולטור . . .

וואָרום „אחד המרבה ואחד הממעיט ובלבד שיכון את לבו לשמים" — און „רחמנא לבא בעי" — ביי מיר איז דער עיקר דאָס האַרץ, און אויב אייער האַרץ קען געריייניקט און אויסגעלייטערט ווערן דורך אַ קרבן, מעגט איר עס טאָן. טאָמער ניט — דאַרף איך ניט אייערע קרבנות פון פעטע אָקסן און געשטאָפּטע רינדער — זיי זיינען מיר עקלהאַפט, ווי דער נביא זאָגט . . .

אָט דאָס איז די פילאָזאָפיע פון דעם אידישן קרבנות־קולט אין דעם ליכט פון דעם לויטערן עטישן ג—ט־באַגריף פונ׳ם אידנטום, און אין אָט דעם ליכט האָבן אונזערע חכמים פון תלמוד געזאָגט, אַז צדקה שטייט העכער פון אַלע קרבנות:

„גדול העושה צדקה יותר מכל הקרבנות, שנאמר (משלי כ"א ג׳): עושה צדקה ומשפט נבחר לד׳ מזבח" (סוכה מ"ט), און:

„גדולה תפלה יותר מן הקרבנות" — ווען אַ איד באַהעפט זיך מיט זיין ג—ט דורך תפלה, איז דאָס וויכטיקער איידער דורך קרבנות . . .

און דער גרויסער חריפות׳דיקער אמורא רבא זאָגט: „כל העוסק בתורה אינו צריך לא עולה, ולא מנחה, ולא חטאת, ולא אשם" (מנחות ק"י) — דער וואָס לערנט תורה דאַרף ניט האָבן קיין שום קרבנות, ווייל די תורה ברענגט נעענטער דעם מענשן צו גייסטיקער לויטערקייט און עטישער ריינקייט ווי אַלע קרבנות . . .

# צו

## די כהונה אינסטיטוציע האָט געדאַרפט זיין אין עטישער קדושה און גייסטיקער ריינקייט אין קעגנזאַץ צום פּריסטערטום פון אַנדערע פעלקער. — דער כתר תורה וואָס האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון כתר כהונה ומלכות

„צו את אהרן" — אין צו אלא לשון זירוז מיד ולדורות. אמר ר' שמעון: ביותר במקום שיש בו חסרון.

(תורת כהנים).

„זאת תורת העולה" — אמר הקב"ה: קיימו מה שכתוב למעלה מן הענין ואחר כך: „זאת תורת העולה" — למה? „כי אני ד' אוהב משפט שונא גזל בעולה" (ישעיה ס"א) — אפילו בעולה. ואימתי אתה מעלה עולה ואני מקבלה? — כשתנקה כפיך מן הגזל. מה הוא הגזל? דוד אמר: „מי יעלה בהר ד' ומי יקום במקום קדשו נקי כפים ובר לבב" (תהלים כ"ד) — מי שהוא נקי כפים מן הגזל הוא יעלה בהר ד'.

(תנחומא).

„והכהן המשיח תחתיו" — מה תלמוד לומר „המשיח"? קא משמע לן, דאפילו מבניו של כהן גדול, אי הוי משוח הוי כהן גדול, ואי לא לא, מכאן דאפילו כהן גדול בן כהן גדול טעון משיחה.

(הוריות י"א).

אמר ריש לקיש: מאי כתיב: „זאת התורה לעולה למנחה ולחטאת ולאשם" — כל העוסק בתורה כאילו הקריב עולה, מנחה, חטאת ואשם . . .

(מנחות ק"י).

אין אונזער אַ פריערדיקער דיסקוסיע האָבן מיר שוין געזען, ווי אין דעם ליכט פון די זוניקע מאמרי חז"ל, די אויסטייטשער און דערקלערער פון דער תורה, איז דער קרבנות־קולט ביי אידן ניט געווען קיין צוועק פאַר זיך, נאָר אַ פּעדאַגאָגישע מע־טאָדע, אַ דערציערישער מיטל, אַרויסצוהויבן דעם אידן פון דעם פּאַגאַנישן אָפּפער־דינסט, ווי ער איז פּראַקטיצירט געוואָרן פון אַלע אַנדערע פעלקער.

די תורה האָט, אַלזאָ, אין איר געטלעכער חכמה, סאַנקציאָנירט און געהיי־ליקט דעם קרבנות־קולט ביי אידן, ווייל זי האָט זיך גערעכנט מיט דער ערדיש־מענשלעכער נאַטור, וואָס וויל זיך דערנענטערן צו ג—ט און אויסדריקן זיין מורא

אָדער ליבשאַפט צו דעם אַלמעכטיקן „טמיר ונעלם״ דורך די טייערסטע מתנות, וואָס ער, דער מענש, קען אים ברענגען.

ניט, חס ושלום, ג—ט ב״ה ד אַ ר ף און ו ו י ל קרבנות „מן הבהמה, מן הבקר ומן הצאן״ — דאָס וואָלט געווען אַ וואולגאַרע הגשמה פון הקדוש ברוך הוא און להפך דעם לויטערן, פאַרגייסטיקטן ג—ט־באַגריף פונ׳ם אידנטום — נאָר דער מ ע נ ש דאַרף און וויל קרבנות . . .

דעריבער זאָגט ניט די תורה „צו את בני ישראל ויקריבו לי קרבנות״ — — באַפעל די אידן זיי זאָלן מיר געגעבען קרבנות — נייערט „אדם כי יקריב״ — אויב אַ מענש ברענגט אַ קרבן, זאָל ער אים ברענגען פון אַ בהמה א. אַז. וו.

ג—ט האָט, אין זיין גרויס חסד, זיך אַראָפּגעלאָזן צו דאָס ערדיש־מענשלעכע פון דעם אידישן פאָלק, וואָס איז געווען איינגעטונקט אין דער געצנדינערישער קול־טור פון מצרים, און ער האָט ניט געוואָלט זיי אָפּרייסן מיט אַמאָל פון דער פּאָפּולערער קרבנות־אינסטיטוציע . . .

האָט די תורה גענומען אָט די ערדיש־מענשלעכע אינסטיטוציע, אויסגערייניקט זי פון איר פאַגאַנישן אינהאַלט און איר אַנגעלאָדן מיט נשמה׳דיקייט און עטישער קדושה, כדי זי זאָל זיך אַריינפּאַסן אין דעם לויטערן אידישן וועלט־באַנעם.

און ניט קוקנדיק, וואָס דער קרבנות־קולט איז געווען בלויז אַ מיטל פאַר וויטערער מענשלעכער דערלייזונג און גייסטיקער אויסלייזונג אויף דעם לייטער פון השתלמות, איז ער, אָבער, אַזוי שנעל ווי די תורה האָט אים אַריינגעוועבט אין איר סיסטעם, געהייליקט און געריניקט געוואָרן אַלס אַ טייל פון אונזער תורה, וואָס איז כלה קדושה, און אַזוי זאָגט טאַקע דער רמב״ם, וועלכער דערקלערט דעם אידישן קרבנות־קולט אַלס אַ מיטל אָפּצוגעוואוינען די אידן פון עבודה זרה מיט מענשלעכע קרבנות.

און אַזוי ווי קרבנות זיינען אויסדרוקן פון טיפע מענשלעכע עמאָציעס, פון די אינטימסטע געפילן פון דער מענשלעכער נשמה, האָט די תורה אויפגעבויט אַ סיסטעם פון פאַרשידענע קרבנות, פון וועלכע יעדערער פון זיי דריקט אויס אַ טיפן מענשלעכן געפיל אין שייכות מיט זיין ג—ט, ווי אַ ק ר ב ן ע ו ל ה , מיט וועלכן דער מענש וויל אינגאַנצן אויפגיין מיט זיין ג—ט . . . דאָס איז אַ הייליק פייער, וואָס ברענט תמיד אין דעם מענשן זיך צו באַהעפטן מיט זיין ג—ט . . . „היא העולה על מוקדה״ . . .

דאַן איז דאָ אַ ק ר ב ן ח ט א ת , וואָס דריקט אויס אַ דראַנג פון דעם מענשן זיך איבערצובעטן מיט זיין ג—ט נאָכדעם ווי ער האָט געזינדיקט . . . אַ ק ר ב ן ־ א ש ם — אַ געפיל פון באַרואיקן דעם געוויסן קעגן ג—ט . . . אַ ק ר ב ן ש ל מ י ם — ווען דער מענש זוכט אַן אויסדרוק פון שלום צווישן אים און זיין ג—ט . . . אַ ק ר ב ן מ נ ח ה — ווען דער אָרימער מענש זוכט אויסצודריקן זיין ליבע צום באַשעפער דורך גלאַט אַזוי אַ מתנה . . .

און תא חזי, קום און זע, וואָס פאַר אַ חשיבות די תורה אונזערע האָט צוגע־טיילט צו די מענשלעכע געפילן פון דעם אָרימען בשר ודם, ווי זי האָט געהייליקט די סימבאָלן פון זיינע אויסדרוקן און האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי דעם חותם פון איר העכסטער לויטערער קדושה! . . .

און פונקט אַזוי ווי די תורה האָט אַריינגעהויכט אין די קרבנות גייסטיקייט, קדושה און טיפע עטישקייט, אָפטיילנדיק זיי פון וואָכעדיקער אומריינקייט און פון דעם חולין פון לעבן, אַזוי אויך האָט די תורה אָפגעטיילט און אָפגעזונדערט די אידישע כהונה פון דעם פריסטערטום פון אַנדערע פעלקער . . .

די כהנים, די דינער פון ג—ט, וועלכע דאַרפן דורכפירן די עבודה פון די קרבנות, פאַרבינדנדיק דעם מענשן מיט ג—ט, מוזן אויך זיין די גייסטיקע פירער און לערער פון פאָלק. זיי, מער ווי אַלע אַנדערע, מוזן דעריבער זיין עטיש ריין און הייליק אין זייערע מחשבות ווי אין זייערע מעשים.

און ניט קוקנדיק וואָס די כהונה איז פאַרערבלעך און זי גייט איבער בירושה פון די פאָטערס צו די זין, קען אָבער אַ כהן גע׳פסל׳ט ווערן פון דער כהונה, ווען ער איז ניט ערלעך צו זיינע מיט־מענשן, אָדער ווען ער פירט זיך ניט אויף לויט די פאַרשריפטן פון דער תורה.

אפילו אַ כהן גדול קען גע׳פסל׳ט ווערן, אויב ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן דער תורה. דעריבער מוז יעדער כהן גדול געזאַלבט ווערן איידער ער גייט אַריין אין דעם אַמט, ניט קוקנדיק וואָס זיין פאָטער איז געווען אַ כהן גדול, ווי די גמרא לערנט פון דעם פסוק אין דער סדרה „צו״ — „והכהן המשיח תחתיו״, אַז אפילו כהן גדול טעון משיחה (הוריות י״א).

די כהונה האָט ניט נאָר געמיינט דער אַמט פון דער עבודה אין בית המקדש, נאָר אויך גייסטיקע פירערשאַפט און וועג־ווייזונג.

דעריבער האָט די תורה ניט געגעבן קיין חלק צום שבט לוי אין דער פאַר־טיילונג פון ארץ ישראל, ווייל „ד׳ הוא נחלתו״, ווייל זיי, אַלס גייסטיקע פירער און לערער פון אידן, זיינען ג—ט׳ס נחלה, און זיי טאָרן זיך ניט אָפגעבן מיט דעם קאַמף פאַר פרנסה, וואָס ברענגט דעם מענשן צו פאַרשידענע נסיונות און פאַרזוכונגען, וועלכע קענען אים אַראָפפירן פון דרך הישר.

אַזוי האָט די תורה באַשאַפן זייער הכנסה־קוואַל פון פאַרשידענע פאָלקס־ביישטייערונגען, ווי תרומה, מעשר און אַ טייל פון די קרבנות.

אָבער די כהנים, די גייסטיקע אידישע פירער, דאַרפן זיין „לכבוד ולתפארת״ ביי אידן. זיי, מער ווי אַלע אַנדערע, מוזן זיך פירן על פי התורה. אויב ניט — פאַרלירן זיי זייער כהונה, פונקט אַזוי, ווי אַ אידישער מלך, וואָס האָט זיין ירושה־רעכט, פאַרלירט זיין מלוכה, אויב ער לעבט ניט על פי התורה. ווייל דער כתר מלכות און דער כתר כהונה זיינען ביידע אונטערגעוואָרפן אונטער דעם כתר תורה.

„גדולה תורה יותר מן הכהונה ומן המלכות" (מגילה ט"ז).

און בעת די תורה הויבט אָן די דינים פון קרבנות מיט „אדם כי יקריב", ווערט אָבער די גרינדונג פון דער אידישער כהונה־אינסטיטוציע אָנגעהויבן מיט „צו", מיט אַ באַפעל, הייסט עס, ווייל די וואָס שטייען אין דעם דינסט פון קרבנות זיינען שוין געהייליקט געוואָרן מיט ספּעציעלע פליכטן . . .

„צו את אהרן ואת בניו" — באַפעל אהרנ'ען און זיינע זין — און דער תורת כהנים זאָגט דערויף: וואו עס שטייט „צו", מיינט עס באַלד און פאַר אַלע דורות. אמר ר' שמעון: ביותר במקום שיש בו חסרון־כיס — רבי שמעון זאָגט, אַז די כהנים דאַרפן נאָך מער אָפּגעהיט זיין, וואו עס איז דאָ אַ געלט־פאַרלוסט . . . זיי דאַרפן שטיין העכער פון זייערע פּערזענלעכע מאַטעריעלע אינטערעסן . . . דאָס דאַרף זיין די אויסצייכענונג פון אידישע גייסטיקע פירער . . .

אַ פיל טיפערן און לויטערן עטישן יסוד פון דער כהונה ברענגט אַרויס דער מדרש תנחומא פון דעם פּסוק „זאת תורת העולה" — דאָס איז די לערע פון אַ קרבן עולה.

„אמר הקדוש ברוך הוא: קיימו מה שכתוב למעלה מן הענין ואחר כך: ,זאת תורת העולה'" — זיי האָבן מקיים געווען וואָס עס איז געשריבן פריער פאַר דעם ענין, נעמלעך: „והיה כי יחטא ואשם והשיב את הגזלה אשר גזל" — פריער, ביים סוף פון דער פּרשה „ויקרא", זאָגט די תורה, אַז ווען איינער האָט זיך פאַרזינדיקט מיט אַ גזלה, אָדער מיט אַ פּיקדון, וואָס ער האָט ניט געוואָלט צוריקגעבן צו זיין אייגנטימער, אָדער ווען ער האָט געזוכט צו פאַרלייקענען אַן אבידה, וואָס ער האָט געפונען און ניט געוואָלט אָפּגעבן צום בעל־הבית — דאַן וועט אים ניט העלפן קיין שום קרבן, ביז ער וועט ניט אומקערן די גזלה צו זיין אייגנטימער — און אַזוי ווי אהרן און זיינע זין זיינען געווען ריין פון אָט די אַלע זאַכן, דעריבער האָט ג—ט געהייסן משה'ן צו לערנען מיט זיי די דינים פון קרבנות . . .

„ואימתי אתה מעלה עולה ואני מקבלה? — כשתנקה כפיך מן הגזל" — ווען קענסטו ברענגען אַן עולה און איך וועל זי אָננעמען? — ווען דיינע הענט זיינען ריין פון רויב . . .

און „רויב" מיינט ניט דוקא פּשוט'ע גנבה וגזלה, אָדער „האַלדאַפּ", נאָר יעדער וואָס האָט אומריינע הענט . . .

ומה הוא גזל — וואָס מיינט גזלה? — דאָס וואָס דוד המלך האָט געזאָגט: „מי יעלה בהר ד' ומי יקום במקום קדשו? — נקי כפים ובר לבב" (תהלים כ"ד) — ווער קען אַרויפגיין אויף דעם באַרג פון ג—ט און ווער קען שטיין אין זיין הייליק אָרט? דער וואָס האָט ריינע הענט און אַ לויטער האַרץ . . . (תנחומא).

דער אידישער כהן האָט געדאַרפט זיין „נקי כפיים ובר לבב" . . .

און דאָס איז דער גרויסער, אָריגינעלער אויפטו פון דער כהונה־אינסטי־טוציע, וואָס די תורה האָט באַשאַפן ביי אידן.

אונזער כהונה, פונקט ווי דער קרבנות־קולט, טאָר ניט שטיין אויף איין מדרגה מיט דעם פּריסטערטום פון אַנדערע פעלקער, ביי וועמען דער אָפּפער־דינסט האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט עטישקייט, מיט ערלעכע באַציאונגען צווישן מענש און מענש. פאַר זיי האָבן די קרבנות געדינט, אָדער מפצה צו זיין זייערע בייזע געטשן, אָדער אַלס שוחד, אַלס כאַבאַר און חניפה צו זייערע געטער . . . זיי האָבן געגלויבט, אַז דערמיט, וואָס זיי טראָגן אונטער אַ פעטן אָקס אונטער די נאָזלעכער פון זייער אָפּגאָט, וועלן אַלע זייערע רויבערייען, בלוט־פאַרגיסונגען און נידערטרעכטיקייטן פאַרגעבן ווערן, און זיי וועלן קענען אָנגיין ווייטער מיט זייערע זינד פון רויב און מאָרד.

ביי אונז מוזן די כהנים, וואָס פירן אָן מיט דער עבודה אין בית המקדש, קודם כל, זיין געריניקט אין זייערע באַציאונגען פון מענש צו מענש. איידער אַ כהן דערנעענטערט זיך אין קדושה צו ג—ט, מוז ער זיך פריער הייליקן מיט אַן עטישער קדושה, אַזוי צו זאָגן. ער טאָר ניט אַריינקומען אין דעם בית ד׳ מיט אַן אומריינער האַרץ . . .

אין דעם דריקט זיך אויס דער אייגנאַרטיקער מהות פונ׳ם אידנטום, וואָס האָט זיין געניאַלע ג—ט־דערקענטעניש סובלימירט צו דער העכסטער עטישער מדרגה, אידענטיפיצירנדיק ג—ט מיט דעם צדק מחלט, מיט אַבסאָלוטער גערעכ־טיקייט, וואָס איז געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון אַלע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, דינים און מצוות פון אונזער ג—ט־קולטור און תורה־ציוויליזאַציע . . .

אפילו די ריינע מצוות פון „בין אדם למקום״, ווי דער קרבנותקולט, זיינען באַזעלט און באַלעבט געוואָרן מיט דער עטישער קדושה פון „בין אדם לחברו״ . . .

און דעריבער האָבן די כהנים געדאַרפט זיין די ערלעכסטע און די עטיש־ריינסטע מענשן, ווייל „כי אני ד׳ אוהב משפט שונא גזל בעולה״ (ישעיה ס״א) — ווארום איך ג—ט האָב ליב גערעכטיקייט; איך האָב פיינט גזל אפילו אין אַ קרבן עולה . . .

און ווען שפּעטער איז די כהונה, אַזוי ווי די אידישע מלוכה, דעמאָראַליזירט געוואָרן, און די כהנים, די וועג־ווייזערס און לערער פון פאָלק, זיינען אַליין אַראָפּ פון וועג און געוואָרן „מאשריו המתעים ומורי השקר״ — פאַרפירנדיקע וועג־ווייזער און פאַלשע לערער, וועלכע האָבן עקספּלואַטירט און באַ׳גזל׳ט די אָרימע פאָלקס־מאַסן און געהאָלפן זייערע באַדריקער, האָבן טאַקע אונזערע גרויסע און הייליקע נביאים געשטורעמט ניט נאָר קעגן די כהנים אַליין, נאָר קעגן דעם גאַנצן קרבנות־קולט, וואָס האָט אָנגענומען אַ פאַגאַנישן כאַראַקטער.

„למה לי רוב זבחיכם, יאמר ד׳. שבעתי עולות אילים וחלב מריאים ודם פרים וכבשים ועתודים לא חפצתי״ — דונערט ישעיה הנביא אין ערשטן קאַפּיטל

— צו וואָס מיר אייערע פיל שלאַכטאָפּפער, זאָגט ג—ט, איך בין זאַט מיט בראַנד־אָפּפער פון ווידערס. און מיט פעטס פון געשטאָפּטע, און בלוט פון אָקסן און שעפּסן און בעק וויל איך ניט האָבן . . .

און אין אַזאַ סאַרקאַסטישן, ביטערן און פאַרצווייפלטן טאָן האָבן כמעט אַלע נביאים פּראָטעסטירט קעגן דעם קרבנות־קולט, וואָס איז אַזוי געצנדינעריש דעגראַדירט געוואָרן . . .

און נאָך שפּעטער, ווען דער צווייטער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, און די קרבנות זיינען בטל געוואָרן, האָט דער כתר תורה פאַרנומען אין דעם אידנטום דעם פּלאַץ פון דעם כתר כהונה, ווי פון דעם כתר מלכות . . .

די אמת׳ע ג—ט־באַהעפטונג, האָבן אונזערע חכמים געלערנט, קען נאָר קומען דורך תורה, צדקה, תפלה און תשובה, און מער פון אַלץ איז תורה.

זאָגט ריש לקיש: וואָס עס שטייט געשריבן „זאת התורה לעולה למנחה ולחטאת ולאשם״ — מיינט עס, אַז דער וואָס לערנט תורה איז פּונקט ווי ער וואָלט מקריב געווען אַ קרבן עולה, מנחה, חטאת און אשם (מנחות ק״י).

וואָרום, פון אַלע אונזערע דריי קרוינען איז אונז געבליבן דער כתר תורה, וועלכן קיין מאַכט אין דער וועלט קען ניט אָוועקרויבן פון אונז — כי היא חיינו ואורך ימינו, און הפך בה והפך בה דכולי בה . . .

# שמיני

## די נדב ואביהוא טראַגעדיע אין דעם וועלט־בילד פון היסטאָרישן אידנטום. — דער קאַמף צווישן יונגן און אַלטן דור. — די דעגראַדאַציע פון דעם „אש הבא מן ההדיוט״ וואָס האָט געפירט צום אומגליק פון דער היינטיקער צייט

„ויהי ביום השמיני״ — תניא, אותו היום היה שמחה להקב״ה ביום שנבראו בו שמים וארץ . . .
(מגילה י׳).

„ויהי ביום השמיני״ — כל מקום שנאמר „ויהי״ אינו שמחה, שבאותו היום מתו נדב ואביהוא . . .
(ילקוט שמעוני).

„וימותו לפני ד׳״ — רבי אליעזר אומר: כעין מיתה שריפת נשמה וגוף קיים . . .
(סנהדרין נ״ב).

תניא, ר׳ אליעזר אומר: לא מתו בני אהרן עד שהורו הלכה בפני משה רבן, מאי דרוש? — „ונתנו בני אהרן אש על המזבח״ (ויקרא א׳ ז׳), אמרו: אף על פי שאש יורדת מן השמים מצוה להביא מן ההדיוט . . .
(עירובין ס״ג).

דבר אחר: מסיני נטלו להם; שכיון שראו את משה ואת אהרן שהיו מהלכין תחילה והם באין אחריהם וכל ישראל אחריהם, אמרו נדב לאביהוא: מתי שני זקנים הללו מתים ואנו ננהיג את הקהל! — אמר המקום: נראה, מי קובר את מי . . . הם קוברים אתכם ויהיו מנהיגים את הקהל . . .
(סנהדרין כ״ב).

דער קאַמף צווישן דעם יונגן און אַלטן דור איז אַזוי אַלט, ווי די מענשלעכע קול־טור־געשיכטע. די אומדערפאַרענע יוגנט, מיט איר דינאַמישער, ברוזינדיקער נאַטור און הייס־בלוטיקע אימפּולסן, האָט תמיד רעוואָלטירט קעגן דער אַלטער איינגעפונ־דעוועטער אָרדענונג, אָנגענומענע אמת׳ן, פאַרהייליקטע טראַדיציעס און לעבנס־מנהגים, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט און איינגעשטעלט דורך דער חכמה און דער־פאַרונגען פון די פריערדיקע דורות.

די יוגנט, וואָס האָט „ניט געפּאָקט און ניט געמאָזלט״ אויף דעם אַלטן לעבנס־סדר, וואָס איז איר צוגעטראָגן געוואָרן דורך דעם המשך פון דורות, דענקט תמיד, אַז זי איז קליגער פון אירע טאַטעס און זיידעס און זי, די יוגנט, פאַרשטייט בעסער דאָס לעבן, ווי דער אַלטער „אָפּגעלעבטער״ דור . . .

און ווער ווייסט, וואוהין די יוגנט וואָלט מיט איר געוואַגטקייט, איינשטע־לעניש און אומדערפאַרנקייט פאַרפירט די מענשהייט, ווען ניט דער פאַקט, וואָס דער יונגער דור גופא שטייט ניט אויף איין אָרט . . . ער ווערט עלטער, מיושב׳דיקער און וואַקסט אַרויס פון זיין יוגנטלעכן אימפּולסיוון טעמפּעראַמענט, ווערנדיק געלאַסענער און אויסגערעכנטער, און איידער ער קוקט זיך אַרום, דערזעט ער זיך שוין אין דעם לאַגער פון דעם אַלטן דור, וואָס שטייט שוין אַליין אין אַ קאַמף מיט דעם נייעם יונגן דור — מיט זיינע אייגענע קינדער . . .

און אַזוי אַרום ווערט די אימפּולסיווע יוגנט, אין יעדן דור, געצאַמט פון דיזעלביקע כחות, וועלכע זי האָט פריער אַליין באַקעמפט . . .

עס וואָלט געווען אַ חורבן און כאַאָס פאַר דער מענשהייט, ווען די יוגנט וואָלט זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון די אַלטע דורות, פאַרניכטנדיק זייערע, אין בלוט און פיין אויסגעוויטאָקטע אידעאַלן, און זיך אַוועקלאָזנדיק מיט דעם יוגנטלעכן אימ־פּעט און חוצפה איבערצוררייסן אינגאַנצן מיט דעם לאַנגזאַם־פּראָגרעסיוון המשך און בויען אַ נייע אָרדענונג אויף די חורבות פון דער אַלטער וועלט . . .

זעען מיר דאָך, צום באַדויערן, דעם כאַאָס, חורבן און צערודערונג ביז משוגעת פון אונזער היינטיקער וועלט, וואָס איז, צום גרעסטן טייל, אַ פּועל־יוצא פון דער אימפּולסיווער יוגנט, וואָס איז פאַר׳סמ׳ט געוואָרן פון דעם שוואַרצן פאַשיזם, דעם באַרבאַרישן נאַציזם און דעם רוצח׳ישן קאָמוניזם . . .

דאָס אומגליק פון דער איצטיקער וועלט איז, וואָס די יוגנט איז פאַרפירט און אָפּגעריסן געוואָרן פון אַלע מענשלעכע אידעאַלן; עטישע באַגריפן און פריי־הייטלעכע טראַדיציעס, וואָס הונדערטע דורות האָבן אויסגעקעמפט מיט אַזוי פיל בלוט און טרערן, און טראַמפּלענדיק מיט חוצפה און פוסטער בראַוואַדאָ אויף די חורבות פון די הייליקסטע אידעאַלן, האָט זיך די ווילדע, צעלאָזענע יוגנט אַוועק־געלאָזן בויען אַ נייע וועלט־אָרדענונג אויף האַס, רציחה, אונטערדריקונג און מלחמות.

אַ יוגנט, וואָס איז אָפּגעריסן פון די אַלטע קוואַלן, פון די פאַרהייליקטע קולטור־אוצרות, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סטאַדע צעהיצטע, משוגע־געוואָרענע פערד און ווילדע דזשאָנגל־חיות, וועלכע ברענגען בלויז חורבן און צעשטערונג, ווען אפילו זיי שרייען, אַז זיי קומען בויען אַ נייע, „גליקלעך" לעבן פאַר דער מענשהייט . . . ווארום זייער „בנין" איז „סתירה" — זייער קאָנסטרוקציע איז ד ע ס ט ר ו ק־צ י ע . . .

האָבן דאָך שוין אונזערע גרויסע חכמים געוואָרנט קעגן דער אימפּולסי־ווער, אומדערפאַרענער און אומפּראַקטישער יוגנט, ווען זיי האָבן געזאָגט: „אם יאמרו לך ילדים: בנה בית המקדש — אל תשמע להם, ואם יאמרו לך זקנים: סתור בית המקדש — שמע להם, מפני שבנין ילדים סתירה וסתירת זקנים בנין" — אויב קינ־דער זאָגן דיר: בוי אַ בית המקדש — זאָלסטו זיי ניט פאָלגן, און אויב זקנים זאָגן דיר: צעשטער אַ בית המקדש, זאָלסטו זיך צוהערן צו זיי, ווארום דאָס בויען פון

קינדער איז צעשטערונג, און די צעשטערונג פון זקנים איז קאָנסטרוקטיוו . . .
(נדרים מ׳).

די גמרא באַטאָנט דאָ אויף דעם שאַרפסטן אופן דעם אונטערשייד צווישן דער אומדערפאַרענער, אימפולסיווער יוגנט און דער רייפער, פון דערפאַרונג־געלערנטער און מיושב׳דיקער עלטקייט.

געוויס שפּילט די יוגנט אַ גרויסע און באַדייטנדיקע ראָלע אין דעם אַנט־וויקלונגס־פּראָצעס פון דער מענשהייט. אודאי איז זי אַ גרויסער פאַקטאָר אינ׳ם קאַמף פאַר מענשלעכן פּראָגרעס און השתלמות. די יוגנט גיסט אַריין אירע פול־בלוטיקע כחות, איר דינאַמישן אידעאַליזם, אין דעם קאַמף פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט, און דער היסטאָרישער המשך ווערט באַלעבט פון איר הייסן אָטעם און דערפרישט מיט איר אימפּעט און געוואַגטקייט . . .

במה דברים אמורים, ווען איז דאָס, אָבער, געראַדט געוואָרן? — ווען די יוגנט איז פאַרבונדן מיט דעם המשך; ווען זי שעפּט איר גייסטיקע חיונה פון די אַלטע קוואַלן; ווען דער יונגער דור איז דורכגעדרונגען מיט די אייביקע אמת׳ן און אידעאַלן פון די אַלטע דורות. דאַן איז זי, די יוגנט, מיט איר דינאַמישקייט און ענטוזיאַזם, מיט איר געוואַגטקייט און התלהבות, אַ קאָלאָסאַלער, פּאָזיטיווער כח אין דעם קאַמף פאַר אַ גליקלעך און גערעכט מענשלעך לעבן. דאַן מאַרשירט גבורה׳דיק דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אויף זיינע נאָרמאַלע, עוואָלוציאָנערע היסטאָרישע רעלסן . . .

ניט אַזוי איז, אָבער, ווען די יוגנט ווערט ג—טלאָז, פאַרפירט און אָפּגע־ריסן אינגאַנצן פון דעם המשך, און די „מלחמת האבות והבנים״ נעמט אָן אַזאַ רעוואָ־לוציאָנערן כאַראַקטער, וואָס וויל עוקר מן השורש זיין די גאַנצע אַלטע ירושה; ווען יונגע זין רייסן די בערד פון זייערע אַלטע טאַטעס, און טעכטער פליקן די שייטלען פון זייערע פרומע מאַמעס; ווען די יוגנט רייסט אינגאַנצן איבער מיט זייער פאָלקס־געשיכטע, ווי דאָס איז אַזוי ברוטאַל און חוצפה׳דיק געטאָן געוואָרן פון די יעווסעקעס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד — דאַן איז דאָס די גרעסטע קאַטאַסטראָפע ניט נאָר פאַר זייער פאָלק, נאָר פאַר זיי אַליין, וואָרום זיי, די אָפּטריניקע, מוזן אַליין אויפגעפרעסן און פאַרצערט ווערן פון זייער אייגענעם „פרעמדן פייער״, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין דעם בית המקדש פון זייער פאָלקס־לעבן . . .

אין דעם ליכט דערקלערן די אגדות פון תלמוד און מדרש די טראַגעדיע פון נדב און אביהוא, די יונגע זין פון אהרן הכהן, וועלכע זיינען פאַרברענט געוואָרן פון דעם פרעמדן פייער, דעם „אש זרה אשר לא צוה אותם״ — וואָס זייער געטלעכער לערער האָט זיי ניט געהייסן ברענגען פאַר ג—ט, ווי עס ווערט דערציילט אין דער סדרה „שמיני״.

עס איז געווען דער אַכטער טאָג פון די מלואים, ווען משה רבנו האָט איינ־געווייהט און געלערנט מיט אהרנ׳ען און זיינע זין, זייערע פונקציעס אין דעם היי־

ליקטום און ווי אַזוי אָנצופירן מיט דער עבודה. עס איז געווען אַ גרויסע שמחה ביי אידן. דער משכן, דער גייסטיקער צענטער, האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן. די געהייליקטע כהנים זיינען באַשטימט געוואָרן צו זיין די לערער און וועג־ווייזער פון פאָלק, ווי עס ווערט דאָרט געזאָגט: „ולהבדיל בין הקודש ובין החול ובין הטמא ובין הטהור, ולהורות את בני ישראל את כל החוקים אשר דבר ד׳ ביד משה״.

איז טאַקע געווען אַ גרויסער יום טוב און אַ גרויסע פרייד אויף דער וועלט, ווען דאָס נאַציאָנאַל הייליקטום האָט אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן ליכט און קדושה אויף דער וועלט . . .

די אגדה (אין מגילה י׳) וויל האָבן, אַז אין יענעם טאָג איז געווען אַזאַ פרייד פאַר הקדוש ברוך הוא ווי אין דעם טאָג פון דעם וועלט־באַשאַף . . .

אָבער מיט אַמאָל איז די זוניקע פרייד פאַרוואָלקנט געוואָרן, ווען נדב און אביהוא, אהרנ׳ס זין, האָבן געבראַכט אַ פרעמד פייער אין זייערע פאַנען און — „ותצא אש מלפני ד׳ ותאכל אותם וימותו לפני ד׳״ — איז אַרויס אַ פייער פון פאַר ג—ט און האָט זיי פאַרצערט און זיי זיינען געשטאָרבן פאַר ג—ט . . .

און די גרויסע שמחה איז פאַרשטערט געוואָרן! . . .

דאָס איז געווען דער „ויהי״ — פון דעם „יום שמיני״, ווארום וואו עס שטייט „ויהי״ איז אַ צרה, און דאָס איז געווען „שבאותו היום מתו נדב ואביהוא״ (ילקוט שמעוני).

**
*

די גאַנצע נדב ואביהוא טראַגעדיע, ווי זי ווערט דערציילט אין קורצע צוויי פסוקים פון חומש, איז איינגעוויקלט אין אַ מיסטישן שלייער, וואָס אונזערע בעלי אגדה האָבן געזוכט אַדורכצולייכטן מיט דעם זוניק ליכט פון זייער טיפער, העל־זעהערישער אינטואיציע.

ווי אַזוי און פאַרוואָס זיינען די יונגע צוויי כהנים־פּרינצן געשטאָרבן?

וואָס איז געווען זייער הויפּט־פאַרברעכן? — איז דאָס געווען די „אש זרה״, אָדער זיי האָבן געהאַט נאָך אַנדערע זינד?

און וואָס פאַר אַ מין טויט איז דאָס געווען?

זאָגט רבי אליעזר, אַז דאָס איז געווען אַזאַ סאָרט טויט פון „שריפת נשמה וגוף קיים״ — די נשמה איז פאַרברענט געוואָרן און דער גוף איז געבליבן גאַנץ. (סנהדרין נ״ב).

דאָס איז שוין אַ טויט שלא כדרך הטבע . . . ווארום שטאַרבט דאָך דער גוף, ניט די נשמה — ווי קען די נשמה פאַרברענט ווערן, אַז זי אַליין איז כולו רוח, גייסט, הייסט עס? . . .

און זיך ניט באַנוגנדיק מיט דעם טעם, וואָס די תורה גיט אָן פאַר זייער טויט, זוכן אונזערע חכמים אַנדערע מאָטיוון, ווארום זיי זיינען באַשטראָפט געוואָרן.

זאָגט דערזעלביקער תנא רבי אליעזר, אין אַן אַנדער בריתא:

„לא מתו בני אהרן — עד שהורו הלכה בפני משה רבן" — אהרנ'ס זין זיינען ניט געשטאָרבן, ביז זיי האָבן גע'פסק'ענט אַ דין אין דער אַנוועזנהייט פון זייער רבי'ן משה — זיי האָבן געזאָגט: „אף על פי שאש יורדת מן השמים מצוה להביא מן ההדיוט" — הגם פייער נידערט אַרונטער פון הימל, איז דאָך אָבער אַ מצוה צו ברענגען פון אַ פּראָסטאַק... (עירובין ס"ג)

דער פאַקט, וואָס זיי האָבן געבראַכט אַן „אש זרה" אין הייליקטום, וואָלט גאָר ניט געווען אַזוי שרעקלעך, ווען זיי וואָלטן ניט מאָטיווירט זייער טאַט מיט אַן אייגענער אויסטייטשונג פון אַ פּסוק קעגנאיבער זייער רבי'ן...

דאָס איז דאָך דיזעלביקע טראַגעדיע מיט אונזער היינטיקער פאַרפירטער יוגנט. עס איז ניט גענוג פאַר זיי דאָס זוניק ליכט פון דעם תורה ונבואה אידנטום, וואָס קומט פון אויבן — זיי ווילן דוקא האָבן דעם „אש הבא מן ההדיוט" — דעם רויכיקן, פאַרטשאַדעטן, מאַטעריאַליסטישן פייער פון די „הדיוטים", וועלכע שטעלן מענשן אויף איין מדרגה מיט דער בהמה און דער חיה...

און זיי, די פּולבלוטיקע, צעהיצטע יוגנט, האָט נאָך די חוצפה צו מאַכן פון איר צעלאָזנקייט אַ גאַנצע פילאָזאָפיע און זיין אַ „מורה הלכה בפני רבן"...

זיי קומען לערנען און פּסק'ענען הלכות צו אונזערע נביאים, חכמים, גאונים, דענקער און פילאָזאָפן, מאַרטירער און קדושים, וועלכע האָבן אויסגעפורעמט דאָס אידנטום און אים באַלויכטן מיט דעם „אש הבא מן השמים", מיט דעם אייביקן ליכט פון תורה ונבואה, וועלכע אַנטהאַלטן וועלט-דערלייזנדיקע אידעאַלן...

קומען אונזערע „וועלטלעכע" קולטוריסטן, קאָמוניסטן און ראַדיקאַלע אי-דישיסטן און ווילן, אַז דאָס אידנטום זאָל ברענען און לויכטן פון זייער רויכיקן „אש הבא מן ההדיוט"...

און די דאָזיקע חברה וואַרט אויף דעם טויט און אונטערגאַנג פון דעם אַלטן רעליגיעזן היסטאָרישן אידנטום...

ווי כאַראַקטעריסטיש און אמת'דיק פאַר אונזער טראַגישער צייט, איז די בילדלעכע אגדה, וואָס אונזערע חכמים האָבן אַריינגעוועבט אין דער נדב ואביהוא טראַגעדיע!

„... אמרו נדב ואביהוא: מתי זקנים הללו מתים ואנו ננהיג את הקהל! אמר המקום: נראה, מי קובר את מי — הם קוברים אתכם ויהיו מנהיגים את הקהל" — ווען זיי האָבן געזען משה'ן מיט אהרנ'ען אין דער שפּיץ פון דער אידישער פי-רערשאַפט, האָבן די יונגע נדב און אביהוא געזאָגט: ווען שטאַרבן שוין די דאָזיקע אַלטע לייט און מיר וועלן פירן די געמיינדע? האָט דער אויבערשטער געזאָגט: מיר'ן זען ווער וועמען וועט באַגראָבן... זיי וועלן אייך באַגראָבן און וועלן בלייבן די פירער פון דעם קהל...

און די געשיכטע האָט עס באַשטעטיקט. בכל דור ודור, אין יעדער תקופה זיינען אויפגעשטאַנען פון צווישן אונז „נדב ואביהוא׳ס“, וועלכע האָבן געזוכט צו אַסימילירן דעם „אש הבא מן השמים“ מיט זייער „אש הבא מן ההדיוט“, מיט די פייערן פון פרעמדע פעלקער און פרעמדע קולטורן, אָבער — „נראה מי קובר את מי“ — זיי זיינען אונטערגעגאַנגען און דאָס אידנטום שטייט היינט שטאַרק און פעסט פאַר־וואָרצלט אין זיין געשיכטע, ווי אַ זאַפטיקער, פרוכטבאַרער בוים. בלויז די „נדב ואביהוא׳ס“ זיינען פון אונז אַוועקגעפאַלן מיט אַ שריפת נשמה וגוף קיים . . .

דאָס אַסימילאַטאָריש רעפאָרם־אידנטום, וואָס איז געקומען אין דעם אַלטן אידישן היילקטום מיט אַן „אש זרה אשר לו צוה אותם“, איז היינט באַנקראָט. זייערע גייסטיקע פירער און לערער, וואָס האָבן צעשניטן דעם סידור און אויסגעמעקט די אידישע האָפענונג פון אונזערע תפלות — אַט יענע חברה, וואָס האָט געזוכט אויס־צולייזן דעם טראַדיציאָנעלן, זאַפטיקן אידנטום פון זיין נאַציאָנאַלער, קולטור־היסטאָרישער נשמה און אַריינברענגען אין אים אַ קריסטלעך־געצנדינערשן אינהאַלט — האָט איצט גענומען דערוואַכן פון זיין נאַציאָנאַלן פּאַראַליז, אַ דאַנק די היטלערס און מוסאָליניס . . . איצט זוכן שוין פילע פון זיי דעם אש הבא מן השמים אָנצו־וואַרעמען זייערע קאַלטע טעמפּלען . . .

מיר געפינען, צום באַדויערן, נאָך אַ סך „נדב ואביהוא׳ס“ אין דעם לאַגער פון אונזערע ראַדיקאַלן, וועלכע האָבן נאָך גאָר ניט פאַרגעסן און גאָרניט געלערנט. זיי קומען נאָך אַלץ מיט זייער „אש הבא מן ההדיוט“ צו באַלייכטן דעם אידישן לעבן, מיט זייער פוסטער, אויסגעליידיקטער „וועלטלעכער“ אידישקייט . . .

אויך זיי שטייען און וואַרטן אויף דעם אונטערגאַנג פון דער באַרג סיני אידישקייט . . . זיי זאָגן פאָראויס די לויה פון רעליגיעזן אידנטום, ניט קוקנדיק וואָס זייערע פאָלקס־שולן זיינען באַנקראָט, ווייל זייער „וועלטלעכע“ דערציאונג האָט ניט דעם עלעמענט פון „אש הבא מן השמים“, און איז ניט ביכולת אָנצוצינדן, באַ־לייכטן און אָנצוואַרימען מיט אידישער שעפערישקייט די נשמות פון זייערע קינדער.

אָבער, ניט געזאָרגט — נראה מי קובר את מי — די צייט וועט אונז ווייזן וועלכע ריכטונג עס וועט איבערלעבן אין דעם וועלט־אידנטום — די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אָדער די ראַדיקאַל־וועלטלעכע? . . .

איך בין זיכער, אַז די ערנסטע און ערלעך־דענקענדיקע אידן אויף דער ראַדיקאַלער גאַס, וועלן זיך מוזן אַ קער טאָן צום רעליגיעזן אידנטום, ווי מאַנכע פון זיי האָבן דאָס שוין געטאָן, דערזעענדיק ווי די וועלט ווערט אויפגעפרעסן און פאַר־צערט פון דעם גע׳פגר׳טן מאַטעריאַליזם, וואָס האָט אונז געבראַכט די פלאָג פון ברוטאַלן פאַשיזם, נאַציזם און דעם ג—טלאָזן קאָמוניזם . . .

ווען מען קוקט זיך צו צום מורא׳דיקן וועלט־חורבן, וואָס דער אש הבא מן ההדיוט האָט אונז געבראַכט, מוזן מיר קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער איינ־ציקער כח, וואָס קען אונז נאָך ראַטעווען, איז דער „אש הבא מן השמים“ . . .

# תזריע

## די קדושה פון פאַמיליע־לעבן ביי אידן. — טהרת המשפחה אַלס פאָרבאַדינג צו אַ גליקלעך פאַמיליע־לעבן. — ווי די תורה האָט געלייזט דעם סעקס־פּראָבלעם פון דער הייראַט לויט דערקלערונגען פון דער אגדה

„אשה כי תזריע" הה"ד: „אחור וקדם צרתני" (תהלים קלט) אמר רבי יוחנן: אם זכה, אדם נוחל ב' עולמות — הזה והבא . . . ואם לאו, בא ליתן דין וחשבון, שנאמר: ותשת עלי כפכה" . . .

(ויקרא רבה פ' י"ד).

„וביום השמיני ימול" — שאלו התלמידים את ר' שמעון בן יוחאי: מפני מה אמרה תורה מילה לשמונה? אמר להם: כדי שלא יהיו הכל שמחים ואביו ואמו עצבים.

(נדה ל"א).

„שבעת ימים תהיה בנדתה" — תניא היה ר' מאיר אומר: מפני מה אמרה תורה נדה לשבעה? מפני שרגיל וקץ בה . . . אמרה תורה: תהא טמאה שבעת ימים, כדי שתהא חביבה על בעלה כשעת כניסתה לחופה . . .

(שם עמוד ב').

דער יסוד היסודות פון אַ געזונטער, פיזיש־קרעפטיקער און מאָראַליש־ציכטיקער געזעלשאַפט, איז די משפחה, די פאַמיליע, די היים.

דער יסוד היסודות, דער סאַמע פונדאַמענט פון דער פאַמיליע־היים איז די „דברים שבינו לבינה", דאָס אינטים צווישן־לעבן פון מאַן־און־ווייב . . .

אַ פיזיש־קראַנקע און מאָראַליש־אומריינע פאַמיליע ברענגט אַ קראַנקע, פאַרדאָרבענע און דעגענערירטע געזעלשאַפט און אַן אומריין צווישן־לעבן פון מאַן־און־ווייב, אַן ליבע, אַן האַרמאָניע און אַן שלום־בית, מיינט אַ צעפוילטע פאַמיליע, אַ חרוב'ע היים . . .

די פאַמיליע־אינסטיטוציע איז די עלטסטע, די מאַמע פון דער מענשלעכער געזעלשאַפט. שוין אין די אַלט־גראָהע פרימיטיווע צייטן, ווען דער מענש האָט גענומען מאַכן די ערשטע שריט אויף דעם לייטער פון אַנטוויקלונג, מיט דעם כח

פון זיין ג—ט־געגעבענעם שכל, האָט ער שוין געהאַט זיין פאַמיליע־היים אין די בערג־היילן, אָדער אונטער די געפלאָכטענע צווייגן פון די אור־וועלדער.

א פאַמיליע־לעבן פירן אויך מאַנכע חיות און עופות. אַנדערע מינים פון די שטומע באַשעפענישן האָבן אפילו אַן איינגעאָרדנטן גרופּנלעבן, און אַנדערע, ווידער, ווי די בינען און מוראַזשקעס, זיינען אָרגאַניזירט מיט אַ פּינקטלעכער סיסטעמאַטי־שער אָרדענונג פון אַ געזעלשאַפטלעך לעבן.

זיי, די בעלי־חיים, ווערן אָבער געפירט פון אַ בלינדן, זיי אומבאַוואוסטן אינסטינקט, וואָס איז, אפשר, אַזוי אַלט, ווי זייער מין. עס פעלט זיי דאָס וואָס מיר רופן שכל, און באַוואוסטזיין. דעריבער קענען זיי זיך ניט ווייטער אַנטוויקלען און מאַרשירן צו העכערער השתלמות.

געטריבן פון די צוויי כחות, וואָס ג—ט האָט אַריינגעגעבן אין דער נאַטור — די צוויי אינסטינקטן פון זעלבסט־דערהאַלטונג און רעגענעראַציע (פאַרטפּלאַנצונג) — זעצן זיי פאָר זייער עקזיסטענץ, ווי זיי האָבן אָנגעהויבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ניט אַרויסגייענדיק פון די ראַמען פון זייערע בלינדע נאַטור־אינסטינקטן.

ניט אַזוי, אָבער, איז דער מענש, דער בחיר היצירה, וועמען ג—ט האָט באַשאָנקען מיט אַ „חלק אלקי ממעל", מיט אַ נשמה, וואָס גיט אים די קראַפט איינ־צושפּאַנען די נאַטור־כחות אין דעם קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ, און איינצוהאַמעווען זיינע בלינדע נאַטור־אינסטינקטן און זיי אויסלייטערן פאַר העכערע צילן אין לעבן.

און אַזוי האָט דער מענש אָנגעהויבן זיין קאַמף מיט דער רויהער נאַטור און זיין שווערן זיגזאַגיקן מאַרש צו דער זון, צוזאַמען מיט זיין פרוי, וועלכע האָט דערגאַנצט זיין לעבן . . .

צוזאַמען מיט איר האָט ער געגרינדעט די ערשטע מענשלעכע אינסטיטוציע, די היים, אין וועלכער ער האָט גענומען אַנטוויקלען זיינע ערשטע פּרימיטיווע פאַמיליע־מנהגים, געוואוינהייטן און טראַדיציעס.

פון די איינצלנע פאַמיליעס האָבן זיך גענומען אַרויסשיילן פּאַטריאַרכאַלע משפּחות, מיט זייערע טראַדיציעס און מנהגים, פון וועלכע עס האָבן זיך אויסגע־טיילט גאַנצע שבטים, גרופּעס, פעלקער און ראַסן, מיט זייערע מנהגים, טראַדיציעס, גלויבנס, רעליגיעס און לעבנס־שטייגער.

אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם גרויסן מהלך, וואָס די פעלקער האָבן געמאַכט אין זייער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, זיינען זיי דאָך געבליבן ביי זייערע גראָבע חיה־דיקע נאַטור־אינסטינקטן. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן צו גרויסע הויכן פון מעכאַ־נישער ציוויליזאַציע, פון טעכנישער קולטור, אָבער, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, זיינען זיי געבליבן די זעלביקע ווילדע ברואים, ווי זיי האָבן אָנגעהויבן. רויב, מאָרד, געוואַלט, אוממאָראַלישקייט און פּאַגאַנישע פינסטערניש האָבן פאַרפּלייצט די מענש־לעכע געזעלשאַפט.

אַזוי האָט אויסגעזען די וועלט אַמאָל (און ניט בעסער, אויב ניט ערגער, זעט זי עס היינט אויס . . .) ביז עס איז געקומען די געניאַלע פּערזענלעכקייט פון אברהם העברי, וועלכער האָט דורכגעבראָכן אַ פענסטער צו ג—ט און באַלויכטן די וועלט מיט זיין ריינער עטישער ג—ט־דערקענטעניש, אידענטיפיצירנדיק ג—ט מיט גערעכטיקייט („השופט כל הארץ לא יעשה משפט?!").

דערמיט האָט אברהם אבינו אָנגעצונדן אַ גרויס ליכט אין די מענשלעכע הערצער און זיי געגעבן אַ מעכטיקן וואָפן איינצוהאַמעווען און גובר צו זיין זייערע ווילדע אינסטינקטן . . .

און זיינע קינדער האָבן אָנגעהויבן צו שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדים פון דער נייער, וועלט־ און מענש־דערלייזנדיקער ג—ט־קולטור, וואָס איז באַזירט אויף די צוויי יסודות פון ג—ט און גערעכטיקייט (בין אדם למקום און בין אדם לחברו), וועלכע שטראָמען מיט גבורה און הוד פון איין קוואַל — פון דעם „אחד" . . .

און ווען די אידן זיינען געבראַכט געוואָרן צום באַרג סיני, זיינען זיי שוין פּסיכאָלאָגיש און אידייאיש געווען רייף פאַר קבלת התורה, און דאָס איז דער זין פון דער אגדה, וואָס ווערט געבראַכט אין פּסיקתא רבתי כ"א, אַז ג—ט האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין תורה צו אַלע פעלקער און זיי האָבן זי ניט געוואָלט אָננעמען, ווייל עס שטייט דאָרט „לא תרצח", „לא תנאף", „לא תגנוב" . . . אָבער ווי נאָר הקדוש ברוך הוא איז געקומען צו די אידן מיט זיין תורה, האָבן זיי גלייך אויסגע־שריגן מיט פרייד: „נעשה ונשמע".

און אַזוי זיינען די אידן געהייליקט געוואָרן דורך דער תורה, און דורך זיי, די גאַנצע נאַטור און דאָס מענשלעך לעבן . . .

די תורה האָט זיך, אָבער, אין איר ג—טלעכער חכמה, גערעכנט מיט די אייזערנע נאַטור־געזעצן און מיט די בלינדע מענשלעכע אינסטינקטן פון זעלבסט־דערהאַלטן און פאַרטפלאַנצונג, אויף וועלכע זי האָט אַרויפגעלייגט דעם חותם פון איר קדושה . . .

דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג האָט זי געהייליקט מיט די מצוות פון שמירות־הגוף און שמירות־הבריאות, און דעם אינסטינקט פון רעגענע־ראַציע, וואָס באַצוועקט צו דערהאַלטן די קאָנטינואיטעט פון דעם מין האנושי, האָט זי פאַרפיינערט און געהייליקט מיט דער קדושה און טהרה פון דער אידישער פאַמיליע.

די הייראַט מיינט ניט צו נעמען אַ פרוי, כדי צו באַפרידיקן די תאוה פון דעם לייב, און דאָס ווייב איז ניט קיין ענין ש י י כ ו ת, אַ שטיקל אייגנטום, ווי אַן אָקס, אַן אייזל, אָדער אַ שטיקל פעלד, ווי דאָס איז געווען דער שטייגער ביי אַנדערע פעלקער, נאָר די הייראַט איז אַן ענין א י ש ו ת . . . אַן ענין פון קידושין . . . אַ הייליקע אינסטיטוציע . . . נעמען אַ פרוי מיינט איר מ ק ד ש זיין, הייליקן זי . . . און דורך איר ווערט די היים געהייליקט, ווייל „ביתו זו אשתו"...

און אויסשפרייטנדיק איר קדושה אויף דעם גאַנצן לעבן, האָט זיך די תורה באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דער אידישער פאַמיליע, וואָס דאַרף זיין דורכגעזאַפּט פון טהרת המשפחה, ווייל אָן טהרה איז ניטאָ קיין קדושה . . .

אפילו די אינטימסטע באַציאונגען צווישן מאַן־און־ווייב, וועו זיי דערפילן די העכסטע גליקזעליקייט פון זייער צוזאַמענזיין, דאַרפן זיין באַהויכט מיט קדושה, און איידער דער מאַן טרעט־צו צו זיין פרוי, דאַרף ער זיך היילִיקן, ווייל עס שטייט „והתקדשתם והייתם קדושים" און באַלד דערנאָך: „אשה כי תזריע וילדה זכר" (שבועות י"ח).

**
*

„ . . . און איר זאָלט זיך הייליקן און איר זאָלט הייליק זיין, ווארום איך בין הייליק" . . .

און הייליק און ריין זאָלט איר זיין אין אייער היים, אין אייער פאַמיליע, אין אייער בעט . . . געהייליקטע זאָלט איר זיין צו אייערע פרויען . . . אין קדושה און טהרה זאָלט איר קומען צו אייערע פרויען . . . אין קדושה און טהרה זאָלט איר אייערע קינדער אויף דער וועלט ברענגען, דאַן וועט איר האָבן שטאַרקע און געזונטע דורות . . .

אָט דאָס איז, אייגנטלעך, דער גרונט־געדאַנק פון דער ציטירטער גמרא, וואָס פאַרבינדט דעם „והתקדשתם והייתם קדושים" מיט „אשה כי תזריע וילדה זכר", דרינגענדיק דערפון, אַז „כל המקדש את עצמו בשעת תשמיש הוים לו בנים זכרים" . . .

אונזערע חכמים האָבן, מיט זייער ליכטיקער אינטואיציע, דערפילט די כונה פון דער תורה, וואָס האָט אָועקגעשטעלט די דינים פון „אשה כי תזריע" גלייך נאָך דעם פאַרבאָט ניט צו פאַראומווירדיקן אונזערע קערפערס און ניט עסן די שמוציקע שרצים ורמשים, און צו אונטערשיידן „צווישן אומריין און ריין", ווייל „כי אני ד' אלקיכם והתקדשתם והייתם קדושים" . . .

אין דער סמיכת הפרשה פון „והתקדשתם" און „אשה כי תזריע" געפינען מיר, אַלזאָ, דעם גאָלדענעם שליסל צו דעם אידישן ריינעם, געזונטן און צניעות'דיקן פאַמיליע־לעבן, צו דער באַרימטער און באַזונגענער אידישער „טהרת המשפחה", וואָס איז דער סאַמע יסוד פון אונזער בנין האומה פאַר אַלע דורות און פאַר אַלע אייביקייטן.

און מיר זעען, ווי אונזער אייביקע און ליכטיקע תורה האָט, אין איר גרויס חכמה, געזאָרגט פאַר אונזערע גופים, פאַר די סאַניטאַרישע באַדינגונגען פון אונזער וועלטלעך לעבן און פאַר דעם גליק פון אונזער ערדישער עקזיסטענץ, פון יחיד, פון דער פאַמיליע, ווי פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

אַט דאָס איז דער אונטערשייד צווישן דעם באַגריף פון „קדושה" ביי אַנדערע פעלקער, ביי וועלכע „קדושה" מיינט זיך אָפּשיידן, אַנטלויפן פון לעבן, זיך צוריק ציען פון די תענוגי החיים, בעת דאָס אידנטום האָט געהייליקט דאָס ערדיש לעבן און דערקלערט פאַר אַ זינדער ווער עס אַנטלויפט פון אים („כל היושב בתענית נקרא חוטא").

קדושה, לויט דעם באַגריף פון לויטערן אידנטום, מיינט זיך באַהעפטן מיטן לעבן און אים הייליקן מיט עטישקייט, מיט אהבת הבריות און מיט אונזערע באַציאונגען צו דער געזעלשאַפט, ווי מיט אונזערע באַציאונגען צו ג—ט און מיט דער אויפפּאַסונג, אַז אונזערע קערפּערס זאָלן זיין ריין, ציכטיק און געזונט . . .

ווארום דער גוף איז אויך אַ גרויסער יחסן אין די אויגן פון דער תורה. איז ער דאָך געשאַפן געוואָרן אין דעם געשטאַלט פון ג—ט. איז ער דאָך די דירה פון דער נשמה . . .

און לערנענדיק מיט דער אידישער פרוי און מיט דעם אידישן מאַן די דינים פון סאַניטעט, געזונטקייט, און ריינקייט פון אינטימען פאַמיליע־לעבן, האָט די תורה אויך געהאַט אין זינען דעם „סעקס פּראָבלעם", וואָס איז איינער פון די הויפּט יסודות פון דעם גליקלעכן צוזאַמענלעבן פון מאַן־און־ווייב . . .

קודם כל, טאָר אַ מאַן ניט האָבן קיין אינטימע באַציאונגען מיט זיין פרוי, אויב ער פילט ניט צו איר קיין טיפע ליבע . . . אַניט — איז דאָס „זרמת סוסים זרמתם" . . .

אין דעם זין האָט דער גרויסער הייליקער תנא רבי שמעון בן יוחאי דער־קלערט צו זיינע תלמידים דעם טעם ווארום איז, אַז ווען אַ פרוי געבערט אַ זון, איז זי טמא זיבן טעג, בעת ווען זי האָט אַ מיידל, איז זי אומריין פערצן טעג? דאָס איז דערפאַר, האָט ער זיי געזאָגט, ווייל ווען די פרוי געפינט זיך אין די יסורים פון אירע געבורט־ווייעניש, שווערט זי זיך, אַז זי וועט זיך שוין מער קיינמאָל ניט אונטערגעבן צום מאַן, און ווען זי געבערט אַ זכר, מיט וועלכן אַלע פרייען זיך, האָט זי חרטה אויף איר שבועה צו זיבן טעג; ווען אָבער זי האָט אַ מיידל, האַלט־אָן איר ברוגז אויפ'ן מאַן ביז פערצן טעג, און כל זמן זי האָט אַ ברוגז אויף איר מאַן, איז זי אויך טמא צו אים . . . (נידה ל"א:)

דאָס זעלביקע איז אויך, ווי מיר ווען עס באַלד זען, מיט דעם מאַן, וועל־כער טאָר זיך ניט באַהעפטן מיט זיין פרוי, אויב ער פילט ניט צו איר קיין ליבע...

מיר זעען, אַלזאָ, ווי אַזוי אונזערע חכמים האָבן פאַרבונדן „אומריינקייט" מיט סעקסועלע שטימונגען, אויסטייטשנדיק דערמיט געוויסע דינים פון טהרת־המשפחה.

מיט דעם זעלביקן מאָטיוו פון געשלעכטלעכע שטימונגען צווישן מאַן און ווייב האָט ר׳ שמעון בן יוחאי דערקלערט זיינע תלמידים, וועלכע האָבן אים געפרעגט: „מפני מה אמרה תורה מילה לשמונה?״ — פאַרוואָס האָט די תורה געהייסן מל זיין אויפ׳ן אַכטן טאָג? — האָט ער זיי געענטפערט: „כדי שלא יהיו כלם שמחים ואביו ואמו עצבים״ — כדי זיינע עלטערן זאָלן ניט זיין אומעטיק, בעת אַלע פרייען זיך מיט דעם ברית־מילה, ווארום ביז דעם אַכטן טאָג איז די פרוי טמא און זי דאַרף זיין אָפּגעשיידט פון דעם מאַן, זיינען זיי ביידע אומעטיק . . . האָט די תורה געזאָגט, אַז די שמחה פון דעם ברית זאָל זיין פאַרפול מיט דער פרייד פון זיינע עלטערן . . .

דאָס איז, נאַטירלעך, מער ניט ווי אַן אגדה, אָבער, מיר קענען דערפון זען, ווי שטאַרק דער גייסט פון אונזער תורה האָט זיך געזאָרגט פאַר דעם סעקסועלן גליק פון מאַן־און־ווייב, וואָס איז אייגנטלעך דער הויפּט־סוד פון שלום־בית . . .

אינטערעסאַנט איז די דערקלערונג פון דער גמרא, ווארום אַ פרוי דאַרף וואַרטן זיבן טעג נאָכדעם ווי זי האָט דורכגעמאַכט איר מענסטרוענץ־פּעריאָד:

„תניא, היה רבי מאיר אומר: מפני מה אמרה תורה נידה לשבעה? מפני שרגיל וקץ בה. אמרה תורה: תהא טמאה שבעת ימים כדי שתהא חביבה על בעלה כשעת כניסתה לחופה״ . . . (נדה ל״א) — מיר האָבן געלערנט אין אַ ברייתא, אַז ר׳ מאיר פלעגט זאָגן: פאַרוואָס האָט די תורה געזאָגט, אַז אַ פרוי מוז אָפּציילן זיבן ריינע טעג נאָך איר מענסטרוענץ ביז זי איז כשר פאַר דעם מאַן? ווייל ווען דער מאַן איז צו זאַט מיט זיין פרוי, ווערט ער צוגעוואוינט צו איר און זי דערעסט אים . . . האָט די תורה געזאָגט: זאָל זי זיין אומריין צו איר מאַן נאָך אַ וואָך, כדי זי זאָל ווערן באַליבט צום מאַן, ווי אין דעם מאָמענט פון איר אַריינגיין אונטער דער חופה . . .

וואָס פאַר אַ טיפער אַריינדרינג אין דער סעקס־פּסיכאָלאָגיע פון דעם מאַן עס אַנטהאַלט אָט דער טיף־מענשלעכער מאמר פון דעם תנא ר׳ מאיר, וועלכער האָט אַליין געהאַט אַזאַ גליקלעך, האַרמאָניש פאַמיליע־לעבן מיט זיין קלוגער, געלערנטער פרוי ברוריה!

עס וואָלט געווען ווינשנסווערט, אַז אונזערע מאָדערנע פרויען און מענער, וועלכע זיינען זיך מקיל אין דעם ענין פון טהרת המשפחה, זאָלן זיך אַביסל פאַרטיפן אין זייער אייגענעם פאַמיליע־פּראָבלעם, און דאַן וועלן זיי דערזען, אַז דער קוואַל פון אַלע פאַמיליע־טראַגעדיעס און צעבראָכענע היימען קומט דערפון, וואָס „מפני שרגיל וקץ בה״ . . .

דאָס אינטים לעבן פון אַ מאָדערנעם פאַרפּאָלק איז געוואָרן אַן אַלטעגלעכע יואַכזדיקע געוואוינהייט. עס פעלט דער ראָמאַנטישער מאָמענט, דער זיס־ציטערי־

קער דראַנג און טיפע קעגנזייטיקע ליבע און פאַרעהרונג, וואָס מאַן און ווייב האָבן געפילט אין דעם טאָג פון זייער חופּה . . .

אין דעם אַמאָליקן אידישן לעבן, ווען די דינים פון טהרת המשפחה זיינען שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן, האָבן מאַן־און־ווייב געפּייערט אַ „האַנימון" יעדן חודש . . . די פרוי איז געווען באַליבט און פריש ביי דעם מאַן, ווי אין דעם טאָג פון זייער חופּה . . . זי האָט צניעות׳דיק נאָך אים געבענקט און ער האָט געבענקט און גע־גלוסט צו איר מיט דעם גאַנצן פייער פון יונגע, ראָמאַנטישע נאַטורן . . .

דעריבער האָט זיך געהאַלטן דער שלום־בית, דעריבער זיינען אַ סך פאַר־איבלס און ברוגז׳ן צווישן מאַן־און־ווייב פאַרגעבן און פאַרגעסן געוואָרן, ווי צווישן פאַרליבטע חתן־כלה . . .

היינט, אָבער, זיינען זיי צו אָפט און צו נאָענט איינער מיט דעם אַנדערן. עס פעלט די ראָמאַנטישע שענקייט, די אינטימע יום־טוב׳דיקייט, די טיפע בענק־שאַפט פון איינעם צום אַנדערן . . . זיי דערעסן זיך און לאַנגווייליקן זיך איינער דעם אַנדערן, „מפּני שרגיל וקץ בה" . . .

דעריבער פירט אַזאַ לעבן צו איבערדריסיקייט, צו אומצופרידנקייט מיט דער חתונה, צו חרטה אויפ׳ן שידוך, צו נערוועזע קריגערייען, וועלכע ענדיקן זיך מיט גט־סקאַנדאַלן און פאַמיליע־טראַגעדיעס! . . .

אָט דאָס איז דער זין פון דעם מדרש רבה, וועלכער פאַרבינדט דעם פּסוק פון „אשה כי תזריע" מיט דעם פּסוק פון תהלים קל״ט „אחור וקדם צרתני ותשת עלי כפכה" — דו האָסט מיר אַרומגעלייגט פון הינטן און פון פאָרנט און אַרויפ־געטאָן אויף מיר דיין האַנט — דאָס איז דער גורל פון דעם פאַמיליע־לעבן. דער מענש פאַרבינדט זיך מיט אַ פרוי צו בויען אַ היים, אַ דור, אַ צוקונפט, צוזאַמען מיט זיין ווייב, וואָס ווערט זיין האַלבער גוף . . . ער ווערט אַרומגעלייגט פון אַלע זייטן און איבער אים ליגט די האַנט פון דעם עול הפּרנסה.

אָבער, זאָגט רבי יוחנן, „זכה אדם נוחל שני עולמות" — אויב דער מענש איז זוכה, ווערט זיי היים אַ קוואַל פאַר זיין גליק איןביידע וועלטן. זיין אייגן לעבן ווערט פאַרזיסט און זיין צוקונפטיקער דור איז גליקלעך. „ואם לאו — טאָמער ניט — בא ליתן דין וחשבון", וועט ער מוזן אָפּגעבן דין וחשבון און דער קוואַל, וואָס האָט געזאָלט אים ברענגען גליק, וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קוואַל פון אומגליק...

די מאָדערנע סאָציאָלאָגן און געשלעכט־פּסיכאָלאָגן דערקלערן אויך די סיבה פון אַזוי פיל גט׳ן „מפּני שרגיל וקץ בה", ווייל מאַן און ווייב זיינען צו אָפט און צו נאָענט צוזאַמען. זיי קומען דעריבער מיט פאַרשידענע עצות, ווי אַזוי צו מאַכן די מאָדערנע הייראַט דויערהאַפטער און גליקלעכער. זיי רעקאָמענדירן „תנאי־

התוגות", „קאָמפּעניאָנייט מערידזשעס" און אַנדערע פאָרמען פון ניט־אָפּטן און ניט־נאָענטן צוזאַמענלעבן.

די אמת'ע אידישע הייראַט דאַרף ניט אָנקומען צו די מאָדערנע מיטלען און קלוגע עצות פון די מאָדערניסטישע סאָציאָלאָגן און סעקס־עקספּערטן. אונזער תורה האָט די אידישע הייראַט באַפעסטיקט פון אינעווייניק און אויסנווייניק, מיט די דערקלערונגען און אויסטייטשונגען פון אונזערע חכמים, וועלכע האָבן אויסגעשמידט דאָס אידיש לעבן פאַר אַלע אייביקייטן.

עס וועלן ביי אידן קיינע גט'ן און פאַמיליע־סקאַנדאַלן ניט פאָרקומען, ווען די אידישע היים וועט זיין אָנגעפילט מיט קדושה, ווען די אידישע פאַמיליע וועט זיין באַזירט אויף די יסודות פון טהרת המשפחה, וועלכע אונזער תורה האָט פאַרגעשריבן פאַר דעם גליק פון דער אידישער היים, פאַר דער ריינקייט און געזונטקייט פון די צוקונפטיקע דורות און פאַר דער פרייד און גליקזעליקייט פון דעם שיינעם, ריינעם און צניעות'דיקן פאַמיליע־לעבן . . .

# מצורע

## טהרת הנשמה קען ניט זיין אָן טהרת הגוף, דעריבער האָט די תורה אונז געלערנט די דינים פון טהרה און טומאה

„תניא, אמר רבי אלעזר בן ערך: וידיו לא שטף במים" — מכאן סמכו חכמים לנטילת ידים מן התורה.
(חולין ק"ו).

די אידישע תורה, ווי זי איז פאַרטיפט, אויסגעטייטשט און דערקלערט געוואָרן פון אונזערע נביאים און די חכמים פון תלמוד און מדרש — יענע גייסטיקע ריזן, וואָס האָבן אויסגעשמידט דעם אוניווערסאַלן אינהאַלט און נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע פון דעם אידנטום פאַר אַלע דורות — איז ניט בלויז אַ רעליגיע אין דעם איינגן זין פון וואָרט.

אונזער תורה איז אַ ת ו ר ת ח י י ם , אַ געזונט לעבן־ און גליק־ברענגענדיקע תורה צו דעם פרט, ווי צו דעם כלל, צו דעם יחיד, ווי צו דער משפחה, צו דעם פאָלק ווי צו דער גאַנצער מענשהייט . . .

די תורה אונזערע זאָגט איר ג—טלעך און דערלייזנדיק וואָרט אויף אַלע געביטן און אינטימסטע ווינקעלעך פון דעם מענשלעכן לעבן, און מיט איר גרויס ליכט פירט זי די „בני אדם יושבי חושך וצלמות" אַרויס אויף די ברייטע, זוניקע שליאַכן און וועגן, וואָס פירן צו גליקזעליקייט, דערהויבונג און אינערלעכער פריי־הייט, ווארום „דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום"! . . .

אַלס אַזעלכע איז די תורה אַ גאַנצע ציוויליזאַציע, וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן לעבן אין אַלע זיינע פאַזן און דערשיינונגען פון מענש, פאָלק און נאַטור — די ציוויליזאַציע פון אידישן פאָלק, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט און איז געוואָרן דער מהות פון דעם היסטאָרישן אידנטום, אָנהויבנדיק מיט דער ריינער עטישער ג—ט־דערקענטעניש פון אברהם אבינו, ביז צו דעם מאָמענט פון קבלת התורהביים באַרג סיני און דורכגייענדיק די עפּאָכן פון די נביאים, סופרים, אנשי כנסת הגדולה, תנאים, אמוראים, גאונים, חכמים, מקובלים און קדושים, וועלכע האָבן אַריינגע־וועבט זייערע גייסטיקע פּערל אין דעם היסטאָרישן געוועב פון דער אידישער תורה־קולטור . . .

אַלס אַ תורת חיים, לערנט אונז די תורה ניט נאָר וועגן אונזערע באַציאונגען פון מענש צו ג—ט און פון מענש צו מענש, נאָר אויך וועגן אונזערע באַציאונגען

צום פאָטערלאַנד, וועגן דינים פון מלחמה־פירונג, וועגן משפחה־לעבן, וועגן דרך־ארץ, וועגן דער וויכטיקייט פון קערפּערלעכער געזונטקייט און וועגן די פליכטן פון דעם מענטשן צו זיין אייגענעם גוף . . .

און אַזוי זעען מיר, אַז אַ גרויסער טייל פון די מצוות התורה איז געווידמעט צו בין אדם לגופו . . .

ווארום אונזער תורה קוועלט אַרויס פון דעם מקור החכמה און זי איז דער־ריבער ראַציאָנאַל און, הייליקנדיק דאָס לעבן, האָט זיך די תורה געזאָרגט, אַז דער מענטש זאָל עס טייער האַלטן און עס אָפּהיטן אין ריינקייט און שענקייט, לויט די סאַניטאַרע געזעצן, פאַר דעם גליק פון דעם יחיד און פאַר דעם גליק פון דער גאַנצער געזעלשאַפט . . .

ווארום, אַזוי ווי אַ גייסטיק־קראַנקער מענטש איז אַן אומגליק פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט, אַזוי איז אויך אַ פיזיש־קראַנקער מענטש אַן אומגליק פאַר זיך און אַ געפאַר פאַר דעם קבוץ וואו ער לעבט, ווארום זיין קראַנקהייט קען זיין אַ קלעפּעדיקע, וואָס איז עלול צו פאַרפּעסטען זיינע מיטמענטשן . . .

דעריבער האָט די תורה אָפּגעגעבן אַזוי פיל פלאַץ צו די דינים פון טומאה און טהרה און צו די סאַניטאַרע לערן און רעגולאַציעס בנוגע פאַרשידענע פאַרמען פון נגעים און געוויסע הויט־קראַנקהייטן, וועלכע מאַכן דעם מענטשן „אומריין" און ער מוז דעריבער איזאָלירט ווערן און געשטעלט ווערן אונטער אַ קאַראַנטין, כדי די „קראַנקע טומאה" זאָל זיך ניט פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק, ווי מיר לייענען עס אין דער סדרה „מצורע".

און שוין מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק, ווען עס איז פון דער מעדי־צינישער וויסנשאַפט כמעט קיין אָנהויב נאָך ניט געווען, ווען מענטשן זיינען פאַר־פּעסטעט געוואָרן פון אַלערליי טומאה׳ס און זוהמאַ׳ס, פון אומריינקייט און שמוץ, האָט שוין אונזער תורה, אין איר גרויס חכמה, אונז געלערנט אַז געזונטהייט און ריינקייט זיינען פאַרבונדן צווישן זיך, אַז געזונט־זיין מיינט ר י י ן ־ ז י י ן . . .

דאָס פאָלק פון תורה־טרעגער און אחדות־הבורא־פאַרשפּרייטער, מוז לייטערן ניט נאָר זיין נשמה, נאָר אויך זיין גוף אין קדושה וטהרה, און דעריבער איז אַ גרויסער טייל פון דער תורה געווידמעט צו די דיעטע־געזעצן, צו וויסן, וואָס צו עסן און וואָס ניט צו עסן, און צו וויסן „להבדיל בין הטמא והטהור" . . .

און מיט איבער טויזנט יאָר פריער, איידער די געבילדעטע רוימער האָבן אַרויסגעזאָגט זייער אַקסיאָמע: „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרעס סאַנא" — אַ געזונטע נשמה איז אין אַ געזונטן קערפּער — האָט שוין אונזער הייליקע תורה אונז אָנגע־זאָגט, אַז מיר זאָלן היטן אונזערע קערפּערס, ווייל אַ ריינער, געזונטער גוף אַנטהאַלט אַ ריינע, געזונטע נשמה . . .

ווייל די נשמה איז דער וואָרצל און דער גוף איז איר צווייג, ווי די גמרא

זאָגט (סנהדרין ק״י): „שורש וענף — שורש זו נשמה וענף זה הגוף״ — און אויב דער צווייג איז פאַרדאַרט און קראַנק, איז אַ סימן, אַז דער וואָרצל איז ניט מיט אַלעמען...

און פונקט אַזוי ווי די נשמה, וואָס איז אַ חלק אלקי ממעל, דאַרף געהאַלטן ווערן אין גייסטיקער ריינקייט, אַזוי דאַרף איר ערדישע דירה, דער מענשלעכער גוף, געהאַלטן ווערן אין ציכטיקייט און זויבערקייט, אין טהרה און קדושה . . .

עס ווערט דערציילט אויף הלל הזקן, דער גרויסער תנא און נשיא, אַז גייענדיק איינמאָל צוזאַמען מיט זיינע תלמידים, האָט ער פּלוצים געמומען אַפּשייד פון זיי. האָבן זיי אים געפרעגט: רבי, וואוהין גייסטו? האָט ער זיי געענטפערט: צו טאָן אַ מצוה. האָבן אים די תלמידים געפרעגט: וואָס פאַר אַ מצוה איז דאָס? האָט ער זיי געזאָגט: איך גיי נעמען אַ באָד אין בית המרחץ. האָבן זיי אים ווידער געפרעגט: וואָס פאַר אַ מצוה איז דאָס?

די תלמידים האָבן, אפשר, געדענקט, ווי מאַנכע היינטיקע פרומע אידן, וואָס מיינען, אַז וואַשן זיך דאַרף מען בלויז צום עסן אָדער „אָפּגיסן נעגל־וואַסער״ אינדערפרי, ווען מען שטייט אויף, אָבער באָדן דעם קערפּער איז בלויז אַ הנאת הגוף אָבער ניט קיין מצוה . . . אָבער דער גרויסער הלל האָט די תלמידים דערקלערט, אַז באָדן זיך איז שוין גאָר אַ געהויבענע מצוה, ווארום: „מה דאָך די קעניגלעכע סטאַטועס, וועלכע מען שטעלט אַריין אין די טעאַטערס און צירקוסען, ווערן געוואַשן און געריייניקט פון די אָנגעשטעלטע, וואָס קריגן גוט באַצאָלט פאַר דער אַרבעט, און די וואָס צייכענען זיך אויס ווערן דערהויבן צווישן די גדולי מלכות — אַ פשיטא שוין איך, וואָס איך בין באַשאַפן געוואָרן אין דעם צלם ודמות פון ג—ט ברוך הוא, דאַרף איך דאָך אודאי און אודאי וואַשן מיין קערפּער״ (ויקרא רבה ל״ד).

און ניט נאָר דער גרויסער הלל הנשיא, נאָר דער גרעסטער טייל פון אונזערע חכמי התלמוד האָבן באַטאָנט די וויכטיקייט פון וואַשן און באָדן דעם קערפּער און עס באַטראַכט פאַר אַ גרויסער מצוה. דער תלמוד איז פול מיט מאמרים וועגן דער וויכטיקייט צו נעמען אַ באָד אָדער, וויניקסטנס, צו וואַשן די הענט מיט די פיס יעדן טאָג. עס איז אפילו פאַרבאָטן צו וואוינען אין אַ שטאָט, וואו עס איז ניטאָ קיין מרחץ, אַזוי ווי מען טאָר ניט וואוינען אין אַ שטאָט וואו עס איז ניטאָ קיין דאָקטאָר.

„אסור לדור בעיר שאין בה מרחץ״ (ירושלמי קידושין פ״ד).

„רוחץ אדם פניו, ידיו ורגליו בכל יום בשביל קונו״ — אַ מענש דאַרף וואַשן זיין פּנים, זיינע הענט און זיינע פיס יעדן טאָג צוליב זיין באַשעפער (שבת, נ׳).

אינטערעסאַנט איז, וואָס די גמרא דרינגט, אַז נטילת ידים איז מן התורה פון אַ פסוק אין דער סדרה „מצורע״, וואו עס האַנדלט זיך וועגן אַן „אומריינעם״ וואָס האָט אַ קראַנקן אויספלוס, אַז דער יעניקער וואָס האָט זיך צוגערירט מיט די הענט צום זב „וידיו לא שטף במים״ — און זיינע הענט האָט ער ניט געבאָדן אין וואַסער — דאַרף ער וואַשן זיינע קליידער און זיך באָדן אין וואַסער און בלייבן אומריין ביז׳ן אָוונט.

דרינגט דערפון ר' אלעזר בן ערך: „וידיו לא שטף במים" — „מכאן סמכו חכמים לנטילת ידים מן התורה" — דערפון האָבן די חכמים זיך סומך געווען, אַז נטילת ידים איז מן התורה (חולין ק"ו) — דאָס מיינט, אַז דער טעם ווארום אַ מענש דאַרף זיך וואַשן די הענט, איז דערזעלביקער סאַניטאַרער טעם, ווי ווען איינער האָט אָנגערירט אַ מענשן מיט אַ קלעפּיקער קראַנקהייט . . . ווארום דורכ'ן טאָג קומען מיר אין באַריר מיט פאַרשידענע זאַכן און אַלערליי מענשן. מיר קענען גאָר ניט וויסן וועלכע קראַנקהייט-ברענגענדיקע מיקראָבן אונזערע הענט האָבן באַרירט. דע־ריבער האָט אונז די תורה אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן וואַשן אונזערע הענט, ווען מיר קומען פון גאַס און זעצן זיך עסן . . .

אונזער תורה האָט אויך געוואוסט די וויכטיקייט פון קערפּערלעכע איבונ־גען פאַר דער אַנטוויקלונג און שטאַרקונג פון גוף: „ועצמותיך יחליץ" — און דיינע ביינער וועט ג—ט אויסקנאַקן — איז די ברכה פון דעם טרייסטער־נביא ישעיה — און די גמרא זאָגט נאָך דערויף: „זו המעולה שבברכות" (יבמות ק"ב) — דאָס איז די בעסטע פון אַלע ברכות . . .

און צווישן די פילע גוטע זאַכן, וואָס מיר בעטן ביי ג—ט, ווען מיר בענטשן ראש חודש, בעטן מיר אויך אַ „חיים של חלוץ עצמות" — אַ לעבן פון קערפּערלעכע איבונגען . . . .

צום גרויסן באַדויער, האָבן מיר, צוליב דעם שווערן און ביטערן גלות, לעבנדיק אין די פאַרשטיקטע געטאָס, פאַרנאַכלעסיקט אָט דעם גרויסן און וויכטיקן לעבנס-עלעמענט פון אונזער תורה. מיר זיינען געצוואונגען געוואָרן מבטל צו זיין דעם גוף, וואָס איז אויסגעזעצט געווען צו פּיין און יסורים און געפאַרן פון טויט און פאַרניכטונג. מיר האָבן דעריבער זיך פאַרטיפט אין דער אויסלייטערונג פון דער נשמה אויף דעם חשבון פון גוף . . .

דאָך איז אונזער לעבן, אַ דאַנק אונזער ליכטיקער תורה מיט אירע דינים פון פאַרבאָטענע שפּייז און פון טומאה און טהרה — תמיד געווען ריינער, ציכטיקער און געזונטער פון אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן געליטן פון אַלערליי עפּידעמיעס און מגפות, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין שליטה אויף די עגנע, אַזוי גערופענע, „שמו־ציקע" געטאָס. ניט קענענדיק באַגרייפן די דאָזיקע וואונדערלעכע דערשיינונג, האָבן די אומוויסנדיקע קריסטלעכע מאַסן אונז באַשולדיקט, אַז מיר האָבן פאַרגיפטעט זייערע ברונימער, און גאַנצע אידישע קהלות זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן אין דער צייט, ווען עס האָט געבושעוועט די שוואַרצע פּעסט אין אייראָפּע . . .

אָבער מיר זיינען אויך דאָס איבערגעקומען, ווי מיר וועלן איבערלעבן די רדיפות און פאַרפאָלגונגען אין דער פינסטערער פאַשיסטישער אייראָפּע פון דער היינטיקער צייט, וואו עס בושעוועט די שוואַרצע פּעסט פון היטלעריזם און נאַציזם, ווארום די תורה האָט אונז פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט דער אייביקייט . . .

# אחרי מות

## דאָס גרויסע אוניווערסאַל ליכט, וואָס אונזערע חכמים האָבן אָנגעצונדן אויף איין פסוק פון דער סדרה „אחרי מות״ וועט אונז ברענגען דעם נצחון איבער היטלער׳ן און אַלע שונאים פון דער מענשהייט

„מכל חטאתיכם לפני ד׳ תטהרו״ — אמר רבי עקיבא: אשריכם ישראל! לפני מי אתם מטהרין ומי מטהר אתכם? — אביכם שבשמים . . .

„אשר יעשה אותם האדם״ — תניא, היה רבי מאיר אומר: מניין שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה שהוא ככהן גדול? — תלמוד לומר: „אשר יעשה אותם האדם״ — כהנים לויים **וישראלים לא נאמר, אלא א ד ם , הא למדת, שאפילו** עובד כוכבים ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול.

(בבא קמא ל״ח).

„וחי בהם״ — תניא, מניין לפקוח נפש שדוחה שבת? אמר רב יהודא אמר שמואל: דכתיב: „ושמרתם את חקתי ואת **משפטי אשר יעשה אותם האדם ו ח י ב ה ם ״ — ולא** שימות בהם.

(יומא פ״ה).

„וחי בהם״ — תניא, אמר רבי יוחנן משום רבי שמעון בן יהוצדק: נמנו וגמרו בעלית בית נתזה בלוד: כל עבירות **שבתורה, חוץ מעבודת כוכבים וגלוי עריות ושפיכות דמים,** אם אומרים לאדם: יעבור ואל תהרג, יעבור ואל יהרג (מאי טעמא?) „וחי בהם״ — ולא שימות בהם.

(סנהדרין ע״ד).

אין דער היינטיקער צעטומלטער און צערודערטער צייט, ווען גאַנצע גרויסע טיילן פון דער מענשהייט זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן איןווילדע חיה׳ס; ווען דאָס דזשאַנגל־געזעץ איז געוואָרן דער לעבנס־מאָטיוו פון גרויסע, אַזוי געראָפענע, ציוויליזירטע פעלקער, און די הייליקייט פון מענש און לעבן איז אַזוי פאַרשוועכט און דערנידע־ריקט געוואָרן —

אין דער איצטיקער צייט פון פינפטן צענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט, ווען די שענסטע און העכסטע אידעאַלן פון טאָלעראַנץ, פרייהייט און דעמאָ־קראַטיע, וואָס די וועלט האָט אויסגעקעמפט אין בלוט פון אירע בעסטע קינדער, ווערן אַזוי חוצפה׳דיק פאַרשפּאָט, אַזוי גראָב־יונגעריש אויסגעלאַכט און אַזוי בעס־

טיאַליש צעטראַמפּלט אונטער די אייזערנע קנאַפּל פון בלוטיקע, שוואַרצע, ברוינע און רויטע דיקטאַטאָרס און זייערע פאַרפירטע האָרדעס —

אין דער איצטיקער הפקר׳דיקער און אַזוי טראַגישער צייט, ווען די אינ־טערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק ווערט באַהערשט פון דעם פּרינציפּ, אַז מאַכט איז רעכט און „כל דאלים גבר״; ווען אַזוי פיל לענדער ליגן חרוב און צעטראָטן און זייערע פעלקער גייען אָפּ מיט בלוט; ווען די בראַווע ענגלאַנד קעמפט איצט אַ פאַרבלו־טיקטע און זוכט, מיט דער הילף פון דער מעכטיקער אַמעריקע, צו באַפרייען די וועלט פון די מעכאַניזירטע נאַצי־ראָבאָטס מיט נשמות פון בעסטיעס, בעת גאַנצע ערד־טיילן ווערן געוואָרפן אין גסיסה־קאָנוואולסיעס, און די קליינע פעלקער, וואָס זיינען נאָך ניט פאַרצוקט געוואָרן, שטייען הילפלאָז ווי צעשראָקענע שאָף אין אַן אומ־באַשיצטע סטאַדע, וואו רויב־חיה׳ס האָבן זיך אַריינגעריסן, און ציטערן פאַר זייער אייגענעם גורל . . .

און, שליסלעך, אין דער היינטיקער פינסטערסטער צייט פון אונזער מאַר־טירער־געשיכטע, ווען דאָס אידיש פאָלק געפינט זיך ממש אין דער לאַגע פון „שה אחת בין ע׳ זאבים״ — ווי אַן איינציק שוואַך שעפסעלע צווישן זיבעציק ווילדע וועלף — ווען דער נאַצי־שדים־טאַנץ בושעוועט שוין איבער כמעט גאַנץ אייראָפּע און טראָגט זיך שוין אין דער ריכטונג פון דעם נאָענטן מזרח, וואו עס שלאָגט נאָך מיט גבורה און בטחון דער לעבנס־נערוו פון דער אידישער נאַציאָנאַלער האָפענונג — אין דער איצטיקער קריטישסטער צייט פון אונזער געשיכטע, ווען אידן ווערן באַדראָט מיט אינערלעכער פאַרצווייפלונג, אָפּהענטיקייט און גייסטיקן פּאַראַליז, און ווען מיר מוזן זיך אַליין און אונזערע קינדער מאָביליזירן און באַוואָפענען פאַר דעם שווערסטן, עקשנות׳דיקן קאַמף פאַר אונזער קיום — איצט, זאָג איך — דאַרפן מיר נאָך מער ווי תמיד, זיך איינגראָבן אין אונזערע גייסטיקע, סטראַטעגישע און אויס־געפּרובירטע טראַנשייען, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַזוי ווירקזאַם אין אונזער גלות־געשיכטע . . .

מיר מוזן אַליין באַגרייפן און לערנען אונזערע קינדער צו באַגרייפן דעם גרויסן וועלט־ און מענטש־דערלייזנדיקן זין פון תורה און נבואה אידנטום, וועמעס אוניווערסאַל ליכט שטראַמט אַזוי גבורה׳דיק און גיסט זיך אַריבער זיינע נאַציאָנאַלע ברעגעס . . .

מיר דאַרפן זיך פאַרטיפן אין אונזערע אַלטע, ליכטיקע און אומבאַזיגבאַרע פעסטונגען, וואו מיר זאָלן שעפן מאָראַלישע גבורה, גלויבן און בטחון אין דעם ענדלעכן נצחון פון ליכט איבער פינסטערניש, פון מענטש איבער דער חיה . . .

„כי הנה החשך יכסה ארץ וערפל לאומים, ועליך יזרח ד׳ וכבודו עליך יראה״ (ישעיה ס׳) — וואָרום זע, די פינסטערניש באַדעקט די ערד און דיקע כמאַ־רעס — די פעלקער, און אויף דיר שיינט ג—ט און זיין פּראַכט זעט זיך אויף דיר...

אַ שווידערלעכע פינסטערניש באַדעקט די וועלט און בייזע כמאַרעס האָבן איינגעוויקלט די פעלקער. דער מין מענש ליגט צעטראָטן, פאַרבלוטיקט און באַליי־דיקט . . . מענשן האָבן געשענדעט און באַשפּיגן דעם צלם אלקים . . . נאָך צוויי טויזנט יאָר פון „קריסטלעכער ליבע”, נאָך אַלע פרייהייטס־קאַמפן, רעוואָלוציעס און קאָנוואולסיעס אין נאָמען פון „גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט”, נאָך דער וועלט־מלחמה פאַר דעמאָקראַטיע, און נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד מיט אירע אָזוינע גאָלדענע פאַרשפּרעכונגען — זיינען גאַנצע פעלקער פאַרשקלאַפט געוואָרן, מיליאָנען מענשן ווערן צעשאָסן, געפּייניקט אין קאָנצענטראַציע לאַגערן און אויסגעריסן פון די לופט־מחבלים אין די שטעט, ווי אויף די שלאַכט־פעלדער; פּערזענלעכע פרייהייט, די הייליקייט פון אַ מענשלעך לעבן אין פאַרניכטעט געוואָרן; דאָס מענשלעכע געוויסן ליגט געבונדן אין קייטן און דער צלם אלקים איז אָפּגעמעקט געוואָרן —

אָבער, „ועליך יזרח ד׳ וכבודו עליך יראה” — די הייליקייט פון דעם לעבן, די חשיבות פון דער מענשלעכער פּערזאָן, די יראת הרוממות פאַר דעם מין מענש, די קדושת החיים אין איר גאַנצער זוניקער גבורה שבתפארת שטראַלט אַרויס פון דער אידישער תורה־קולטור, ווי אַ דערפרישנדיקער אָאַזיס אין אַ וויסטן מדבר . . .

אַט דעם אָאַזיס קען דער נאַצי־באַרבאַר ניט פאַרניכטן. ער איז שטאַרקער ווי זיינע שטוקאָס, און טאַנקען, און מעכאַניזירטע גולמים . . .

אַט פון דעם אָאַזיס מוזן מיר שעפּן אונזער גבורה פאַר דעם גרויסן קאַמף, וואָס עס שטייט אונז נאָך פאַר.

„רבי עקיבא היה אומר: חביב אדם שנברא בצלם, חבה יתרה נודעת לו שנברא בצלם, שנאמר: ,כי בצלם אלקים עשה את האדם׳” (אבות ג׳) — ר׳ עקיבא פלעגט זאָגן: געליבט איז דער מענש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם בילד (פון ג—ט); אַ באַזונדערע ליבשאַפט איז אים אַרויסגעוויזן געוואָרן דערמיט, וואָס מען האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם בילד, ווארום די תורה זאָגט: „אַז אין ג—ט׳ס בילד האָט ער באַשאַפן דעם מענשן”.

דער גרויסער מאַרטירער־תנא באַטאָנט דאָ די קדושה און די גרויסע חשיבות פון דער מענשלעכער פּערזאָן, וועלכע דאַרף געליבט און רעספּעקטירט ווערן, ניט קוקנדיק פון וואָס פאַר אַ ראַסע, גלויבן אָדער קאָליר זי זאָל ניט זיין, ווארום דער פאָטער פון אַלע מענשן איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם צלם אלקים, און די תורה וויל, אַז דער מענש זאָל עס וויסן . . .

ווארום „ח ב י ב   א ד ם”! . . .

און ר׳ נחמיה (אין אבות ד״ר נתן, ל״א) גייט נאָך ווייטער, ווען ער זאָגט, אַז איין מענש וועגט אַריבער דעם גאַנצן וועלט־באַשאַף — „אדם אחד שקול כנגד כל

מעשה בראשית״ — ווייל ביים באַשאַף פון דעם מענשן האָט ג—ט אָנגעוועגדט די זעלביקע שעפערישע קאַטעגאָריעס פון ב ר י א ה און ע ש י ה, ווי ביים באַשאַף פון הימל און ערד . . .

אָט מיט אַזאַ טיפער יראת הרוממות קוקט דאָס תורה־אידנטום אויף דער איינצלנער מענשלעכער פּערזאָן.

אויף איין פסוק אין דער סדרה „אחרי מות״ האָבן אונזערע חכמים, זכרונם לברכה, אָנגעהאָנגען פינקלדיקע שנירלעך פּערל, וואָס שיינען און לייכטן, ווי ליכטיקע זונען, אין אונזער הלכה און אגדה.

די סדרה הויבט זיך אָן מיט די אינסטרוקציעס צום כהן גדול, ווי אַזוי ער זאָל דורכפירן די יום כפור׳דיקע עבודה אין בית המקדש, און זי גייט דאַן אַריבער צום פאַרבאָט, וואָס ווערט באַטאָנט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט, אַז קיין בלוט טאָר ניט געגעסן ווערן, ווייל „נפש כל בשר דמו בנפשו הוא״ — דאָס בלוט פון אַלע באַשעפענישן איז די נשמה פון זייער לעבן, און דעריבער איז אפילו דאָס בלוט פון בעלי חיים הייליק, ווייל אַלץ וואָס לעבט איז הייליק . . . און בלוט איז לעבן . . . און לעבן איז נשמה . . . און נשמה איז קדושה . . . און דעריבער איז פאַרגאָסן בלוט, אפילו פון אַ בהמה, דער סימבאָל פון רציחה, צו וועלכער אַ איד טאָר זיך ניט צורירן . . .

דעריבער מוז דאָס בלוט פון אַ בהמה אָדער אַן עוף, וואָס די תורה האָט מתיר געמאַכט צו שעכטן, פאַרדעקט ווערן, און ווען דער שוחט האָט עס ניט געטאָן, און אַן אַנדערער האָט געזען דאָס בלוט, מוז ער עס פאַרדעקן, ווייל פאַרגאָסן בלוט איז די שאַנדע פון דעם מענשן . . . און יעדער איד איז מחויב עס צו פאַרדעקן, ווי די גמרא דרינגט עס פון דעם פסוק אין דער היינטיקער סדרה „ואומר לבני ישראל״ — הרי זו אזהרה לכל ישראל (חולין פ״ז).

און נאָכדעם ווי מיר ווערן געהייליקט מיט אַזאַ טיף־עטישן געבאָט, וואָס קוואַלט אַרויס פון דעם מקור החיים והחסד, זאָגט די תורה:

„און ג—ט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן: דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם: אני ד׳ אלקיכם — רעד צו די אידן און זאָג זיי: איך בין ד׳ אייער ג—ט . . . איר זאָלט ניט נאָכטאָן די מעשים פון מצרים, וואו איר זענט געזעסן און ניט טאָן די טאַטן פון לאַנד כנען, וואוהין איך ברענג אייך, און אין זייערע געזעצן זאָלט איר ניט גיין — מ י י נ ע משפטים זאָלט איר טאָן און מ י י נ ע חוקים זאָלט איר אָפּהיטן צו גיין אין זיי — איך בין אייער ג—ט.

„ושמרתם את חקתי ואת משפטי אשר יעשה אותם האדם וחי בהם, אני ד׳״ — און איר זאָלט אָפּהיטן מיינע געזעצן און מיינע דינים, וועלכע דער מענש דאַרף טאָן און לעבן דורך זיי — איך בין ד׳ אייער ג—ט.

אַז פון דעם לעצטן פסוק דרינגט די גמרא (יומא פ״ה), אַז פקוח נפש איז דוחה שבת, ווייל עס שטייט „וחי בהם״ — ער זאָל לעבן דורך זיי — „ולא שימות בהם״ — און זאָל ניט שטאַרבן דורך זיי.

פון דעם „וחי בהם״ לערנט די גמרא (אין סנהדרין עד) דעם דין, אַז אונטער דער דראָהונג פון טויט מעג אַ איד (און ניט נאָר ער מעג, נאָר ער מוז) עובר זיין אויף אַלע מצוות פון דער תורה, אַ חוץ עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכות דמים — די דריי קאַרדינאַלע פאַרבאָטן, פאַר וועלכע עס איז „יהרג ולא יעבור״ . . .

און דער תנא רבי מאיר האָט אויף דעם פסוק אָנגעצוונדן אַ גרויסע אוני־ווערסאַלע זון, וואָס באַלייכט דעם אידנטום מסוף העולם ועד סופו . . .

„תניא, היה רבי מאיר אומר: מניין שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה שהוא ככהן גדול? — תלמוד לומר: ,אשר יעשה אותם האדם' — כהנים, לויים וישראלים לא נאמר, אלא אדם, הא למדת שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול״ (בבא קמא ל״ח). — מיר האָבן געלערנט אין אַ בריתא, אַז ר' מאיר פלעגט זאָגן: פון וואַנעט ווייס איך, אַז אפילו אַ געצנדינער וואָס לערנט תורה איז אַזוי ווי אַ כהן גדול? — ווייל עס שטייט אין דער תורה: „אשר יעשה אותם האדם״ — דער מ ע נ ש, הייסט עס, און עס ווערט ניט געזאָגט כהנים, לויים, אָדער ישראלים, דערפון האָסטו געלערנט, אַז אפילו אַ געצנדינער, וואָס איז זיך עוסק אין דער תורה, איז אויף דערזעלביקער מדרגה ווי אַ כהן גדול . . .

וואָס פאַר אַ ליכטיקער אָדלער־בליק אויף מענש און לעבן! וואָס פאַר אַ געוואַלטיקער אוניווערסאַלער געדאַנקענשוואונג, וואָס ווישט אָפּ די גרעניצן פון פעלקער און ראַסן! . . .

א ד ם — מ ע נ ש — אפילו אַ געצנדינער, אפילו פון אַן אַנדער פאָלק און פרעמדער ראַסע — קען זיך דערדינען צו דער העכסטער מדרגה פון קדושה פון אַ כהן גדול! . . . אַלע מענשן זיינען גלייך, אַן אויסנאַמען, אין די אויגן פון ג—ט, אפילו אַ שטערנדינער קען געהייליקט ווערן דורך די אידעאַלן פון דער תורה . . . יעדער מענש קען זיך אַרויפאַרבעטן, מיט דעם כח פון דער תורה, צו דער שטופע פון דעם הייליקסטן מאַן — דעם כהן גדול! . . .

און וואָס פאַר אַ גייסטיק־ריזיגן כח ער האָט דערבליקט אין דער תורה, וועלכע האָט די קראַפט מטהר און מקדש צו זיין דעם גאַנצן מין האנושי, אַפילו די נידעריקסטע שבנידעריקסטע — די געצנדינער . . .

און וואָס פאַר אַ טיפע חשיבות און אהבה צו דעם מין מענש פון אַלע פעלקער און ראַסן עס שטראַלט אַרויס פון רבי מאיר'ס אויסטייטשונג און אַריינטייטשונג פון אַ פסוק פון דער תורה! . . .

אין איין פסוק, אין איין וואָרט — א ד ם — האָט די תורה אַריינגעלייגט אַ גאַנצן אוצר פון וועלט־משיחיזם . . .

אין איין וואָרט האָבן אונזערע גרויסע חכמים אַריינגעאָטעמט דעם געטלעכן אָטעם פון גאולה און אויסלייזונג פאַר דער גאַנצער מענשהייט, אָן אונטערשייד פון גלויבן, ראַסע און קאָליר . . . יעדער איינער פון דעם מענשלעכן מין קען געפינען זיין תקון אין די משפטים און חוקים פון דער תורה . . . יעדער איינער האָט די פּאָטענצן פון אַ כהן גדול . . .

איז אַ וואונדער, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך גאַנצע דורות פון נביאים, וואָס האָבן געפּריידיקט שלום, אחדות, ליבע און גערעכטיקייט פאַר דער גאַנצער מענשהייט . . .

איז אַ וואונדער, וואָס דורך די געלייטערטע בלוטן און נערוון פון אידישן פאָלק ציט זיך אַזאַ גאָלדענע קייט פון נביאים, סופרים, תנאים, אמוראים, משיחים, גאונים, חכמים, מקובלים, קדושים, פרייהייטס־קעמפער און וועלט־דערלייזער ביז אויף היינטיקן טאָג! . . .

האָט דאָך אַנדערש ניט געקענט זיין, ווען דאָס גאַנצע היסטאָרישע אידנטום שטראָמט אַרויס פון דער עטישער ג—ט־דערקענטעניש פון אברהם העברי, ווען די תורה־קולטור שטראָלט אַרויס פון דעם קאָסמישן „אחד", אין וועמעס קוואַלן פון אהבה, רחמים און חסד דאָס אידישע פאָלק איז זיך טובל און מטהר . . .

דאָס איז דאָך דער זין פון דער עקסטאַטישער באַוואונדערונג, וואָס רבי עקיבא האָט אויסגעדריקט אויף דעם פּסוק פון דער סדרה „אחרי מות": „מכל חטאתיכם לפני ד׳ תטהרו" — אַז וואויל איז צו אייך, אידן! פאַר וועמען זייט איר זיך מטהר און ווער איז אייך מטהר? — אייער פאָטער אין הימל! (יומא פ״ה).

און דאָס איז דאָך אויך דער סוד פון אונזער אייביקייט, פון אונזער אומ־באַזיגבאַרער גבורה, וואָס וועט אונז ברענגען דעם ענדלעכן נצחון איבער אונזערע שונאים. מיט אונזער נצחון איז פאַרבונדן די באַפרייאונג פון דער גאַנצער מענש־הייט, און דאָס וועט מוזן קומען טראָץ די צייטווייליקע נצחונות פון די היטלערס און די אַלע שונאים פון דעם מענשלעכן געשלעכט, ווארום די זון פון׳ם אידנטום וועט דאָך דורכדרינגען די וואָלקנס און צעטרייבן די פינסטערניש פון דער ערד, און ערשט דאַן וועט דער א ד ם, דער מענש, קריגן זיין תקון, און עס וועט מקוים ווערן די ווערטער פון דעם טרייסטער־נביא:

„והלכו גוים לאורך ומלכים לנוגה זרחך" . . .

# קדושים

## קדושה ביי אידן פירט צו עטישער באַציאונג פון מענש צו מענש און הייליקונג פון לעבן. דעריבער זיינען אונזערע קדושים „צרורים בצרור החיים"...

„דבר אל בני ישראל: קדושים תהיו — זהו שאמר הכתוב:
„ויגבה ד' צבאות במשפט והאל הקדוש נקדש בצדקה".
(מדרש תנחומא).

„קדושים תהיו כי קדוש אני ד' אליכם" יכול כמוני?
ת"ל: „כי קדוש אני" — קדושתי למעלה מקדושתכם.
(ויקרא רבה כ"ד).

יעדעס פאָלק האָט זיך זיינע אייגנטימלעכע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס לאָזן זיך בשום אופן ניט איבערזעצן אין קיין אַנדערער שפּראַך.

דאָס זיינען אַזעלכע ווערטער, וואָס רעפּרעזענטירן אַן אינטימען פאָלקס־באַגריף, אַן אייגנאַרטיקע לעבנס־פאָרמע, אַ ספּעציעלע היסטאָרישע טראַדיציע, אַ סאָציאַלע, רעליגיעזע, קולטורעלע און פּאָליטישע אינסטיטוציע, וואָס דאָס באַטרעפנדיק פאָלק האָט, אין לויף פון דורות, אויסגעפורעמט, לויט זיין נאַציאָנאַל־פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער און זיין אייגנאַרטיקן קוק אויף וועלט און לעבן.

די דאָזיקע ווערטער זיינען אייגן און אינטים צו דער פאָלקס־שפּראַך, וואָס האָט זיי געשאַפן, און ווען מען איבערזעצט זיי אויף אַ פרעמדן לשון, ווערט דער אינהאַלט פאַרבלאַסט אָדער אינגאַנצן פאַרלאָרן.

די אידישע שפּראַך (העברעאיש און אידיש) איז רייך מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס זיינען אייגן און אינטים בלויז צום אידישן פאָלק, און קיין אַנדער לשון האָט ניט פאַר זיי דעם ריכטיקן עקוויוואַלענט, וואָס זאָל איבערגעבן זייער פולן אינהאַלט.

אַזוי, למשל, קען מען ניט איבערזעצן אין קיין שום אַנדערער שפּראַך דאָס וואָרט ת ו ר ה, וואָס דער איד באַגרייפט און דערפילט אין אים... ת ו ר ה איז ניט געזעץ, ניט „לאָוס", ניט לערע, ניט „טיטשינג" און ניט מצוות אָדער „געבאָטן". דער באַגריף תורה, ווי דער איד פאַרשטייט אים, איז מער ווי דאָס. ער איז פאַרבונדן מיט קדושה, מיט הר סיני, מיט ג—ט, מיט משה רבנו, מיט נבואה און חכמה, מיט תלמוד און מדרשים, מיט עטיקס און רעליגיעזן פאָלקלאָר, מיט ישיבות און בתי־מדרשים און מיט דעם גאַנצן היסטאָרישן אידישן לעבן...

ווען דער איד דערהערט דאָס וואָרט ת ו ר ה, דערפילט ער אין זיין

געמיט אַלע אידייען־אַסאָסיאַציעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם טערמין. אָבער דער ניט־איד קען דאָס ניט דערהערן, און דעריבער בלייבט ביי אים דער באַגריף פרעמד.

דאָס זעלביקע איז מיט דעם אידישן וואָרט צ ד ק ה , וואָס מיינט ניט קיין „טשאַריטי" אין דעם קריסטלעכן באַגריף און אויך ניט „דזשאַסטיס", וואָס איז, אייגנטלעך, דער נאָענטסטער עקוויוואַלענט פאַר צ ד ק ה . אָבער די אידישע פאָלקס־נשמה האָט אין דעם אַריינגעלייגט אַ פיל טיפערן און פיינערן אינהאַלט.

מיר קענען ניט איבערזעצן אַזאַ איינפאַך וואָרט ווי י ו ם ־ ט ו ב ד י ־ ק י י ט , שבת׳דיקייט אין קיין שום אַנדער שפּראַך. יום־טוב איז מער ווי „פייער־טאג" אָדער „האָלידעי" ביי אידן. ש ב ת איז מער ווי רו־טאָג, „סאַבאַט" אָדער „רעסטינג דעי", ווי די ניט־אידן פייערן עס . . .

מיר קענען בשום אופן ניט איבערטראָגן דעם אויסדרוק פון ש ב ת ק ו ד ש אין קיין ניט־אידישער שפּראַך. „האָלי סאַבאַט" דריקט ניט אויס קדושת השבת, וואָס דער פּשוט׳סטער איד דערפילט מיט זיין נשמה יתירה, פאַר וועלכער עס עפענען זיך די קוואַלן פון „רזא דשבת", וואָס שטראָמען מיט אַזוי פיל קדושה . . .

איז טאַקע דער שבת, די שענסטע מתנה, וואָס ג—ט האָט געגעבן די אידן, אייגן און אינטים בלויז צום אידישן פאָלק — „ביני ובין בני ישראל אות היא לעולם" . . .

„א״ר יוחנן משום ר׳ שמעון בן יוחאי: כל מצוות שנתן להם הקב״ה לישראל — נתן להם בפרהסיא, חוץ משבת שנתן להם בצנעא, שנאמר: ביני ובין בני ישראל אות היא לעולם" (ביצה ט״ז) — רבי יוחנן האָט געזאָגט פון וועגן רבי שמעון בן יוחאי: אַלע מצוות, וואָס דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט געגעבן צו די אידן — האָט ער זיי געגעבן בפרהסיה, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אויסער דעם שבת, וואָס ער האָט זיי געגעבן אין אינטימער פאַרבאָרגעניש, וואו קיינער קען עס ניט זען, ווייל עס ווערט געזאָגט: „צווישן מיר און די קינדער פון ישראל איז זי אַ צייכן פאַר אַלע אייביקייטן" —

און ביז אויף היינטיקן טאָג האָט נאָך קיין ניט־אידישער מענש דערזען דאָס זוניק ליכט פון דעם אידישן שבת אין זיין גאַנצן פּראַכט פון מיסטישער און עטישער קדושה . . .

אייניקע ניט־אידישע קינסטלער, און גראַדע פרויען, האָבן פאַרזוכט אַריינ־צוקוקן אין דעם אידישן שבת, ווי די פּוילישע עליזא אָרזשעסקא און די ענגלישע דזשאָרדזש עליאָט, אָבער מער ווי די שטראַלן האָבן זיי ניט דערבליקט . . . און בלויז אידן קענען אַריינבליקן אין דער ליכטיקער שבת־זון . . .

נעמט דעם באַגריף פון ק ד ו ש ה , וואָס שטראָמט מיט אַזוי פיל גענאָד פון דער סדרה „קדושים", און ווי ער איז אויסגעטייטשט געוואָרן פון אונזערע גייס־

טיקע ריזן, די תנאים און חכמים פון תלמוד און מדרש, וועלכע האָבן אויסגעפּו־רעמט דאָס אידנטום פון אַלע דורות — נעמט אָט דאָס וואָרט ק ד ו ש ה און זעצט עס איבער אויף אַן אַנדער שפּראַך און איר באַקומט אַ גאַנץ אַנדערן באַגריף, וואָס איז פרעמד צו דעם אמת׳ן דינאַמישן תורה־ונבואה־אידנטום.

אין דער סדרה „קדושים״, וועלכע, ווי דער תורה כהנים ווייזט אָן, אַנטהאַלט אין זיך די עשרת הדברות און די „רוב גופי התורה״ — די הויפּט־יסודות פון דעם אידנטום — וואַרפט אונזער תורה אַ גרויס ליכט אויף דעם באַגריף פון קדושה ביי אידן, קדושת הגוף און קדושת הנפש; קדושה אין אונזער באַציאונג צו ג—ט און צום לעבן, אין אונטערשייד פון די אַנדערע פעלקער, ביי וועמען קדושה מיינט צו אַנטלויפן פון לעבן . . .

אידישע קדושה פלאַמט מיט עטישקייט. זי קוועלט אַרויס פון דעם עטישן ג—ט־באַגריף, וואָס דערהויבט און הייליקט דאָס לעבן, וואָס פירט צו באַהעפטונג צו מענש און נאַטור, בעת ביי די אַנדערע פעלקער איז קדושה אַ טונקעלער, מיזאַנ־טראָפּישער באַגריף, וואָס זוכט דערלייזונג פאַר דעם יחיד, זיך אָפּשיידנדיק פון כלל און אַנטלויפנדיק פון דער מענשלעכער געזעלשאַפט . . .



און ג—ט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן: „דבר אל בני כל עדת בני ישראל ואמרת אליהם: קדושים תהיו כי קדוש אני ד׳ אלקיכם״ — רעד צו דער גאַנצער עדה אידן און זאָג זיי: הייליק זאָלט איר מיר זיין, ווארום הייליק בין איך, אייער ג—ט.

„קדושים תהיו״ — זה שאמר הכתוב: „ויגבה ד׳ צבאות במשפט והאל הקדוש נקדש בצדקה״ (מדרש תנחומא).

דער מדרש גיט דאָ אַ טיפע אויסטייטשונג פון אידישער קדושה, וואָס איז באַזירט אויף גערעכטיקייט און צדקה, ווי ישעיה הנביא האָט עס געפּריידיקט. ג—ט ווערט דערהויבן דורך מענשלעכער גערעכטיקייט און געהייליקט דורך צדקה . . .

הייליקייט איז אַ טונקעלער, אַבסטראַקטער באַגריף, וואָס קען פאַרפירן דעם מענשן אין די הויכע ווייטע ספערן און אים אָפּטיילן פון ערדישן לעבן, וואָס איז אַליין די הייליקסטע זאַך אויף דער וועלט, ווייל אַלץ וואָס לעבט, קוועלט אַרויס פון דעם מקור החיים והקדושה, אַ פּשיטא שוין דער מענש, וואָס איז באַשאַפן בצלם אלקים, איז אודאי די העכסטע מדרגה פון הייליקייט —

דעריבער פאָלגט נאָך „קדושים תהיו״ אַזוי פיל דינים פון „בין אדם לחברו״ פאַר דעם יחיד ווי פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס באַרוהען אויף דעם פּסוק פון „ואהבת לרעך כמוך״, וועלכן הלל הזקן האָט, ווי באַקאַנט, באַטראַכט אַלס דעם יסוד פון דער גאַנצער תורה.

קדושה ביי אידן מיינט זיך צו באַהעפטן מיט מענשן, הייליקן דאָס לעבן, קדושת החיים . . . קדושה ביי די אומות העולם מיינט אַנטלויפן פון מענשן, דער־נידעריקן דאָס לעבן און אַנטלויפן פון אים ווי פון אַ טומאה . . . זיי פאַרשליסן זיך, דעריבער, אין זייערע קלויסטערס, בויען מאָנאַסטירן, וואו זיי זיינען זיך עוסק מיט „פרומע" תפלות און זיינען אָפּגעזונדערט פון דער מענשלעכער געזעלשאַפט און אירע מאַטערנדיקע פּראָבלעמעס . . .

עס זיינען דאָ מענשן — און צום באַדוירען אויך ביי אונז אידן — וואָס גלויבן, אַז זיי קענען זיך הייליקן און באַהעפטן מיט ג—ט, ווען זיי זיינען מקיים די מצוות פון בין אדם למקום, ווי דאַווענען, פאַסטן, כשרות און — יוצא . . .

זאָגט דער מדרש רבה: קדושים תהיו — יכול כמוני, תלמוד לומר: כי קדוש אני ד' אלקיכם — קדושתי למעלה מקדושתכם — טאָמער דענקט איר, אַז איר קענט זיך הייליקן ווי איך — זאָגט דער רבונו של עולם — זיך אָפּשיידן פון דער וועלט און לעבן אויף די הימלען? — זאָלט איר וויסן זיין, אַז מיין קדושה איז העכער פון אייערער . . . איר לעבט צווישן מענשן, איר האָט פאַרפליכטונגען צו דער מענשלעכער געזעלשאַפט . . . איר מוזט זיך הייליקן דורך טובל'ען זיך אין דעם קוואַל פון אהבת הבריות, וואָס שטראָמט אַרויס פון דעם קוואַל פון אהבת השם . . .

קדושים תהיו — הייליקע זאָלט איר מיר זיין! אין אייערע הערצער און נשמות, אין שטוב און אויף דער גאַס, אין דער קראָם און אייערע אָפּיסעס, אין אייער האַנדל און וואַנדל, אין אייער באַהאַנדלונג פון אַרבעטער און אָרימע לייט — אין אַלע אייערע באַרירונגען צווישן מענש און מענש — מוזט איר הייליק זיין, ווארום איך בין ג—ט! . . .

האָט ליב דעם צווייטן ווי זיך זעלבסט, נאַרט אים ניט און באַשווינדלט אים ניט! . . .

און אפילו דעם גר, דעם פרעמדן, וואָס געפינט זיך צווישן אייך, זאָלט איר ליבן ווי זיך זעלבסט . . . ווי אייערן אַן אייגענעם זאָלט איר אים באַטראַכטן, ווארום פרעמדע זייט איר געווען אין מצרים — איך בין אייער ג—ט! . . .

פירט ערלעך אייערע געשעפטן . . . ערלעכע וואָג און גערעכטע מאָס זאָלט איר האָבן . . . זאָגט קיין ליגן נישט, טרייבט ניט קיין רכילות. טראָגט ניט אין אייער האַרץ קיין האַס אויף קיינעם ניט, ווארום איך בין ג—ט! . .

באַזאָרגט אייערע אָרימע לייט, זיי זאָלן האָבן פון וואָס צו לעבן. לאָזט איבער פאַר זיי אַ טייל פון אייערע פעלדער און וויינגערטנער. האָט יראת הכבוד פאַר אייערע עלטערן און רעספּעקטירט אַלטע לייט. היט אָפּ טהרת המשפחה און

טרייבט ניט קיין זנות, זייט ניט קיין געצנדינער און גלויבט ניט אין מכשפים, זנאַכערס און אַלערליי צויבערער, וועלכע געפינען זיך צווישן די פרעמדע פעלקער.

אַזוי זאָלט איר זיך הייליקן, און ווען איר קומט אין אייער לאַנד, זאָלט איר ניט זיין קיין עקספּלואַטאַטאָרן וואָס לעבן פון פרעמדער פּראַצע . . .

„כי תבאו אל הארץ ונטעתם" — אמר להם הקב"ה לישראל: אף על פי שתמצאו אותה מלאה כל טוב, לא תאמרו: נשב ולא נטע, אלא כשם שנטעו אחרים לכם, כך היו נוטעים לבניכם (מדרש תנחומא) — גב"ה האָט געזאָגט צו די אידן: ווען איר וועט קומען אין אייער לאַנד, און הגם איר וועט דאָרט געפינען כל טוב, זאָלט איר ניט זאָגן: לאָמיר זיצן און עסן פון פרעמדער האַרעוואַניע, נאָר איר זאָלט פלאַנצן, אַקערן און זייען פאַר אייער קינדער, ווארום ג—ט האָט ליב אַרבעט.

אָט דאָס איז דער אייגנאַרטיקער אידישער באַגריף פון קדושה, וואָס אונ־טערשיידט זיך פון אַנדערע פעלקער, ביי וועמען „הייליקייט" איז פאַרבונדן מיט געצנדינערישער פ אַ ר נ י י נ ו נ ג פון לעבן . . .

ביי זיי מיינט קדושה אָפּזונדערונג פון לעבן, אַנטלויפן פון מענשן. ביי אונז, אָבער, איז קדושה די באַהעפטונג מיט'ן לעבן און דערנעענטערונג צו אונזערע מיטמענשן . . .

דעריבער האָבן זיי אַזוי פיל רעליגיעזע נזירים, פּאַגאַנישע פּרושים און „היי־ליקע" מאַנאַשקעס, וואָס „פאַרהייראַטן" זיך צו זייער „ג—ט'ס זון", ווייל זיי באַטראַכטן דאָס לעבן פאַר אַ שטיק טומאה, פון וועלכן זיי מוזן אַנטלויפן, אויב זיי ווילן הייליק זיין . . .

ביי אונז אָבער, איז דאָ קדושת החיים, און אויב די מענשלעכע רשעים האָבן דאָס לעבן מטמא געווען דורך זייערע ווילדע חיה'שע אינסטינקטן, דאַרפן מיר עס ריין און הייליק מאַכן דורך די דערהויבענע און ליכטיקע אידעאַלן פון אונזער תורה, און אין דעם פּראָצעס פון אויסלייטערונג, ווערן מיר אַליין געהייליקט און באַהעפט מיט אונזער באַשעפער אין הימל . . .

עס איז אינטערעסאַנט, אַז ווען די תורה לערנט אונז זיך צו הייליקן דורך אונזערע באַציאונגען בין אדם לחברו, דערמאָנט זי אויך דעם קרבנות־קולט: „וכי תזבחו זבח שלמים לד' לרצונכם תזבחהו" — ווען איר וועט שעכטן אַ פרידנס־אָפּפער צו ג—ט, זאָלט איר שעכטן מיט אייער אייגענעם ווילן. זאָגט די גמרא (מנחות ק"י): „אמר הקב"ה לישראל: לא לרצוני אתם זובחים אלא לרצונכם" — גב"ה האָט געזאָגט צו די אידן: ניט פון מיין ווילנס־וועגן ברענגט איר קרבנות, נאָר צוליב אייער איי־גענעם ווילן . . . די גמרא האָט דאָ דערפילט דעם דיסאָנאַנץ פון דעם קרבנות־קולט, וואָס שטערט די גרויסע עטישע האַרמאָניע פון „קדושים תהיו" דורך די דערהויבענע

געזעצן פון בין אדם לחברו, וועלכע זיינען די „רוב גופי התורה״ — שטייען טאָקע די קרבנות אויף איין מדרגה מיט די מצוות פון ואהבת לרעך כמוך, ואהבת את הגר; לא תגנבו, לא תכחשו ולא תשקרו, לא תונו, אָדער לא תעשה עול במשפט, און די איבעריקע דינים וואָס די תורה לערנט אונז ווי זיך צו הייליקן? —

נאָר די חז״ל, אונזערע אויסטייטשערס פון דער תורה, האָבן דאָ געגעבן אַ וואונק צו די אידן, אַז זיי זאָלן קיין טעות ניט מאַכן און מיינען אַז מיט קרבנות אַליין קען מען זיך הייליקן . . . אויב איר ברענגט אַ קרבן, איז דאָס ניט צוליב ג—ט . . . ער, כביכול, דאַרף ניט און וויל ניט קיין קרבנות . . . נאָר איר, מענשן, ווילט זיי האָבן, דעריבער האָט אייך ג—ט, אין זיין גרויס חסד, געגעבן דעם קרבנות־קולט. איר זאָלט, אָבער, ניט מיינען, אַז דאָס איז דער עיקר (דעם רמב״ם׳ס דערקלערונג וועגן קרבנות שטימט גאַנץ קלאָר מיט דעם מאמר הגמרא).

און ווען יעדער מענש וואָלט געטראָגן דעם כתר קדושה, ניט נאָר ווען ער קומט אין שול, נאָר אויך ביי זיך אין שטוב, אין זיין געשעפט און אין גאַס, וואָלט אונזער היינטיקס לעבן שענער, בעסער און גליקלעכער געווען . . .

# אמור

## דער פייערדיקער קוואַל פון קדוש השם וואָס שטראָמט דורכ'ן היסטאָרישן אידנטום. — דער נאַציאָנאַלער און פערזענלעכער מאָמענט פון קדוש השם. — ווארום דער איצטיקער קאַמף קעגן דער היט־לער־בעסטיע מוז געוואונען ווערן

„אמור אל הכהנים" — זש"ה (תהלים י"ב): „אמרות ד' אמרות טהורות"... על כל מה שהקב"ה מזהיר את ישראל בשביל קדושתן וטהרתן...

(תנחומא).

„ולא תחללו את שם קדשי ונקדשתי בתוך בני ישראל" — כל בית ישראל מצווין על קדוש השם הגדול הזה ומוזהרין שלא לחללו...

(רמב"ם יסודי התורה פ' ה').

„... ואין לך דבר שעומד בפני פקוח־נפש אלא שלשה דברים: עבודה זרה וגלוי עריות ושפיכות דמים — במה דברים אמורים? שלא בשעת השמד, אבל בשעת השמד אפילו קלה שבקלות נותן אדם נפשו עליה, שנאמר: „ולא תחללו את שם קדשי ונקדשתי בתוך בני ישראל".

(תוספתא שבת פ' ט"ו).

„המוציא אתכם מארץ מצרים להיות לכם לאלקים" — על תנאי הוצאתי אתכם מארץ מצרים, שתמסרו עצמכם לקדש את שמי...

(תורת כהנים).

תניא, רבי שמעון בן אלעזר אומר: כל מצוה שמסרו ישראל עצמם עליה למיתה בשעת גזרת המלכות, כגון עבודה זרה ומילה, עדין היא מוחזקת בידם...

**(שבת ק"ל).**

אין דער סדרה „אמור" געפינען מיר דעם באַדייטפולן פסוק, פון וועלכן אונזערע חכמים האָבן אַרויסגעלייענט דעם גרויסן סוד פון קדוש־השם — יענער קוואַל פון בלוט און פייער, אין וועלכן אונזערע עלטערן האָבן זיך גע'טובל'ט מיט איבערמענש־לעכער גבורה, אין אַלע דורות און אַלע צייטן פון אונזער העלדן־ און מאַרטירער־געשיכטע...

און אידער מיר טרעטן־צו צו אונזער פאָלגנדיקער דיסקוסיע, וויל איך אייך, ליבע לייענער, בעטן: וואַרפט אַראָפּ פון זיך אייער גראָבע אַלטעגלעכקייט,

אייער שרייענדיקן, וואָכעדיקן טומל, ציט אַרויף אויף זיך אייערע שבת׳דיקע בגדים, און היילִיקט אייך, ווארום מיר שטייען איצט פאַר דעם היילִיקסטן פייערדיקן מזבח, אויף וועלכן אונזערע בעסטע און גערעכטסטע פאָלקס־קינדער זיינען געברענט און געפייניקט געוואָרן פאַר דעם דערלייזנדיקן אמת, וואָס זיי האָבן געבראַכט צו דער וועלט, זינט נמרוד, דער ערשטער דיקטאַטאָר, האָט איינגעהייצט דעם ערשטן קאַלכ־אויוון צו פאַרברענען דעם ערשטן אידן, אברהם אבינו, ביז אויף די היינטיקע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן און פייניקונגס־קאַמערן פון די מאָדערנע דיקטאַטאָרס . . .

און איר אַלע, באַדריקטע און פאַרצווייפלטע הערצער צווישן אידן, וואָס ווערן צעפרעסן פון יאוש און אַראָפּגעפאַלנקייט, קומט, באַטראַכט די וואונדערלעכע קרוין פון קדוש־השם, וואָס שטראַלט אַראָפּ מיט אַזוי פיל קדושה, גבורה, תפארת און הוד אויף דעם יונגן קאָפּ פון דעם ישראל סבא, זינט ער איז אַרויס אויף דער היסטאָרישער אַרענע, צו באַצווינגען און באַפרייען די וועלט מיט זיין ג—ט־קולטור און תורה־ציוויליזאַציע . . .

און ווען איר, אָרימע, שוואַכע און אָפּהענטיקע אידן, וועט דערזען די מלכות־דיקע קרוין פון קדוש־השם, וואָס שיינט אַראָפּ מיט דעם סוד פון נצח ישראל אויף דעם קאָפּ פון אייער פאָלק, וועט איר אויפהויבן מיט שטאָלץ אייער פנים, אויסגלייכן אייער רוקן, און אייער האַרץ וועט אָנגעפילט ווערן מיט קאַמפלוסט און מיט בטחון אויף דעם ענדלעכן זיג, ניט קוקנדיק אויף אַלע, איצט, גרויסע טריאומפן פון דעם שונא . . .

ווארום קדוש־השם איז דער אומבאַזיגבאַרער כלי־זיין, וואָס אונזער פאָלק האָט אויסגעשמידט אין זיין היסטאָרישן וועלט־קאַמף פאַר ג—ט און גאולה, און וואָס וועט דאָך ענדלעך באַזיגן און פאַרניכטן זיינע פינסטערע שונאים, ווי שטאַרק און מעכטיק זיי זאָלן איצט ניט זיין . . .

קדוש־השם אַנטהאַלט דעם סוד פון דעם „סנה" — יענער מדבר־דאָרן, דורך וועלכן ג—ט האָט זיך אַנטפּלעקט צו אונזער ערשטן גואל, משה רבנו, ווען אַ פייער האָט געברענט און געברענט „והסנה איננו אוכל" . . .

דורך קדוש־השם האָט דאָס היסטאָריש אידנטום פּראָקלאַמירט, אַז עס איז דאָ אַן אייביק לעבן, וואָס קוואַלט אַרויס פון דעם אייביקן וועלט־אמת, פון ג—ט, און אַז דאָס לעבן איז ניט אָפּהענגיק פון דער מאַטעריע, וועלכע איז בלויז אַ מאַני־פעסטאַציע פון דעם וועלט־גייסט, אָבער ניט זיין מהות, זיין נשמה, וועלכע איז אַ חלק אלקי ממעל, וואָס קען ניט פאַרצערט ווערן פון פייערן און ניט פאַרפייניקט ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן . . .

און דאָס האָט דאָך געזען איינער פון אונזערע היילִיקסטע קלאַסישע מאַר־טירער פון די עשרה הרוגי מלכות, רבי חנינא בן תרדיון, ווען די פּאַגאַנישע רוימישע טיראַנען האָבן פאַרפייניקט צום טויט דורך אַ לאַנגזאַם פאַרברענען. זיי

האָבן אים איינגעוויקלט אין אַ ספר תורה, אים אַרומגעלייגט מיט טרוקענע צווייגן, וועלכע זיי האָבן אונטערגעצונדן, און כדי זיין נשמה זאָל אַזוי שנעל ניט פאַרלאָזן זיין גוף, האָבן די פאַגאַנישע בעסטיעס איינגעוויקט בינטלעך וואָל אין וואַסער און זיי אַרויפגעלייגט אויף זיין האַרצן, און בעת דאָס פייער האָט געבראָטן זיין לייב, האָבן אים זיינע תלמידים געפרעגט: „וואָס זעסטו, רבי?" — האָט ער זיי געענטפערט:

„גוילים נשרפים ואותיות פורחות" — די שטיקער פאַרמעט ווערן פאַרברענט אָבער די אותיות פון דער תורה פליען אַוועק און בלייבן אין דעם חלל העולם . . .

דער גרויסער מאַרטירער־תנא האָט דאָ אויסגעדריקט דעם סוד פון „נצח ישראל לא ישקר", וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דעם טויט פון אַלע אידישע קדושי־השם העלדן, וועלכע די פאַגאַנישע וועלט האָט פאַרפייניקט און פאַרברענט, דענקענדיק, אַז דערמיט פאַרניכטן זיי דעם גייסט פון דעם אידנטום . . .

דער רעזולטאַט איז אָבער געווען פונקט אַ פאַרקערטער, ווארום בעת אונזערע קדושים און הרוגים האָבן געברענט אין אַלע פייערן און זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אין אַלע אינקוויזיציעס און תפיסות, איז זייער גייסט אַרויסגעפלויגן און זיך נאָך מער פאַרשפרייט אין דעם חלל העולם . . .

און צווישן די גרויסע אייביקע קולטור־ווערטן, מיט וועלכע דאָס אידנטום האָט באַגליקט די גאַנצע מענשהייט, ווי די עטישע ג—ט־דערקענטעניש, קדושת החיים און די חשיבות פון דער מענשלעכער פערזאָן, שטראַלט אַרויס ווי זיבן זונען, די מתנה פון קדוש־השם, וואָס דאָס אידיש פאָלק האָט געגעבן דער וועלט . . .

עס איז טאַקע אמת, אַז מיר געפינען ביי די אומות העולם צדיקים און חסידים, וועלכע האָבן זיך אַזוי פאַרגייסטיקט מיט זייער אמת, וואָס זיי האָבן געטראָגן, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט מקריב זיין פאַר אים, ווי גאַליליי, וואָס איז פאַרפאָלגט און געפייניקט געוואָרן פאַר זיין וויסנשאַפטלעכן אמת; ווי דזשיאָרדאַנאָ ברונא, וועלכער איז פאַרברענט געוואָרן פאַר זיינע ליכטיקע, פרייהייטלעכע אידייען פון זיינע רוימישע מיטבירגער; אָדער ווי יודזשין וו. דעבס, דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסט, וואָס איז באמת געווען אַ צדיק וחסיד פון די אומות העולם, וועלכער האָט געשמאַכטעט אין תפיסה פאַר זיין ליבע צו שלום און מענשלעכער ברידערלעכקייט.

יאָ, די אומות העולם האָבן נאָך היינט גרויסע, ליכטיקע פערזאָנען, וועלכע זיינען גרייט צו ליידן און אפילו צו שטאַרבן פאַר זייערע אידעאַלן. זיי זיינען, אָבער, מער ניט ווי איינצלנע שטערן, וואָס לייכטן אויף דעם הימל פון זייערע פעלקער . . . זיי זיינען גרייט אויף קדוש־השם אַלס יחידים, אָבער ניט אַלס פאָרטרעטער פון זייערע פעלקער . . .

ביי אידן, אָבער, איז דער פרינציפ פון . . . „ואהבת כשנוטל את נפשך"

— אַ נאַציאָנאַלע כאַראַקטעריסטיק, אַן אויסשטראַלונג פון אידישן פאָלקס־גייסט . . . אַ הייליק פייער, וואָס איז באַהעפט מיט דער אידישער נשמה, ווי דער פלאָם פון נר־תמיד איז באַהעפט מיט דעם קנויט . . .

ווייל אויך דער אידישער קדוש־השם קוואַלט אַרויס פון דער פאַרגייסטיק־טער עטישער ג—ט־דערקענטעניש, וואָס שטראָמט דורך דעם דינאַמישן אידנטום, ווי מיר געפינען עס אין דעם פסוק פון דער סדרה „אמור", וואָס אַנטהאַלט די גרויסע מצוה פון ק ד ו ש ־ ה ש ם און איר נעגאַטיוו — דעם פאַרבאָט פון ח ל ו ל ־ ה ש ם .

די תורה זאָגט אונז אָן:

„ולא תחללו את שם קדשי ונקדשתי בתוך בני ישראל, אני ד' מקדישכם"

— און איר זאָלט ניט פאַרשוועכן דעם נאָמען פון מיין הייליקייט און איך זאָל גע־הייליקט ווערן צווישן די קינדער פון ישראל — דרינגען דערפון אונזערע חז"ל, אַז דערמיט האָט אונז די תורה אָנגעזאָגט אויף דער מצוה פון קדוש־השם, ווי דער רמב"ם פאָרמולירט עס אין פרק ה' פון די „יסודי התורה":

„כל בית ישראל מצווין על קדוש השם הגדול הזה" — דאָס גאַנצע הויז פון ישראל איז מצווה אויף דער הייליקונג פון אָט דעם גרויסן נאָמען, ווייל עס שטייט „ונקדשתי בתוך בני ישראל" — „ומוזהרין שלא לחללו" — און זיי זיינען געוואָרנט אים ניט צו פאַרשוועכן, ווייל עס ווערט געזאָגט: „ולא תחללו את שם קדשי".

די תורה מאָטיווירט דעם קדוש־השם־געבאָט ביי אידן מיט דעם טעם, ווייל:

„אני ד' מקדישכם, המוציא אתכם מארץ מצרים להיות לכם לאלקים — אני ד'"

— איך בין אייער הייליקנדיקער ג—ט, וואָס האָט אייך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, כדי צו זיין אייער ג—ט, איך בין ד' . . .

דאָס גיט אונז דאָ אַ טיפן אַריינבליק אין דעם אידישן פאָלקס־געניוס, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט די פאַרגייסטיקע ג—ט־דערקענטעניש דורך צער, יסורים און קאַמף, ווי דאָס איז געיועץ ביי אברהם אבינו, וועמעס קינדער עס זיינען געוואָרפן געוואָרן אין אַ מורא'דיקן גלות, כדי זיי זאָלן דערנאָך קענען פאַרהאַרטעוועט ווערן פאַר זייער היסטאָרישן גורל און מיט לייכטקייט קענען דורכגיין די עקידה'ס, וואָס די פאַגאַנישע וועלט האָט צוגעגרייט פאַר זיי . . .

און דאָס איז געווען דער „רכוש גדול" — דער גרויסער, גייסטיקער פאַר־מעגן, מיט וועלכן און צוליב וועלכן די אידן זיינען אַרויסגעצויגן געוואָרן פון מצרים.

און דאָס איז דער זין פון דעם מאמר אין „תורת כהנים", וואָס זאָגט אויף דעם פסוק „המוציא אתכם מארץ מצרים": „על תנאי הוצאתי אתכם מארץ מצרים, שתמסרו עצמכם לקדש את שמי" — ווארום אויב די אידן וועלן ניט פראַקטיצירן קדוש־השם, איז דאָך זייער גאַנצער וועלט־קאַמף פאַרלאָרן און דער גאַנצער עפּיזאָד פון יציאת מצרים איז דאַן צוועקלאָז און זינלאָז.

דעריבער לערנט אונז דער ירושלמי (שבועות פ״ג) פון די ווערטער „בתוך בני ישראל״, אַז בלויז אידן זיינען פאַרפליכטעט צו קדוש־השם, אָבער ניט די בני נח, די גויים, הייסט עס, וועלכע האָבן ניט דורכגעמאַכט דעם ערשטן כור הברזל פון מצרים און זיינען דערנאָך ביים באַרג סיני ניט געשטאַנען . . .

קדוש־השם האָט צוויי מאָמענטן: ערשטנס, דער פערזענלעכער, וואָס דער מענש פילט, אַז ער טאָר ניט זיין פאַלש צו זיך. ער מוז גאַנץ זיין במחשבה ובמעשה. ער מוז האַלטן הייליק זיין גלויבן, ניט פאַרראַטן זיין טיפסטע איבערצייגונג, אונטער קיינע אומשטענדן, און ווען ער ווערט געצוואונגען דערצו אונטער דראָהונג פון זיין לעבן, זאָל ער בעסער זיין י ה ר ג ו א ל י ע ב ו ר . . .

דורך זיין טויט פאַר דעם אמת וועט דער אמת געהייליקט זיין. ער וועט דעמאָנסטרירן פאַר זיינע קעגנער די שטאַרקייט פון זיין גלויבן, און זיי וועלן דער־פילן אַ געוויסן יראת־הכבוד פאַר דעם אמת און צו זיינע טרעגער און קעמפער . . .

דאָס איז דער אַלגעמיין־מענשלעכער אָדער פערזענלעכער מאָמענט פון קדוש־השם, צו וועלכן גרויסע, שטאַרקע גייסטער, מיט אַ הייסער ליבע צום אמת, קענען זיך אַרויפאַרבעטן.

אויף אָט דעם מאָמענט באַרוט דער יסוד פון קדוש־השם פון די חסידי אומות העולם, די אידעאַליסטן און קעמפער פאַר אמת און פרייהייט ביי אַנדערע פעלקער.

דער צווייטער מאָמענט איז שוין אַ נאַציאָנאַלער, וואָס איז גילטיק בלויז ביי אידן, אַלס טרעגער און קעמפער פון זייער נאַציאָנאַלן אייגנטום — די עטישע ג—ט־דערקענטעניש און די תורה ונבואה אידעאַלן, פאַר וועלכע דאָס אידיש פאָלק איז גערופן געוואָרן צו פירן אַ קאַמף אויף דער וועלט.

אַלס אַזעלכער, מיינט קדוש־השם פאַר אידן, נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג און די פאַרזיכערונג פון זייער אייביקן קיום . . .

לויט אָט דער קלאַסיפיקאַציע האָבן אונזערע חכמים רעגולירט די מצוה פון קדוש־השם, אַז בנוגע דעם פערזענלעכן מאָמענט מוז אַ איד זיך מוסר־נפש זיין בלויז אויף די דריי קאַרדינאַלע עבירות — עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכות דמים — ווען אַ איד ווערט געצוואונגען, אונטער דראָהונג פון טויט, צו געצנדינסט, אָדער צו סעקסועלער בלוט־שאַנד, אָדער צו פאַרגיסן בלוט — דאַן מוז ער זיך לאָזן בעסער טויטן, איידער עובר זיין אויף איינע פון די דריי שרעקלעכע עברות, ווייל אויף זיי איז י ה ר ג ו א ל י ע ב ו ר!

אויף אַלע אַנדערע עברות, אָבער, איז י ע ב ו ר ו א ל י ה ר ג — מעג ער עובר זיין אונטער צוואַנג פון טויט־געפאַר, און ניט נאָר ער מעג, נאָר ער מ ו ז , ווייל דאָס לעבן פון אַ מענשן שטייט העכער פון אַלע אַנדערע מצוות.

ווען עס האַנדלט זיך, אָבער, וועגן דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט פון קדוש־השם, דאַן איז אַ איד פאַרפליכטעט זיך מוסר נפש צו זיין אפילו אויף דער קלענסטער עברה.

זאָגט די גמרא (תוספתא שבת פ׳ ט״ו): „במה דברים אמורים?״ — ווען איז דאָס געזאָגט, אַז אַ איד דאַרף זיך מוסר־נפש זיין אויף בלויז די דערמאָנטע דריי עברות — „שלא בשעת השמד״ — ניט אין אַ צייט פון שמד־גזרות, ווען די פּאַגאַנישע מאַכט האָט דערקלערט אַן אויסראָטונגס־קריג קעגן דעם אידנטום דורך שמד־גזרות — „אבל בשעת השמד אפילו קלה שבקלות נותן אדם נפשו עליה״ — אָבער אין דער צייט פון שמד, ווען דער קאַמף קעגן אידנטום ווערט אַקטיוו, ווען אידן דאַרפן פאַרטיידיקן זייערע נאַציאָנאַלע גייסטיקע פּאָזיציעס, דאַן טרעט אַריין דער קדוש־השם אין זיין נאַציאָנאַלן מאָמענט, ווען יעדער איד איז מחויב ניט נאָכצוגעבן די שונאים, ניט צו שפּילן מיט זיי קיין „אָפּיזמענט פּאָליטיק״ און ניט מוותר זיין אפילו אויף די ג ר י נ ג ס ט ע פון די ג ר י נ ג ס ט ע מצוות...

די גמרא דריקט זיך אויס, אַז בשעת השמד, ווען עס פלאַקערט דער קאַמף צווישן אידנטום און דער פּאַגאַנישער וועלט־מאַכט, דאַן דאַרף זיך אַ איד מוסר־נפש זיין אפילו „על ערקתא דמסאניה״, אויף אַ שוך־בענדל, וואָס דער שונא האָט באַפוילן צו פאַרבינדן לויט אַ געוויסן געזעץ. דאָס מיינט, אַז בשע׳ן קאַמף טאָר דער איד קיין זאַך ניט נאָכגעבן דעם שונא, און עקשנות׳דיק קעמפן פאַר דער פרייהייט זיך אַליין אויסצולעבן לויט זיין געשמאַק און זיין באַגריף...

ווי ווייט אונזערע חכמים האָבן אָפּגעשאַצט דעם קדוש־השם אַלס קאַמפס־מיטל צו דערהאַלטן אונזערע גייסטיקע אוצרות, קען מען זען פון דעם פאָלגנדיקן מאמר:

„תניא, רבי שמעון בן אלעזר אומר: כל מצוה שישראל מסרו עצמם עליה למיתה בשעת גזרת המלכות, כגון עבודה זרה ומילה, עדיין היא מוחזקת בידם״ — מיר האָבן געלערנט אין אַ ברייתא, ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט: יעדע מצוה, וואָס אידן האָבן זיך געלאָזט טויטן איבער איר, אין דער צייט פון רעגירונגס־גזרות, ווי געצנדינסט און מילה, האַלט זי זיך נאָך טאַקע ביי זיי, און די מצוות וואָס זיי האָבן זיך ניט געלאָזט טויטן אויף זיי, ווי תפילין, איז זי טאַקע שוואַך אין זייערע הענט (שבת ק״ל)...

**
*

און איצט שטייען מיר ווידער אין אַ מלחמה און ווידער ווערן מיר גערופן צו קעמפן על קדוש־השם!...

ווארום מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז בעת דער ציל פון די בלוטיקע היט־לערס און מוסאָליניס איז צו פאַרשקלאַפן די גאַנצן מענשהייט, איז אָבער זייער קאַמף געריכטעט דירעקט קעגן דעם אידנטום און זיינע אידעאַלן.

אמת, מיר האָבן פאַרבינדעטע אין דעם קאַמף און שותפים, וואָס טיילן זיך מיט אונז היינט אין דער פּריווילעגיע פון קדוש־השם . . . מיר געפינען זיי אין ענגלאַנד, די צעשאָסענע און אויפגעריסענע מענער, פרויען און קינדער, וועמעס יורשים האַלטן־אָן דעם מוט און דעם גלויבן אין דעם ענדלעכן נצחון. מיר וועלן היינט געפינען אין איראָפּע פילע קדוש־השם־העלדן און קעמפער פאַר מענשלעכער פרייהייט, וועלכע זיינען פאַרפייניקט געוואָרן און געשטאָרבן, ווי קדושים, דורך די רוצח׳ישע הענט פון בלוטיקע טיראַנען און דעספּאָטן . . .

מיר האָבן אויך ליכטיקע גייסטער און בראַווע קעמפער פאַר מענשלעכער קולטור און פרייהייט אין אונזער פרייען, געבענשטן לאַנד, וועלכע זיינען גרייט צו מאָביליזירן אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, אפילו זייערע לעבנס, פאַר דעם קאַמף קעגן די וועלט־גענגסטערס —

איז דאָך אויפגעגאַנגען אַ גרויס ליכט פון דעם אידנטום און האָט אַריינגעלויכטן אין דעם לעבן פון אַ טייל פון דער ניט־אידישער וועלט, מעגן מיר זיכער זיין, אַז קוים קעמפן אונזערע מעכטיקע מלחמה־שותפים מיט דעם גלויבן און אַנטשלאָסנקייט פון דעם אידישן קדוש־השם, איז דער זיג פון דער פרייער מענשלעכער קולטור פאַרזיכערט, ווייל די עקזיסטענץ פון אידישן פאָלק האָט באַוויזן, אַז קדוש־השם איז שטאַרקער ווי אַלע באַוואָפנטע אַרמייען מיט זייערע טייוולשע מלחמה־מאַשינען . . .

# בהר

## דער רעליגיעז־עטישער סאָציאַליזם פון דער תורה אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אין זיין גאַנצער פּראַכט דורך די דינים פון שמיטה און יובל

„בהר סיני" — מה ענין שמיטה לענין הר סיני? והלא כל המצוות. נאמרו בהר סיני — אלא מה שמיטה נאמרו כללותיה ודקדוקיה מהר סיני, אף כולן נאמרו כללותיהן ודקדוקיהן מסיני . . .

(תורת כהנים, ילקוט שמעוני).

„שבת לד' " — תניא, כשם שנאמר „שבת לד' " בשבת בראשית כך נאמר „שבת לד' " בשביעית.

(תורת כהנים).

„אמר הקדוש ברוך הוא לישראל: זרעו שש והשמיטו שבע, כדי שתדעו שהארץ שלי היא".

(סנהדרין ל"ט).

„וקראתם דרור בארץ לכל יושבית" — תניא, אין דרור אלא לשון חירות. אמר ר' יהודה מהו לשון דרור? כמדייר כי דיירא ומוביל סחורה בכל מדינה . . .

(ראש השנה ט').

„יובל היא" — לשון יובל יורה על שררה וחירות, והוא משרש בלל, כמו בללות בשמן, ענין תערובות, כי בשנת היובל יש בלבול ועירוב רשויות . . . והיה הקונה כמוכר, כעבד כאדונו וכשפחה כגבירתה, חירות אחת ורשות אחת לכולם . . .

(הכתב והקבלה).

לאַנד און פרייהייט — די צוויי געבענשטע מתנות, וואָס גאָט האָט אָוועקגעגעבן די מענשן פאַר זייער לעבנס־גליק אויף דער ערד, און זיי, די מענשן, האָבן זיך נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג ניט געקענט איינטיילן מיט זיי . . .

לאַנד און פרייהייט — די צוויי זאַכן, צו וועלכע יעדער מענש און יעדעס פאָלק איז באַרעכטיקט, און פאַר וועלכע מענשן און פעלקער קעמפן אויף טויט און לעבן, זיינט דער מענשלעכער עגאָאיזם האָט גענומען אויפבלאָזן זיין שטיקל א י ך און אויסברייטערן די גרעניצן פון מ יי ן אויפן חשבון פון ד יי ן . . .

יעדער מענש מוז האָבן אַ שטיקל באָדן אונטער זיינע פיס, וואָס ער זאָל קענען רופן זיין היים.

יעדער מענש איז באַרעכטיקט צו האָבן אַ שטיקל פעלד, וואָס ער זאָל קענען באַאַרבעטן צו מאַכן אַ לעבן פאַר זיך און זיין פאַמיליע.

און אין יעדן לאַנד איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען, ווען נאָר די שטאַרקע און די מעכטיקע וואָלטן ניט פאַרכאַפּט מער ווי זיי באַדאַרפן פאַר זיך, באַשטימענדי גרעניצן פון דעם גרויסן זעלבסטזיכטיק מ יי ן און ד יי ן . . .

אַזוי זיינען די מערסטע מענשן אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייער ג—ט־געגעבן רעכט אויף לאַנד, און כדי צו דערהאַלטן דאָס לעבן, האָבן די אַרויסגע־שטויסענע און די באַרויבטע געמוזט זיך פאַרקויפן פאַר קנעכט ביי די רייכע גוט־באַזיצער, מאַכנדיק זיי נאָך רייכער און מעכטיקער. דער קליינער, אַרומגעשניטענער גוט־באַזיצער, ניט קענענדיק מאַכן אַ לעבן פון זיין שטיקל נחלה, איז געווען גע־צוואונגען עס צו פאַרקויפן צו דעם רייכן לאַנד־אייגנטימער, אָדער זוכן צו קריגן ביי אים אַ הלואה מיט הויט־שינדערישן פּראָצענט, פאַרזעצנדיק אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און דער פּועל יוצא איז געווען, וואָס צום סוף איז ער מיט זיין פאַמיליע געוואָרן פאַרשקלאַפט צו די רייכע גוט־באַזיצער און צו די וואוכערער . . .

און אַזוי אַרום זיינען אַנטשטאַנען באַזונדערע קלאַסן מיט באַזונדערע עקאָ־נאָמישע אינטערעסן, וועלכע האָבן געפירט אַ קאַמף צווישן זיך אין זייער אייגן לאַנד.

עס איז אַנטשטאַנען אַ קאַמף צווישן די „האָבער" און די „ניט־האָבער", ווי מיר רופן עס היינט.

דעמזעלביקן ג—טלאָזן ספּעקטאַקל פון מענשלעכער געפאַלנקייט און וויל־דער אומדערזעטלעכקייט האָט זיך אָפּגעשפּילט אויך אין דעם לעבן פון דער אינ־טערנאַציאָנאַלער פעלקער־משפחה . . .

מאַנכע פעלקער זיינען רייך און מעכטיק געוואָרן אויפן חשבון פון די שוואַכע. מלחמות זיינען געפירט געוואָרן פאַר ניט־נויטיקע אויסגעברייטערטע גרע־ניצן, צו מאַכן רייכער די רייכע און מעכטיקער די מעכטיקע.

און מענשן האָבן פאַרגעסן, אַז זיי זיינען ניט די בעלי־בתים איבער דער ערד . . . אַז זיי זיינען בלויז איינוואוינער און צייטווייליקע שכנים ביי דעם אמת'ן בעל־הבית פון דער וועלט . . .

און אַנשטאַט דער מענשלעכער גייסט זאָל אַוועקגיין אין דער ריכטונג פון פּראָגרעס און יושר און פירן צו ליכט און פרייהייט, איז דער מענשלעכער געניוס אַוועק אויף די פינסטערן הינטער־געסלעך, וואָס פירן, דורך מלחמות און שקלאַפעריי, צו דער אונטערוועלט . . .

מלחמות זיינען באַזונגען געוואָרן אַלס די העכסטע טוגנט. מלחמה־העלדן און קריגס־פירער זיינען פאַרגעטערט געוואָרן, און די מענשלעכע קולטור איז, מיט קליינע אויסנאַמען, געוואָרן אַן אונטערוועלט־קולטור . . .

און פונקט ווי די אויבערשטע קלאַסן האָבן געזוכט צביעות׳דיק צו באַ־רעכטיקן זייער מאָרד־ און רויב־פּאָליטיק קעגנאיבער די אָרימערע און שוואַכערע, מיט דער באַהויפּטונג, אַז דאָס איז, כלומרשט, אַזוי דער ווילן פון דער השגחה; אַז זיי נויטיקן זיך אין וואָס מער לאַנד און רייכטום, ווייל דער גורל האָט זיי אויסגע־קליבן צו זיין די הערשער און פירער פון פאָלק, אַזוי האָבן זיך פעלקער געגומען איינריידן, אַז זיי זיינען די „אויבערשטע פון שטויסל״, אַז זיי זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון דער השגחה צו זיין דאָס „הערן־פאָלק״ פון דער ערד, און אַלע פעלקער דאַרפן צו זיי דינען . . .

פאַרגעסנדיק, אַז ג—ט האָט באַשאַפן די וועלט פאַר אַלע מענשן, האָבן די פּאַגאַנישע פעלקער זיך איינגערעדט, אַז זיי נויטיקן זיך אין וואָס מער „לעבנס־רוים״ און, כדי דאָס צו דערגרייכן, מעגן זיי צורויבן דעם לעבנס־רוים פון אַנדערע שוואַכערע פעלקער . . .

און כדי דאָס אידיש פאָלק זאָל ניט אַריינפאַלן אין דעם זומפּ פון דער פּאַגאַנישער אונטערוועלט־קולטור, און כדי דאָס אידנטום זאָל זיין אַ „גר לגוים״, וואָס זאָל פירן די פעלקער צו גליק און פרייהייט, האָט די תורה אונז געבענשט מיט דעם געבאָט פון „שביעית״, וואָס אַנטהאַלט די פילאָזאָפיע פון דער גאַנצער אידישער ציוויליזאַציע.

קיינער פון די געזעצן ווערן ניט אַזוי אויספירלעך פאַראָרדנט פון דער תורה, ווי עס ווערט דאָס שמיטה־געזעץ אין דער סדרה „בהר״, וואָס גייט אָפט צוזאַמען מיט „בחקותי״.

אַרויסגייענדיק פון דעם שמיטה־ און יובל־געזעץ, גייט אָוועק די סדרה מיט אַ רייהע פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן צו טאָן מיט געזעלשאַפטלעכע אינסטיטו־ציעס, מיט האַנדל, מיט הלוואות, מקח וממכר, „מאָרטגעדזשעס״ און די באַהאַנדלונג פון קנעכט.

מ׳זעט, אַלזאָ, אַז דער ענין שמיטה שטראָמט מיט דער ליכטיקער עטישער השפעה, וואָס דאָס אידנטום האָט מקבל געווען ביים באַרג סיני.

דאָס שמיטה־געזעץ, מיט זיינע אויספירלעכע כללים און איינצלהייטן, וואַרפט אַ גרויס ליכט אויף די אַנדערע מצוות, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן מסיני . . .

און דאָס איז דער זין פון דעם מאמר אין תורת כהנים און ילקוט שמעוני, וואָס זאָגט, אַז דעריבער ווערט דערמאָנט דער באַרג סיני ביים ענין שמיטה, ווייל „מה שמיטה נאמרו כללותיה ודקדוקיה מהר סיני, אף כולן נאמרו כללותיהן ודקדו־קיהן מסיני״.

און איצט לאָמיר הערן וואָס די תורה זאָגט:

„און ג—ט האָט גערעדט צו משה׳ן אויפן באַרג סיני אַזוי צו זאָגן:

„רייד צו די קינדער פון ישראל און זאָלסט זאָגן צו זיי:

„אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד, וואָס איך גיב אייך, זאָל דאָס לאַנד רוהען אַ שבת צו ג—ט.

„זעקס יאָר זאָלסטו פאַרזייען דיין פעלד, און זעקס יאָר זאָלסטו אַרומשניידן דיין וויינגאָרטן און איינזאַמלען דעם אַריינטראָג דערפון.

„אָבער אויפן זיבעטן יאָר זאָל זיין אַ שבת פון רואונג פאַרן לאַנד, אַ שבת צו ג—ט. דיין פעלד זאָלסטו ניט פאַרזייען, און דיין וויינגאָרטן זאָלסטו ניט אַרומשניידן.

„דעם נאָכוואוקס פון דיין שניט זאָלסטו ניט שניידן, און די טרויבן פון דיינע ניט־באַשניטענע ווינשטאָקן זאָלסטו ניט אָפּקלייבן; אַ יאָר פון רו זאָל זיין פאַרן לאַנד.

„און די שבת־פּרוכט פון לאַנד זאָל זיין פאַר אייך צו עסן, פאַר דיר און פאַר דיין קנעכט, און פאַר דיין דינסט. און פאַר דיין געדונגענעם, און פאַר דיין איינגעוואָנדערטן, וואָס האַלט זיך אויף ביי דיר; און פאַר דיין בהמה, און פאַר דער חיה וואָס אין דיין לאַנד זאָל זיין איר גאַנצער אַריינטראָג צום עסן" . . .

דאָס איז, אָבער, נאָך ניט אַלץ. דאָס שמיטה־יאָר איז בלויז אַ רינג אין אַ קייט פון זיבן רינגען, וואָס פירן צו דעם יובל־יאָר, אין וועלכן עס ווערט פּראָקלאַמירט פרייהייט אין לאַנד פאַר אַלע זיינע איינוואוינער, און די תורה זאָגט ווייטער:

„און דו זאָלסט אָפּציילן זיבן שבתים־יאָרן; און די טעג פון די זיבן שבתים־יאָרן וועלן דיר זיין ניין און פערציק, דענסמאָל זאָלסטו אַרויסלאָזן אַ שאַלונג פון שופר; אין זיבעטן חודש, אין צענטן טאָג פון חודש, אום יום כפור, זאָלט איר אַרויסלאָזן אַ שופר אין אייער גאַנצן לאַנד.

„און איר זאָלט הייליקן דאָס פופציקסטע יאָר — וקראתם דרור בארץ לכל יושביה — און איר זאָלט אויסרופן אַ פריי־לאָזונג אין לאַנד פאַר אַלע זיינע באַוואוינער — יובל היא — יובל זאָל עס זיין! און איר זאָלט זיך אומקערן איטלעכער צו זיין אייגנטום, און איטלעכער צו זיין משפחה, זאָלט איר אייך אומקערן"...

דאָס מיינט, ווי די תורה לאָזט אונז וויסן ווייטער, לויט דער אויסטייטשונג פון אונזערע חכמים, אַז יעדער וואָס איז געצוואונגען געוואָרן, מחמת אָרימקייט, צו פאַרקויפן זיין נחלה, אָדער זיך אַליין פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט, קריגט צוריק זיין אייגנטום און זיין פרייהייט.

וויל איך דאָ ניט אַריינגיין אין דער פראַגע, צי דער דין פון שמיטה איז אויך היינט חל אין ארץ ישראל. גרויסע רעליגיעזע אויטאָריטעטן זיינען מחולק אין דעם ענין. עס זיינען דאָס רבנים, וואָס זיינען מתיר, און גדולי־התורה, וואָס אסר'ן שביעית אין ארץ ישראל אויך היינט.

די רבנים, וואָס זיינען מתיר, דענקען, אַז אַזוי ווי מיר האָבן היינט ניט קיין יובל־יאָר, פאַלט שוין במילא אַוועק דאָס שמיטה־יאָר, וואָס איז אַן אָרגאַנישער רינג פון דעם יובל־יאָר.

אַנדערע רבנים גייען אַרויס פון דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, אַז אַזוי ווי בנין הארץ איז אַ מצות עשה, פון וועלכער עס הענגט אָפּ דער קיום האומה, מעג מען זיך מקיל זיין מיט דעם איסור שביעית . . .

עס זיינען אָבער דאָ גרויסע רבנים, וואָס האַלטן פון דעם שמיטה־יאָר אויך היינט, און אַ צאָל פרומע קאָלאָניסטן האָבן טאַקע, מיט עטלעכע יאָר צוריק (שנת תרצ״ח), ווען עס איז געווען אַ שמיטה־יאָר, אָוועקגעלייגט די אַרבעט לויט דעם דין פון שביעית.

ניט וואָגנדיק אַריינצוגיין אין היכל פון הלכה בנוגע שמיטה, וואָס געהערט צו אונזערע פוסקים און רבנים, האָב איך מיר דאָך דערלויבט אַריינצובליקן אין דעם ליכטיקן היכל פון אונזערע מאמרי חז״ל וועגן דעם ענין שמיטה ויובל, וואָס אַנטהאַלט די גרויסע סאָציאַלע פילאָזאָפיע פאַר דעם קיום און גליק פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, ווי פון דעם יחיד אין דער געזעלשאַפט . . .

לערנענדיק די ליכטיקע אויסטייטשונגען און דערקלערונגען פון אונזערע חכמים איבער דעם ענין שמיטה ויובל, שטראַלט פאַר אונז אַרויס דער רעליגיעז־עטישער סאָציאַליזם, וואָס איז דער איינציקער, מענש־ און פאָלק־דערלייזנדיקער כח אויף דער וועלט.

עס איז, אָבער, ניט דער היהשער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם, וואָס נערט זיך אויף דעם פגר פון דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אנשויאונג — יענער סאָציאַליזם, וואָס שטיצט זיך אויף דעם בלינדן, איינגהאַרציקן קאַמף אין דער נאַטור און אין דער מענשלעכער געזעלשאַפט, פירט ניט דעם יחיד און ניט די געזעלשאַפט צו עטישקייט און פרייהייט, נאָר פאַרקערט, צו דער ברוטאַליזירונג פון דעם מענשלעכן גייסט און זיין פאַרצערונג . . .

אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס קומט פון קליינלעכע, עגאָאיסטישע אינטערעסן, מעגן זיי זיין קלאַסן־אינטערעסן — באַגלייט פון ווילדע חיה׳שע אינסטינקטן, גענערט פון ברוטאַלע כחות און געשמירט מיט מענשלעכן בלוט — וועט ניט ברענגען די געווינטשטע גאולה, ניט צום יחיד און ניט צום פאָלק, מעג אפילו דאָס פּריוואַט־אייגנטום אָפּגעשאַפט ווערן.

ורוסלאַנד תוכיח . . .

דער ג—טלאָזער סאָציאַליזם, וואָס איז געבויט אויף דעם גראָבן, איינגהאַרציקן נאַציאָנאַליזם, איז אַ זומפּ, אין וועלכן עס קענען זיך פּלאַדיען אַלע פּאַסקודנע חיה׳ס און גיפטיקע שלאַנגען, וואָס פאַרשפּרייטן זייער גיפט איבער דער גאַנצער וועלט.

ודייטשלאַנד תוכיח . . .

איז דאָך דער נאַציזם (נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם) דער בן סורר ומורה פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

איז דאָך דער פּאַשיזם און זיינע מעטאָדן אַן אָפּבילד פון דעם ברוטאַלן קאָמוניזם.

דער אַזוי־גערופענער „וויסנשאַפטלעכער" סאָציאַליזם, וואָס האָט באַטראַכט די ערשטע רעליגיעזע און עטישע סאָציאַליסטן פאַר „אויטאָפּיסטן", האָט זיך היינט אַליין אַרויסגעוויזן פאַר דער גרעסטער אוטאָפּיע . . . און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס עס געפינען זיך שוין היינט סאָציאַליסטישע דענקער, וואָס רופן צוריק צו דעם אַמאָליקן, פאַר־מאַרקסיסטישן „אוטאָפּיסטישן" סאָציאַליזם, וואָס באַרוט אויף יושר און גערעכטיקייט — לויט ווי זיי ווערן געפּריידיקט פון דער אידישער תורה ונבואה.

יושר און גערעכטיקייט קענען, אָבער, ניט באַוועגן מענשלעכע נייגונגען און מעשים כל־זמן זיי קוועלן ניט אַרויס פון דער טיפער עטישער ג—ט־דערקענטעניש.

„כי רק רע לב האדם מנעוריו" —

דער באַגריף פון מ יי ן און ד יי ן איז איינגעוואָרצלט אין דעם מענשלעכן איינגהאַרציקן עגאָאיזם.

דעם מענשנס האַרץ איז זעלבסטזיכטיק און שלעכט, און בלויז דורך דער דינאַמישער ג—ט־דערקענטעניש, אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער, אַ פאָטער פון דער גאַנצער יצירה, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט מיט חסד און רחמים, אַז קיין מענש איז ניט קיין אַבסאָלוטער בעל־הבית אויף זיין אייגנטום, און קיין פאָלק האָט ניט קיין רעכט צו פאַרשליסן די גרעניצן פון זיין לאַנד פאַר פרעמדע און דורכפאָרער — ווייל קיין פאָלק איז ניט קיין אַבסאָלוטער בעל־הבית איבער זיין לאַנד, און עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי מ יי ן און ד יי ן לאַנד — ערשט דאַן, ווען יעדער מענש און יעדעס פאָלק וועט ווערן באַוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ העכערער בעל־הבית, ביי וועמען מיר אַלע זיינען שכנים און צייטווייליקע איינוואוינער — וועט דער מענש לויזער מאַכן די גרעניצן פון מ יי ן און ד יי ן, און ער וועט זיך טיילן מיט זיינע מיטמענשן, וועלכע זיינען ניט אַזוי גליקלעך צו באַזיצן וואָס ער האָט . . .

און פעלקער וועלן דאַן עפענען זייערע גרעניצן פאַר פרעמדע און זיך ניט אַרומצאַמען מיט זייער איינגהאַרציקן, בלינדן עקאָנאָמישן נאַציאָנאַליזם, מיט וויזעס און פאַספּאָרטן פאַר מענשן, און אָפּצאָלונגען מיט טאַריפן פאַר סחורות, וואָס צעטיילן די פעלקער צ ו ו י ש ן זיך און ק ע ג ן זיך . . .

שוין די גמרא האָט דערפילט, אַז וויזעס, פאַספּאָרטן און טאַריפן זיינען די גרעסטע באַשרענקונג פון פרייהייט, און זוכנדיק צו געבן אַ פירוש אויף דעם וואָרט „דרור", זאָגט די גמרא: „אין דרור אלא לשון חירות" . . . די תורה מיינט, אַז מען זאָל צום יובל־יאָר אויסרופן פרייהייט פאַר אַלע איינוואוינער אין לאַנד. זאָגט ר'

יהודה: כמדייר בי דיירא ומוביל סחורה בכל מדינה — רב יהודה גיט דאָ צו, אַז פרייהייט מיינט אויך פרייער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרקער, ווען מענשן מעגן אַרומ־פאָרן וואוהין זיי ווילן און פירן סחורה אין יעדער מדינה אָן טאַריפן (ראש השנה ט׳).

צו אָט דער הויכער מדרגה פון פרייהייט קענען מענשן קומען בלויז דאַן, ווען זיי זיינען באַוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ העכערער בעל־הבית אויף דער וועלט.

ווען די תלמידים האָבן געפרעגט דעם גרויסן אמורא ר׳ אבוהו, וועלכער איז, אגב, געווען אַ גרויסער עשיר: „מאי טעמא דשביעתא?״ — וואָס איז דער טעם פון שמיטה? — האָט ער זיי געענטפערט:

„אמר הקב״ה לישראל: זרעו שש והשמיטו שבע כדי שתדעו שהארץ לי היא״ . . . (סנהדרין ל״ט) — דער הייליקער, געבענטשט איז ער, האָט געזאָגט צו אידן: זייהט זעקס יאָר און פאַרלאָזט דעם זיבעטן יאָר, כדי איר זאָלט וויסן אַז די ערד איז מיינע . . .

און ערשט נאָך זיבן שמיטות, ווען אידן וועלן האָבן אריינגעזאַפּט אין זיך דעם באַוואוסטזיין, אַז זיי זיינען בלויז שכנים אויף זייער לאַנד, ערשט צום פופציקסטן יובל־יאָר, ווען פרייהייט וועט פּראָקלאַמירט ווערן פאַר אַלעמען, וואָס וואוינען אין לאַנד אָן אונטערשייד צווישן בירגער און פרעמדע — ערשט דאַן ווערט אויסגעגליכן צווישן אָרים און רייך, האַר און קנעכט. אַלע האָבן איין רעכט, איין פרייהייט פאַר אַלעמען, ווי דער „הכתב והקבלה״ דערקלערט אַזוי גייסטרייך דאָס וואָרט „יובל״.

„לשון יובל יורה על שררה וחירות והוא משורש בלל״ — דאָס וואָרט יובל וויזט אָן אויף הערשאַפט (פאַר אַלעמען) און פרייהייט און עס שטאַמט פון דעם שורש „בלל״ — אויסמישן — ווארום אין דעם יובל־יאָר איז דאָ אַן אויסמישעניש פון די קלאַסן און די מאַסן . . . „והיה הקונה כמוכר, העבד כאדונו, השפחה כגבירתה — חירות אחת ורשות אחד כולם״ — און עס זאָל זיך אויסגלייכן דער קויפער מיט דעם פאַרקויפער, דער קנעכט מיט זיין בעל־הבית, די דינסט מיט איר האַרינטע — איין פרייהייט און איין מאַכט פאַר אַלעמען . . .

די תורה האָט, אַלזאָ, באַשאַפן דעם יובל־יאָר אַלס אידעאַל, צו וועלכן מענשן און פעלקער זאָלן שטרעבן צו מאַכן דאָס לעבן אַ כולו יובל.

דעריבער איז דאָס יובל־יאָר הייליק ווי דער שבת. די שיינע מתנה, וואָס ג—ט האָט מזכה געווען די אידן, איז געהייליקט געוואָרן אַלס צייכן פון בריאת העולם און „למען ינוח עבדך ואמתך״, אַזוי איז דער שביעית־יאָר אַ שבת־יאָר צו ג—ט — תניא, כשם שנאמר „שבת לד׳״ בשבת בראשית, כך נאמר „שבת לד׳״ בשביעית (תורת כהנים) . . .

און אין דעם זין פון עטישן סאָציאַליזם זאָגט אונז אָן די תורה אין פאַר־בינדונג פון שביעית און יובל:

„והארץ לא תמכר לצמיתות כי לי כל הארץ כי גרים ותושבים אתם עמדי״ — און דאָס לאַנד זאָל ניט פאַרקויפט ווערן אויף אייביק, ווארום מיר געהערט די גאַנצע ערד, און איר זייט בלויז שכנים און צייטווייליקע איינוואוינער ביי מיר . . .

און אין אָט דעם גייסט פון גליק און פרייהייט פאַר דער מענשלעכער געזעלשאַפט, פאַרבאָט די תורה ווייטער דעם פאַלשן האַנדל און וואוכעריי, וואָס איז דער יסוד פון דעם פראָפיט־סיסטעם פון דער היינטיקער אַזוי־גערופענער ציוויליזאַציע . . .

״. . . און אַז דיין ברודער וועט אָרים ווערן און וועט אויסשטרעקן אַ האַנט צו דיר, זאָלסטו אים שטאַרקן! אַ פרעמדן ווי אַן איינגעוואַנדערטן (הערט: אַ פרעמדן און איינגעוואַנדערטן אפילו!) אָדער אַן איינגעזעסענעם, און ער זאָל לעבן מיט דיר.

„נעם ניט פון אים קיין פראָצענט, און זאָלסט מורא האָבן פאַר דיין ג—ט!״...

אָט דאָס איז דער סאָציאַליזם פון אונזער תורה, וואָס דאָס אידיש פאָלק וועט נאָך דאַרפן קנעלן מיט די פעלקער פון דער וועלט, ביז די אמת׳ע גאולה וועט קומען פאַר דער גאַנצער מענשהייט, אָבער ביז דאַן לאָמיר פריער אַליין גיין אין דעם גרויסן באַפרייענדיקן גייסט פון אונזערע שמיטות און יובלות . . .

# בחוקותי

## דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז ניט אָפּהענגיק פון לאַנד, מלוכה און שפּראַך, דעריבער איז ער אייביק און אוניווערסאַל

„אם בחקותי תלכו" — תנו רבנן: אין „אם" אלא לשון תחנונים . . .

(עבודה זרה ה').

„אף אני אעשה זאת לכם" — מידכם היתה זאת, אין הרעה יוצאה מלפני המקום לעולם . . .

(תורת כהנים).

„לא מאסתים ולא געלתים לכלותם — וכי מה נשתייר להם לישראל שלא נגעלו ושלא נמאסו והלא כל מתנות טובות שניתנו להם ניטלו מהם?

(תורת כהנים).

די עקזיסטענץ פונם אידישן פאָלק געהערט צו די זיבן וועלט־רעטענישן, וואָס האָבן באַשעפטיקט, און באַשעפטיקן אויך היינט, די מחות פון סאָציאָלאָגן, פעלקער־פּסיכאָלאָגן און קולטור־היסטאָריקער, וועלכע שטייען פאַרגאַפּט פאַר אָט דעם וואונדער אין דער געשיכטע פון פעלקער און ראַסן — דער מערקווירדיקער לעבנסקרעפטיקער קיום פון אידישן פאָלק אויף דער וועלט, וואָס איז קעגן אַלע סאָציאָלאָגישע „געזעצן" און פעלקער־פּסיכאָלאָגיע . . .

ווי לעבט עס אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, אָן אַן איינהייטלעך־גערעדטער שפּראַך, צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים, אונטער די מורא'דיקסטע רדיפות, שחיטות און פאַרפאָלגונגען, צווישן אַ וועלט מיט שונאים?

וואו ליגט דער סוד פון זיין איבערמענשלעכער גבורה?

ווען, אָבער, מיר מאַכן אַ קולטור־היסטאָרישן פּסיכאָ־אַנאַליז, אַזוי צו זאָגן, פון דער אידישער פאָלקס־נשמה, ווי זי אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אין אַלע אירע אייגנאַרטיקע גייסטיקע אויסשטראַלונגען און פּסיכישע רעאַקציעס, פון איר סאַמע קינדהייט ביז אַלע אירע עליה־ און ירידה־עפּאָכעס פון דער געשיכטע — ווערט אונז קלאָר דער סוד פון דעם אידישן קיום, און דער קוואַל פון נצח ישראל אַנטדעקט זיך פאַר אונז אין זיין גאַנצער פרישער שטראָמיקער אייביקייט . . .

די צרה איז מיט די גויאישע און אויך מאַנכע, פאַרגויאישטע, אידישע „וויסנשאַפטלער", וואָס זיי מעסטן דעם אידישן נאַציאָנאַליזם מיט דער נאַציאָנאַליסטישער מאָס פון אַנדערע פעלקער.

זיי פאַרגעסן, אַז צוטרעטנדיק צו דעם אידישן פאָלקסטום, האָבן זיי צו טאָן מיט אַ נאַציאָנאַל־היסטאָרישער דערשיינונג, וואָס איז איינציק און אַליין אויף דער וועלט . . .

דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז אין זיין עצם מהות ניט דער נאַציאָנאַליזם פון אַנדערע פעלקער.

דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז ניט אָפּהענגיק פון יענע צייטלעכע און פאַרגענגלעכע אַטריבוטן, וואָס איז דאָס סאַמע לעבן און נשמה פון אַלע אַנדערע פעלקער, ווי לאַנד, מלוכה, שפּראַך, מיליטערישער כח וכדומה . . .

דער אידישער נאַציאָנאַליזם האָט זיך פון סאַמע אָנהויב אָן פאַרבונדן מיט דער אייביקייט, מיט ג—ט, וועמען ער האָט אידענטיפיצירט און גלאָריפיצירט מיט גערעכטיקייט . . .

ווען אברהם אבינו האָט זיך איינגעשטעלט ביי ג—ט פאַר סדום און עמורה און אים געפרעגט: „השופט כל הארץ לא יעשה משפט?" — האָט ער געלייגט דעם גרונט־שטיין פאַר דעם היסטאָרישן בנין פון אידנטום, וואָס איז בלויז נאַציאָנאַל אין זיין פאָרם, אָבער אוניווערסאַל אין זיין אינהאַלט . . .

דער אידישער נאַציאָנאַליזם איז ניט אָפּהענגיק פון צייט און רוים . . . לאַנד, שפּראַך, מלוכה, פאָלקס־אָרגאַניזאַציע זיינען טאַקע וויכטיק פאַר דעם פרייען גליקלעכן לעבן פון דער אומה, און מען דאַרף אויך קעמפן פאַר זיי. אָבער, זיי זיינען ניט דער תכלית פון דעם פאָלק, אַזוי ווי עס איז ניט דער תכלית פון דעם יחיד, צו האָבן אַ רייכע הים, שיינע קליידער און עסן און טרינקען וויפל ער וויל און וואָס זיין האַרץ גלוסט . . .

עס איז דאָ אַ העכערער תכלית אין לעבן, און דאָס איז די לויטערע און עטישע ג—ט־ און מענש־באַהעפטונג . . .

דער מענש איז באַשאַפן געוואָרן צו העלפן מתקן זיין די וועלט במלכות שדי . . . ער מוז ברענגען ריינקייט, לויטערקייט, קדושה, גאולה אויף דער וועלט... פאַר אָט דעם דאַרף ער קעמפן. פאַר אָט די אידעאַלן דאַרף ער גיין אויף קדוש השם...

אַזוי האָט זיך דאָס אידיש פאָלק איינגעוואָרצלט מיט זיין גאַנצער נשמה אין דער קאָסמישער אייביקייט.

ארץ ישראל איז טאַקע הייליק. העברעאיש איז „לשון קודש". אַ פריי פאָליטיש לעבן אין ליב און טייער. די אידישע מלוכה איז וויכטיק פאַר דעם אידישן פאָלק. אָבער דאָס איז אַלץ נאָך ניט דער מיטלפּונקט פון אידישן נאַציאָנאַליזם. דער עיקר פון אַלע עיקרים איז ג—ט און זיין תורה . . .

און ווען די נביאים, וועלכע זיינען געווייס געווען הייסע נאַציאָנאַליסטן, און האָבן געליבט זייער פאָלק, לאַנד, שפּראַך און מלוכה מיט דעם גאַנצן פייער פון זייערע

הייליקע הערצער, האָבן געזען, אַז דאָס פֿאָלק איז אַראָפּ פֿון דרך הישר און איז געוואָרן „ככל הגוים״, האָבן זיי געשטורעמט און געדונערט קעגן אים, פֿאָראויסזאָגנדיק דעם חורבן פֿון פֿאָלק און לאַנד, ווייל אויב אידן לעבן ווי אַנדערע פֿעלקער, ווערן זיי דאָך צייטלעך און שטערבלעך ווי אַנדערע פֿעלקער, און מיט זייערע שוואַכע פֿיזישע און פּאָליטישע כחות וועלן זיי דאָך ניט קענען בייקומען די גרויסע אימפּעריעס פֿון אשור, בבל און פּרס . . .

אַ אידישע מלוכה איז וויכטיק, אָבער בלויז פֿאַר אינערלעכער אָרדענונג, פֿאַר דער אָפּהיטונג פֿון געזעץ, אָבער ניט צו פֿירן מלחמות, וואָס איז דער מהות פֿון דער מלוכה ביי אַנדערע פֿעלקער. דער דאָזיקער געדאַנק איז פֿול אין אַלע אגדות פֿון תלמוד און מדרשים, וועלכע האָבן אויסגעטייטשט און פֿאַרטיפֿט דעם מהות פֿון אידישן נאַציאָנאַליזם לויט דער תורה ונבואה. אַמקלאָרסטן ווערט עס אַרויסגעבראַכט אין דער אגדה וועגן די אידן, וואָס האָבן פֿאַרלאַנגט פֿון שמואל הנביא, ער זאָל זיי געבן אַ מלך:

„ר׳ אליעזר אומר זקנים שבדור כהוגן שאלו, שנאמר: תנה לנו מלך ל ש פ ט נ ו, אבל עמי הארץ שבהם קלקלו, שנאמר: והיינו גם אנחנו כ כ ל ה ג ו י י ם ושפטנו מלכנו, ויצא לפנינו ו נ ל ח ם א ת מ ל ח מ ו ת י נ ו״ (סנהדרין ב׳:) — די זקנים פֿון יענעם דור האָבן געהעריק געבעטן, ווייל זיי האָבן געזאָגט: „גיב אונז אַ מלך ער זאָל אונז משפּט׳ן״, אָבער די עם־הארצים צווישן זיי האָבן עס קאַליע געמאַכט, ווייל זיי האָבן געזאָגט: און לאָמיר אויך זיין ווי אַלע פֿעלקער, און זאָל אונז משפּט׳ן אונזער מלך און זאָל ער אַרויסגיין פֿאַר אונז און פֿירן אונזערע מ ל ח מ ו ת . . .

ניט דאָס איז דער צוועק פֿון דער אידישער מלוכה. דאָס אידיש פֿאָלק־לעבן מוז זיין באַזירט אויף גערעכטיקייט און שלום, און אויב דאָס איז ניטאָ, דאַן האָט די אידישע מלוכה ניט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג . . .

די אַנדערע פֿעלקער לעבן און קעמפֿן פֿאַר זייער לאַנד, פֿאַר זייער שפּראַך, פֿאַר זייער מלכות, פֿאַר זייער ערדישער מאַכט, ווייל דאָס איז דער מהות פֿון זייער זעלבסטזיכטיקן, איינגהאַרציקן פּאַטריאָטיזם, און ווען זיי פֿאַרלירן זייער לאַנד און מלוכה, מוזן זיי, אין דעם לויף פֿון יאָרן, אונטערגיין, ווייל זייער נאַציאָנאַליזם טראָגט ניט קיין אייביקעס מיט זיך. זיי ווערן אַסימילירט צווישן די פֿעלקער און גיבן זיך אונטער צו די קולטורן, צווישן וועלכע זיי זיינען געצוואונגען צו לעבן.

ניט אַזוי איז, אָבער, דער מהות פֿון דעם אידישן נאַציאָנאַליזם. ער איז ניט געבונדן צו קיין לאַנד און צו קיין שפּראַך. ער וואוינט אין די אידישע הערצער און גייט־מיט מיט די אידן, ווי די שכינה, אין אַלע זייערע גלות׳ . . .

און ווען די פּרושים, די גייסטיקע אידישע פֿירער, וואָס האָבן אויסגעשמידט דעם אידנטום פֿאַר אַלע דורות, האָבן געזען, אַז דער קאַמף קעגן דער רוימישער אימ־

פעריע איז פאַרלאָרן און די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, ווי מלוכה, לאַנד, שפּראַך שטייען פאַרן אונטערגאַנג, האָט דער גרויסער תנא און פירער, רבי יוחנן בן זכאי, זיך גענומען באַפעסטיקן אונזער טראָגבאַרן, באַוועגנדיקן נאַציאָנאַליזם, וואָס וואָרצלט אין דער אייביקייט — אונזער תורה־קולטור! . . .

זיינען מיר ארויס אינם לאַנגן, פינסטערן, ביטערן גלות און אויף אַלע אונזערע וואַנדערונגען און דערנער־וועגן איז די שכינה מיט אונז מיטגעגאַנגען . . .

מיר האָבן געלעבט אין פאַרשידענע לענדער, גערעדט פאַרשידענע שפּראַכן, אָנגענומען אפילו פאַרשידענע מנהגים, אָבער מיר האָבן „דעם רענדל ניט אויסגעביטן" . . .

מיר זיינען געוואָרן די גייסטיקע אַריסטאָקראַטן פון דער וועלט, וואָס טראָגן מיט זיך אַרום אונזער וועלט־דערלייזנדיקן חלום, דעריבער ווערן מיר היינט אַזוי געהאַסט און פאַרפאָלגט פון די פאַרפירטע פעלקער, וואָס ווערן צעפרעסן פון זייער ווילדן זאָאָלאָגישן נאַציאָנאַליזם . . .

אין די אַלע שווערע און בלוטיקע יאָרן פון אונזער היינטיקן און לעצטן גלות, איז אונזער נאַציאָנאַליזם געגנערט געוואָרן מיט די גייסטיקע און מיסטישע זאַפטן פון דער אייביקייט, געהייליקט געוואָרן מיט דעם בלוט פון אונזערע מאַרטירער און קידוש־השם־העלדן, און געשטאַרקט און דערפרישט געוואָרן פון אונזער האָפענונג און גלויבן אין אונזער ענדלעכן נצחון . . .

מיר האָבן מקבל באהבה געווען אַלע צרות און יסורים אַלס אַ נויטווענדיקע שטראָף פון ג—ט, ווייל מיר האָבן אָפּגענויגט פון דעם אייביקן וועג, וואָס דאַרף אונז פירן צו דערלייזונג . . .

טראָגן מיר טאַקע אין אונזער פאָלקסטום די זאָמען פון דער אייביקייט, אָבער מיר דאַרפן זען, אַז אָט די אייביקייט זאָל ניט פאַרגליווערט ווערן אין אונז. די דאָזיקע ברכה קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קללה, חלילה . . .

ווי צו אַ פאָלק, וואָס איז פאַר'משפט צו פירן אַן אייביק לעבן מיט „והיו חייכם תלואים מנגד"!

דעריבער וואָרנט אונז די תורה, אַז מיר זאָלן זיך ניט פאַרלאָזן אויף זכות אבות, נאָר מיר אַליין, אין יעדן דור, דאַרפן גענערט ווערן מיט דעם גייסט פון דער אידישער אייביקייט און טרינקען פון זיינע פרישע לעבעדיקע קוואַלן — די תורה.

„אם בחקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" — אויב איר וועט גיין (אין די וועגן) פון מיינע געזעצן און וועט אָפּהיטן מיינע געבאָטן און זיי מקיים זיין, וועל איך געבן אייער רעגן אין דער צייט, און די ערד וועט זיין פרוכטבאַר און דער בוים אין פעלד וועט געבן זיין פרוכט. איר וועט האָבן זאַט צו עסן און איר וועט זיצן זיכער אין אייער לאַנד, און איר וועט פירן אַ לעבן פון פרידן און גליק.

ווארום די וועלט איז דאָך געבענשט מיט אַלעם גוטן. די ערד איז דאָך אַ גוטע מאַמע, וואָס האָט געגוג פֿאַר אַלע אירע קינדער. אָבער די מענשן זיינען שלעכטע, פֿאַרדאָרבן און איינגעהאַרציק. זיי פֿאַרוואַנדלען די וועלט אין אַ גיהנום, און ג—ט, דער מקור הטוב והחסד, וואָרנט און בעט זיך:

„אם בחקותי תלכו" — תנן רבנן: אין אם אלא לשון בקשה, וכן הוא אומר: לו עמי שומע לי כמעט אויביהם אכניע (תהלים פ"א) ואומר (ישעיה מ"ח): לו הקשבת למצותי ויהי כנהר שלומך" (עבודה זרה ה') — דאָס וואָרט א ם איז מער ניט ווי אַ געבעט־אויסדרוק. ווי עס ווערט געזאָגט אין תהלים: הלואי וואָלט מיין פֿאָלק מיר פֿאָלגן, וואָלט איך באַלד אַלע זייערע פֿיינט אונטערטעניק מאַכן, אָדער ווי ישעיה זאָגט: ווען דו נאָר וואָלסט זיך צוהערן צו מיינע געבאָטן, וואָלט דיין פֿרידן פֿליסן ווי דער טייך . . .

דער געדאַנק דערפֿון איז, אַז קעגן אומגערעכטיקייט קען ג—ט אַליין, כביכול, ניט העלפֿן. פֿאַרברעכן מוז האָבן זיינע פֿאָלגן . . .

און דאָס איז דער זין פֿון דער לעגענדע, וואָס דערציילט, אַז די אבות האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַר זייערע קינדער ביי ג—ט, ער זאָל אָפּשטעלן דעם חורבן, און ער האָט געענטפֿערט: „גזרה היא מלפני" — דאָס איז אַ גזרה פֿון מיר, וועלכע איך קען, כביכול, ניט צוריקרופֿן, די פֿעסטע אייזערנע געזעצן פֿון דער נאַטור פֿון „קאָוז" און „עפֿעקט", אָדער פֿון סיבה ומסובב . . .

אונזערע גרויסע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע נביאים, האָבן, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, פֿאָראויסגעזאָגט דעם פּאָליטישן אונטערגאַנג פֿון זייער פֿאָלק, ווייל צדק און יושר איז פֿאַר זיי געווען אַ שטאַרקערער געזעץ, ווי די כחות הטבע, און אויב די אידן האָבן ניט געלעבט מיט דעם געזעץ, מוז דער פּועל יוצא זיין — אונטערגאַנג!

אויב די אידן פֿאַרראָטן זייער גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, ד. ה. ג—ט און זיין תורה — דאַן מוז ג—ט פֿאַרלאָזן זיינע אידן, אָבער די שולד איז ניט אין ג—ט, נאָר אין אונז אַליין:

„אף אני אעשה זאת לכם" — זאָגט דער תורת כהנים: „לכם — מידכם היתה זאת. אין הרעה יוצאה מלפני המקום לעולם, וכן הוא אומר: „מפי עליון לא תצא הרעות, אלא הטוב" — פֿון אייער אייגענער האַנט איז די תוכחה געקומען. וואָרום קיין שלעכטס גייט קיינמאָל ניט אַרויס פֿון דעם אויבערשטן, נאָר גוטס . . .

אָבער איין זאַך איז אונז פֿאַרזיכערט געוואָרן אין אונזערע ערגסטע רדיפֿות און פֿאַרפֿאָלגונגען, און דאָס איז:

„לא מאסתים ולא געלתים לכלותם להפר בריתי אתם" — אין גאַנצן פֿאַר־מיאוס'ן און פֿאַראומווירדיקן דעם אידישן פֿאָלק ביז צו פֿולשטענדיקער פֿאַרלענ־דונג און צעשטערונג פֿון דעם בונט מיט דער אידישער אייביקייט — דאָס וועט ג—ט

ניט דערלאָזן, און דאָס איז אונזער גרויסע טרייסט און האָפענונג פאַר אונזער ליכ־טיקער צוקונפט, ווארום כל זמן מיר לעבן און די ספר־תורה איז נאָך דאָ מיט אונז, וועלן מיר נאָך דורך איר ווערן די טרעגער פון דער וועלט־קולטור, ברענגענדיק אויסלייזונג צו די פעלקער, ווי דער תורת כהנים זאָגט:

„לא מאסתים ולא געלתים לכלותם" — וכי מה נשתייר להם לישראל שלא נגעלו ושלא נמאסו והלא כל מתנות טובות שניתנו להם נטלו מהם? מה נשתייר להם? זה ספר תורה . . . שאם לא היה קיים לישראל לא היו משונים מאומות העולם — אָט די תורה־קולטור איז נאָך אַלץ פאַרבליבן ביי אידן, וואָס מאַכט זייער נאַציאָנאַליזם אַנדערש פון דעם נאַציאָנאַליזם פון די אַנדערע פעלקער, און אין דעם כח ליגט דער אַנזאָג פון דעם אידישן וועלט־משיחיזם — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

# אינהאַלט